א. אוודייענקאָ

# איך האָב ליב

פארלאג „עמעס" ★ מאָסקווע 1934

Printed in USSR Russia

ייִדיש—ע. פֿינבערג
רעדאַקטער פֿון דער איבערזעצונג—מ. ראָזענבליום

Редактор перевода—М. Розенблюм. Оформление, обложка и фронтиспись—М. Погостер. Корректор—А. Биттер.

Сдано в производство 3/VIII—34 г. Подписано к печ. 8/IX—34 г.
Формат бум. 82×110 1/32. 13 1/2 п. л. 37.000 зн. в. л.
Уп. Главлита В—89111. «Эмес« № 55. Тираж 3.000.

Типография изд-ва «Дер Эмес», Москва, Покровка, 9. Зак. № 709

# ערשטער קאַפּיטל

צעצויגנ, נאָגנדיקראָמעטיק האָט זיכ צעזונגענ דער שאַכטע־הודאָק. ער האָט זיכ אַרײַנגעריסנ איג דער קאַזאַרמע אַרײַנ, אויפגעטרייסלט די באַכערישע נאַרעס, אַפ וועלכע ס'זײַנענ צונויפגעשטופּט געשלאָפנ די שאַכטיאָרנ.

ניקאַנאָר האָט אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ, אָנגעשפּאַרט זיכ אַנ עלנבויגנ און אַ סעקונדע זיכ צוגעהערט. ער האָט אַראָפּגעוואָרפנ פונ זיכ די קאָל־דרע, דערשראָקנ געלאָזט זיכ לויפנ צומ ווינקל, ווו אַ האָרבאַטער שאַכ־טיאָר האָט טאָפּנדיק און וואָרטשענדיק פאַרבונדנ די לאַפּטיעס... ניקאַ־נאָר האָט אימ אָנגערירט בײַ אַנ אַקסל, שנעל אַ פרעג געגעבנ:

— שוינ לאַנג הודעט עס?

דער הויקער האָט אַ קוק געטאָנ מיט פאַרשלאָפענע אויגנ, האָט זיכ ווידער אַ נעמ געטאָנ צו די לאַפּטיעס און געענטפערט:

— נע, אָט נאָרוואָס האָט זיכ עס צעוויעט.

ניקאַנאָר האָט זיכ אַ באַרויִקטער געלאָזט גײנ צומ באַק, צונויפגע־לייגט די דלאָניעס, ווי אַ טעצעלע, און אַ שלײַדער געטאָנ ווײַסע וואַ־סערפונקענ איג די אויגנ און איג באָרד אַרײַנ. ער האָט זיכ אָפּגע־ווישט מיטנ ברעג פונעמ לאַנגנ לײַוונטענעמ העמד, פלינק אָנגעטאָנ די לאַפּטיעס, דערנאָכ געלאָזט זיכ גײנ צומ ווײַטנ ווינקל קאַזאַרמע, ווו עס הענגט די איקאָנע — אַ פאַרויכערט הײליקער ברעטל מיטנ בילד פונ אַ פרוי, וואָס איז ענלעכ אַפ אַ ציגײַנערנ.

נאָכ דער טפילע איז ער אַרײַנגעקראָכנ איג אַ ברייט פאַרויסינענ רעקל, אַריבערגעוואָרפנ איבער דער פּלייצע אַ לעדערנ זעקעלע, און

וועלכע די קליינע אויסגעשליפטע „ציינדלעך", וואס בוקן זיך אפט מיט אן אייזערנער פלאש וואסער. ארויסגעשלעפט פון הינטער די נארעס א העקעלע, גייט ער זיך דורך מיט ווארעמע פינגער איבער דער אפגעפאלירטער פלאך פונעם הענטל.

די קאזארמע האט זיך אט ערשט אויפגעכאפט — די צווייגארנדיקע נארעס האבן געסקריפעט. עמעצער האט געגענעצט, עמעצער האט זיך גע־קלאגט, אז מע האט בא אים צוגעגנבעט די שטיוול. ס'האט נאך גע־קרעכצט דער הודאק, נאר ניקאנאר איז שוין געגרייט צו דער ארבעט. ער האט ארויסגענומען פון אונטערן מאטראץ א שטיק ברויט, וואס איז איינגעוויקלט אין אן שמאטקעלע, עס א ווארף געטאן אף דער דלאניע, א ביסל א טראכט געטאן און צעטיילט דאס שטיק ברויט אף דער העלפט. איין העלפט האט ער אראפגעלאזט אין זעקעלע, און דאס צוויי־טע, דאס וואס אין שמאטקעלע, האט ער ווידער אוועקגעלייגט אונטערן מאטראץ. ער האט שוין א שפאן געטאן צו דער טיר, נאר עפעס איבער־געטראכט, אומגעקערט זיך צו די נארעס, ארויסגענומען פון אונטער מא־טראץ דאס שמאטקעלע, באהאלטן עס אין זעקל און שטיל א זאג געגעבן:

— זיי וועלן צושלעפן, די פארשאלטענע.

צורעכט מאכנדיק דאס זעקל און שלינגענדיק די צעקנאטענע ברויט־ברעקלעך, האט ניקאנאר באמערקט, אז דאס ארט אף די נארעס, וווּ ס'איז געשלאפן זיין זון צאסטאף, איז ליידיק. ניקאנאר האט זיך געגלעט די באָרד, מיט שטאלץ א טראכט געטאן:

— נאך פארן הודאק איז ער אוועק, ער סטאראעט זיך! א באכער אן אנטיק!

צו דער שאכטע איז ער געגאנגען שנעל. ער האט געכאפט מיטן העקל. זיך ניט אומגעקוקט, אנגעיאגט די כאווײרים, און נאך זיך בא־גריסט מיט זיי, געאיילט זיך צו פארנעמען דאס ערשטע ארט באם „שטאם".

אז דער דעזשורער האט געגעבן דעם צייכן, מע זאל אראפלאזן די מענטשן, און דער ליפט האט קוויטשענדיק א קלאפ געטאן זיך אין די אייזערנע פויסטן פון די האלטערס, האט ניקאנאר ארויסגעשטרעקט די האנט צום ארייננגאנג און ניט געלאזט עמעצער פון די שאכטיארן זאל דער ערשטער אריין אין ליפט. ער האט פארנומען דאס ערשטע ארט, געוואלט ארויסגיין דער ערשטער, ווען דער ליפט וועט זיך אראפלאזן.

דער קוילנהאקער קאוואל האט, שטופנדיק די כאווײרים ביטרע־בווי־זעקדיק א פרעג געטאן בא ניקאנארן:

— זיידעניו, אָט, לאָמיר זאָגנ, וועסטו די פיס אויסציִענ, וועמענ וועט האָנ די זשעדנעקייט בעיערושע אַחער אַלט נאַרנ, אַשטייגער, אָנקומענ?

ניקאַנאָר שווײַגט, ער באַוועגט בלויז מיט די געדריכטע ברעמענ אונ קראַצט מיטנ אײַזנ פונעמ העקעלע דעמ ליפּט. ער האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אופ די קני. מע סטײַעט אימ ניט די הייב פונעמ ליפּט. ניקאַ־נאָר קוקט ווי סע אנטלויפט פונ אימ די ענגע ווענט פונעמ שאַכטע־ברונעמ, וואָס זײַנענ באַשמירט מיט דעמבענע אײַנפּעסטנ, אונ ער טראַכט, וואָס פאַר א „שלאַגראָויוונ" וועלנ אימ הײַנט די דעסיאַטניקעס געבנ. „זאָל כאָטש אָנקומענ א ווינקעלע אָ ווייבערס, אַ מיילדערס. מע זאָל קענענ א צוואַנציק וואַגאַנדעלעכ אַרויסיאָגנ".

. די ווענט פונעמ ברונעמ אַנטלויפנ שטילער , מע זעט בוילעטער די דערשוויצטע דעמבענע רייעס, איבער וועלכע דער ליפּט גליטשט זיך. מע פילט שוינ דעמ ריעכ פונ פוילנדיקנ האָלצ אונ פונ ערד, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אויסגעטריקנט. ניקאַנאָר האָט זיך אופגעהויבנ, פאַר־שטעלט מיט דער ברייטער פלייצע דעמ דורכגאַנג אונ האָט אופגעהויבנ דעמ פוס. אונ ווי נאָר דער ליפּט האָט זיך א קלאַפּ געטאָנ אינ דער ראַמ, איז ער שוינ אַרויסגעשפּרונגענ אונ געלאָזט זיך לויפנ איבער די גליטשיקע שטיינער פונעמ שאַכטע־הויפ צומ „גאַריאַד"־צימער, צו די דעסיאַטניקעס.

אינמיטנ גאַנג האָט ער אויסגעהערט דעמ נאָמענ פונ זײַנ באַציִרק, אָפּגעזאָגט זיך פונ באַקוועמע שטרעקנ. האָט ער, קעדיי פאַרקירצנ דעמ וועג, געדראַפּעט זיך, איז געקראָכנ, געלאָפנ, זיך אַראָפּגעגליטשט דורכ ווענטיליאַציע־דורכגענגלעכ, דורכ פאַרמאַכטע ברעמסבערג, דורכ אָפּגייג. ער האָט מוירע געהאַט אָנווערנ די טײַערע רעגעס.



אָסטאַפּ איז ניט געשלאָפנ א גאַנצע נאַכט. נעכטנ אינטאַווענט איז געשעענ האָס, וועגנ וואָס ער האָט געטרוימט א גאַנצ יאָר. נאָכ דער אַרבעט, אַז דער טראַוועור (קאַסיר מיט די ציינענע ברילנ) האָט אימ אַרײַנ־גערופנ דעמ כוידעשגעהאַלט איז ער, אָסטאַפּ, צוגעגאַנגענ צומ הויכנ דעסיאַטניק, וואָס מיטנ דינעמ האַלדז, צו בוטילאָטשקינענ, אונ האָט שעמעוודיק א בעט געטאָנ:

— מיקאָלא ניקאָלײַעוויטש, שווער צו לעבנ אָנ כאַווײַרים, עפּשער וועט איר ניט אָפּזאָגנ צו שאַפנ מיט מיר קומפּאַניע?

דער דעסיאַטניק האָט א דריי געטאָנ מיטנ האַלדז, האָט א גלעט

געטאָן דעם האַרבאַטן האָלדז־קנאָפּ און װיכטיק־ערנסט מיט אַ באַס־שטימעלע געענטפֿערט:

— קיין צײַט, טײַערער, האָב איך ניט. כ׳לעב ענג, גילדענער מײַנער. איך קאָן ניט!

— מיקאָלאַ ניקאָלײַעװיטש, זײַט אַזױ גוט, — האָט אָסטאַפּ געבעטן, פֿילנדיק דערבײַ װי סע פֿרירן אים די פֿיס: אָט־אָט װערן צונישט זײַנע לאַנגאָניקע טרוימען:

זײַנע לאַנגאָניקע טרוימען.

— גײן, גילדענער מײַנער, כ׳קאָן בעשומאופֿן ניט, בעשומאופֿן ניט... שטילער. — איך האָב ניט געקאָרגט, כ׳האָב צוגעגרייט אַי בראָנפֿן, אַי ביר און פֿײַן פֿאַרבײַסעכץ. אַף פֿינף קאָרבן.

— ניין, איך קאָן ניט, ס׳איז לאַנג. אָט סײַדן אַף אַ האַלב שאָעלע.

אָסטאַפּ האָט אַן אומגעמוטערטער אָנגעגריפֿן, היציקער און דרײַסטער געמורמלט אים גלײַך אין אויער אַרײַן:

— און אַ מאַטאָנעלע האָב איך פֿאַר אײַך, מיקאָלאַ ניקאָלײַעװיטש.

דער דעסיאַטניק כוטילאָטשקין האָט לײַכט אָפּגעװענדט אין אַ זײַט אַרײַן אָסטאַפּן, האָט אַ װינק געטאָן דעם גוידער, צוגעדריקט מיט די רויטע װיִעס די פֿאַרכעפּלטע אײגעלעך און אַ זאָג געטאָן מיט װערדע:

— זע נאָר, װי ער האָט זיך עס צוגעטשעפּעט, ניט פֿאָטער צו װערן פֿון אים. כאָטש איך קאָן טאַקע ניט, אַף מײַן װאָרט, איך קאָן ניט, נאָר זאָל זײַן אַזוי — קום. ס׳איז נאָר צוליב דיר, גילדענער מײַנער. — דער דעסיאַטניק האָט זיך אומגעקוקט. — נו, דו גײ, איך װעל דיך דערנאָך אָניאָגן. גײ, מאַך אַלץ פֿאַרטיק.

באַגעגנט האָבן זיי זיך הינטער דעם קוסיגעם פֿאָרהענגל, װאָס טײלט אָפּ אײן קאַבינעט פֿונעם צװײטן אין אָגאַנעסאָװס שענק.

אױפֿן טיש האָבן טונקל געגרינט זיך די ביר־פֿלעשער, ס׳האָט זיך פֿאַרטראַכט געהויערט דאָס בראָנפֿן אין װײַסע פֿלעשלעך. אַף אַ בלעכענעם טעלער האָבן צעשטעלט זייערע שפּין־לאַפּקעס די רויטע קרעפּסן, װי זיי װאָלטן געקראָכן צו די טעלער מיט אוגערקעס, מיט פֿלייש, מיט זאַלץ־זופּ. אין די קװאָרטלעך האָט זיך געהויערט װײַסער שוים, אַף יענער זײַט װענטל האָט געקרעכצט אַ באַיאַן, און די פֿעטע שפּאַלירן האָבן געשורשעט טאַראַקאַנעס.

אָסטאַפּ האָט זיך מיט דער ברוסט שטײַף אָנגעשפּאַרט אָן טיש. ס׳האָט זיך בײַ אים געדרייט דער קאָפּ, צי פֿון די בעשעפֿעדיקע און פֿעטע פֿאַרבײַסעכצן, װעלכע ער האָט נאָך קײנמאָל אַף זײַן לעבן ניט

פארזוכט, צו פון די ווערטער, וועלכע ער האט זיך געגרייט זאגן דעם דעסיאטניק.

„ניין, ניט טייקעס — האט אסטאפ געטראכט: — זאל דער מענטש שיקער ווערן, זאל ער אקארשט ווערן פריילעכער, דאן וועל איך זאגן".

און ס'האט ווידער געזאמט דער שוים אין די קווארטלעך, ס'האט געגלאנצט דאס בראנפן. ס'האט געקראקעט דער דעסיאטניק, אסטאפ האט געקוקט בוטילאטשקינען אין מויל אריין. און אז יענער פלעגט אויסזויפן די גלאז, מיט דער לאנגער צונג באלעקן די ליפן, פלעגט אסטאפ קנעכטיש־כניפעדיק אונטערטראגן אויף גאפל א פעניצל אוגער־קע, פלעגט שנעל רייסן די קרעפסענע קלעמער, שיילן די רויטע ליס־קע, צוגרייטן א צארט קרעפסנ־העלדזל, וואס צעגייט זיך זיס אפ די ציין. ער האט געזשאלעוועט, וואס אזויפיל גוטע שפייז וועט אומגע־געסן ווערן פאר איין מאל.

דער דעסיאטניק האט באוועגט מיט די באקנציינער, געגלעט דעם הארבאטן האלדז־קנאפ און איז אלץ שיקערער געווארן. ער האט ארומ־גענומען אסטאפן, געוואלט אים א קוש טאן, איז צוגעפאלן צו זיין ברוסט און געוויינט:

— טייערער, אוי, האב איך חאס לעבן אונדזערס האס טייערע ליב... גיב א בעט, דער באלעבאס זאל באפוילן, מע זאל שפילן „די טשאיעטשקע"... ליב האב איך זי, טייערער.

אסטאפ איז פארשוואונדן. דער באיאן איז אנשוויגן געווארן.

ס'האבן זיך שטארקער צעשוישעט די טאראקאנעס. דער דעסיאט־ניק האט זיך א צי געטאן צו דער פלאש, אראפגעשליידערט מיטן ארבל די טעלער. ס'האט זיך ווידער צעיאָמערט דער באיאן. בוטי־לאטשקין האט אויפגעהערט צוזאמענצונעמען די שטיקלעך גלאז און איז פארשטארט געבליבן אויפן דיל. טרערן האבן גערונען איבער זיין פּאַ־נעם. דער דעסיאטניק האט זיי ניט אפגעווישט.

דאן איז אסטאפ דרייסטער געווארן. ער האט אויפגעהויבן בוטי־לאטשקינען, פארזיכטיק אוועקגעזעצט אים, אפגעווישט דעם דעסיאט־ניקס פּנים און פאנאנדערגעוויקלט פאר אים א פאקעט.

אפ גלאנציק פאפיר זיינען געלעגן טיכלעך פון בונטער זייד, בלוי־אראנזשעווע, ברענענדיקע, ווי איבערגעריפטע פאמידארן. לעבן די טיכלעך — קינדערישע סאנדאלן פון געלן לעדער, שאכטעלעך פּאַ־פּיראסן, טאבעק. אסטאפ האט שטיל־שטיל א גלעט געטאן דאס זייד, א טראכט געטאן:

„א גאַנץ יאָר פֿאַר האַרפּינעס געהיט, זי דערפֿרייען געוואָלט. און די סאַנדאַלן טויגן נעווים פֿאַר קאָזמען. איך גיב עס אַוועק א פּרעמיע"....

ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן אויף א רגע, פֿאַר ראַכמאַנעס. ער האָט צונויפֿגעקוועטשט די מאַטאַנעס אין א קנייטל און אַריינגעדריקט דעם דעסיאַטניק, געזאָגט מילד, בעטנדיק:

— מיקאָלאַ ניקאָלייעוויטש, דער באַלעבאָסטע אַנערער שענק איך... דעם קינד... זאָגט ניט אָפּ...

...דער באַיאַן האָט אַלץ געיאָמערט....

בוטילאָטשקין האָט אָנגעשטאָפּט זיך די קעשענעס מיט מאַטאַנעס.

— מיקאָלאַ ניקאָלייעוויטש, — האָט אַסטאַפּ געשמאָלט, — א פּראָפּעסיע וויל איך. אַחדנט עס איין. האָס גאַנצע לעבן וועל איך אייך דאַנקען.

— טייערער מיינער! א פּראָפּעסיע? מע קאָן, גילדענער מיינער, כ'וועל איינאָרדענען. ס'טוט מיר ווי דאָס האַרץ פֿאַר אייך. פֿון טרערן ווערט עס נעשוואָלן, דו ביסט ניט דער ערשטער.

— איך וואָלט געוואָלט א טשוהונשטשיק ווערן, מיקאָלאַ...

— א טשוהונשטשיק? מע קאָן, מע קאָן. איך קאָן אַלץ. מאָרגן פֿיר איך דיך אַריבער, איך קרענק האָב פֿאַר אייך, גילדענער.

אַט קומט עס דאָס, אויף וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. אַסטאַפּ קאָן מער ניט איינזיצן אין שענק. ס'ווילט זיך אים אַנטלויפֿן און דערציילן עמעצן וועגן זיין פֿרייד. ער רופֿט דעם קעלנער.

יענער איז אַריינגעשוווּמען, פֿאָכענדיק מיטן סערוועטל, ווי ער וואָלט פֿליגן אָפּגעטריבן.

שוין אויף דער גאַס האָט אַסטאַפּ א טראַכט געטאָן:

„מע וואָלט באַהאַפֿט פֿון די טעלער די שטיקער צונויפֿנעמען, כ'וואָלט אויף א טאָג געקלעקט".

קלינגענדיק מיטן קופֿער, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קאַזאַרמע.

אין קאַזאַרמע איז ער אַרופֿגעקראָכן אויפֿן אויבערשטן שטאָק נאַרעס און זיך איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. ער האָט לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפֿן ווערן, געטראַכט וועגן מאָרגנדיקן טאָג, ווען ער וועט שוין ניט זיין קיין פּראָסטער שוואַרצאַרבעטער, נאָר א טשוהונשטשיק, חערגאָב א דעסיאַטניק, א מייסטער און וועט לעבן אַזוי ווי בוטילאָטשקין. באַ בוטילאָטשקינען — א שטיבל מיט א הויבן

פאַרשן. אַ האָריקער הונט אַפּ אַ קייט. אַ גאָרטן. פאַרהענגלעך אַפּ די פענצטער. די דילן זײַנען געפאַרבט, מיט טעפעכער באַדעקט. קווייטן אין פעסעלעך. אין שאַפע — אַ גראַפיונדעלע מיט בראַנפן און אינ־ווייניק שורייטן אום ליטענע קאָרקעס. אַ מעבלײַע!

„כ׳וועל זיך דערשלאָגן, — האָט אָסטאַפּ געטרוימט, — אָט, אינ־גיכן וועל איך דעם ווײַב אָנשרײַבן, זי זאָל קומען. אַצינד וועט עס מעגלעך זײַן, ס׳וועט קלעקן סכירעס“.

...אָסטאַפּ איז אַלט פינף און צוואַנציק יאָר. האָט ווײַב און דער פינפיאָריקער זון קאָזמע לעבן אין אַ דערפל באַם אַזאָווער יאַם — האָרטן לעבט אויך זײַן מוטער. מיט אַ יאָר צוריק איז אָסטאַפּ געקו־מען צו פאָרן קיין האָרעם־דאָנבאַס מיטן פאָטער — אַ שאַכטיאָר — אַ סעזאָנשטשיק. דער אַלטער אַרבעט דאָ ווינטער, און אַפּ זומער קערט ער זיך אום אַהיים, דלובעט די אַרענדירטע דעסיאַטינע ערד. דאָס גאַנ־צע ווינטער־פאַרדינסט טרײַבט ער אַרײַן אין דער ערד אַרײַן, נאָר ס׳באַקומט זיך דערפון גאָרנישט ניט. אייגן ברויט קלעקט ניקאַנאָרס הויזגעזינד בלויז ביז די ערשטע פרעסטלעך.

דעם לעצטן האַרבסט האָט מען באַשלאָסן, אַז אָסטאַפּ וועט אופ־הערן פאַשען בעהיימעס, וועט אַוועקגיין פאַרדינען צוזאַמען מיטן פאָ־טער, און די פאַמיליע וועט באַטראַקעווען.

ניקאַנאָר האָט אײַנגעהאַנדלט אָסטאַפּן אַרבעטן אַפּ דער דאַמבע פו־נעם מעטאַלורגישן זאַוואָד פון די בעלגיישע אַקציאָנערן. דאָרט האָט אַ שוואַרצאַרבעטער געקאָנט פאַרדינען מער ווי אין דער שאַכטע.

אַנלאַנג פלעגט אָסטאַפּ טשוהונענע שטענגלעך, פלעגט צוקלײַבן דעם סקראַפּ, צוטראָגן זאַמד. אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אויס. דאָס געלט פלעגט ניקאַנאָר צונעמען און באַהאַלטן עס אין זײַנע ברייטע פלו־דערן. איז אַצינד אָסטאַפּן אַ שרעק באַפאַלן. וואָס וועט ער זאָגן דעם פאָטער, אַז יענער וועט אַ פאָדער טאָן דאָס געלט?

אָסטאַפּ האָט אויסגעווישט די טרוקענע ליפּן, זיך אופגעהויבן און באַטראַכט די קאַזאַרמע. זי האָט זיך געצויגן אין דער טיף, ווײַט אין טונקל אַרײַן אַזוי ווי אַ ברייטע גאַס. קיין געשריי פון איין ווינקל האָט מען אין צווייטן ווינקל ניט געקאָנט דערהערן. ס׳האָבן דאָ גע־לעבט די שאַכטיאָרן און מעטאַליסטן, וואָס האָבן קיין פאַמיליעס ניט.

אַראָפּ פון די נאַרעס, האָט אָסטאַפּ זיך געלאָזט גיין צום באַק, באַנעצט דעם הייסן שטערן, אַ שלונג געטאָן וואַסער, דאָס וואַסער איז געווען ביטערלעך. איז ער פאַר אומעט צוריק אַרופגעקראָכן אַפּ די נאַ־

דעמ. ס׳זײַנענ ווידער אָנגעשווומענ געדאַנקענ וועגנ דער נײַער פּראָ־פֿעסיע. האָט ער פֿאַרגעסנ דעמ שענק, דאָס בראַנפֿנ, דאָס געלט אונ די מוירע פֿאַרנ פֿאָטער.

אונ אינדערפֿרי, א היפּשע צײַט פֿאַרנ הודאָק, איז ער ניט אָנטו־ענדיק זיכ — געשלאָפֿנ אינ אָנטאָנ, — ניט ארומוואַשנדיק זיכ אוועק אָפֿנ זאַוואָד.



א טריקעניש.

באַטאָג אונ באַנאַכט ווייעט פֿונ מיזרעכ־זײַט א טרוקענער ווינט. ער טרײַבט אָפּ די וועגנ שטויב, אונטפּלעקט די קאָרנער פֿונ דער צע־טריקנטער ערד ארויס. ער האָט געבראַכט טשאַטעס קראָענ, אונ זיי טראָגנ זיכ איבער די בײַזאַוואָוער סטעפּעס, צעגראָבנ די צעשאַקערטע פֿעלדער, שרײַענ פֿאַרדומפּנ, אומעטיק, אומעטיק. די קראָענ זעצנ זיכ אוועק אָפּ די באַגילדעטע קלויסטער־צילאָמימ, ווי שוואַרצע וואָלקנס דרייענ זיי זיכ איבערנ גלאָקנטורעמ.

שטיל איז אינ די אָפּדערטאַכטנ אינ די זינגעוודיקע, פֿרײַלעכע בײַזאַוואָער כוטערס. מע צינדט ניט אָנ קיינ פֿײַערנ. שטויב באַדעקט די האַרמאָשקעס. בלויז דער ווינט ווערט ניט אנשווייגנ. ער טראָגט זיכ אויכ באַנאַכט איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסנ, שורשעט מיט די שטיקער טשערעפּענע אונ שטרויענע דעכער, וואָס זײַנענ טרוקנ ווי פּולווער.

די מענטשנ צייִלעמענ זיכ אונ זאָגנ:

— גאָט באַהיט, טאָמער א פֿײַערל, וועלנ מיר פֿאַרברענט ווערנ.

דער ווינט, וואָס איז צוגעוואַרעמט געוואָרנ אינ די אַסטראַכאַנער וויסטעס, האָט געקוישט — אויסגעקוישט די יונגע טוווע, האָט טראָפּנ־ווײַז אויסגעזויגנ דאָס לעבנ, אויסגעטריקנט די ברויט־וואָרצלענ. די רוי־ערד האָט זיכ אײַנגעקניטשט, צונויפֿגעצויגנ די ניט־צעטראָטענע ברוסט אירע, זיכ צעשפּאָלטנ אונ הונגעריק געגענעצט מיט טרוקענע ריסנ, וואָס זײַנענ ענלעכ געווענ אָפּ וווּנדנ... פֿאַכער איז באַפֿאַלנ די ערד, די מענטשנ. דער גראָיער קאָוויל, דער טרוקענער פּירײ, דער ווײַס־טרעריקער מאָלאָטשײַ האָבנ זיכ אָנגעקליידט אינ קאָליר פֿונ טרוקענער ערד, זײַנענ גרייט פֿאַרשניטנ ווערנ, שוינ קיינמאָל מער ניט געבוירנ ווערנ.

אינעמ בראַגלאַזנ שטויב איז אויכ פֿאַר קיינ פֿויגלענ קיינ אָרט

ניט געווענ: ניט געדרייט האָבנ זיך מיט געזאַנג קיינ לערכנ, ס'האָבנ ניט געפּאַטשט מיט די פליגל די פּערעפּעלעס און דער ווילדער סטרע־פּעט. אפילע די וואָראָבייטשיקעס זיינענ ניט געשפּרונגענ איבער די וועגנ, זיך ניט געריינעניקט אונטער די טשערעטדעכער. אַלצ איז אַנט־לאָפנ פונ דער שוואַרצער זונ. ס'האָט געטריבנ דער הונגער. נאָר קראָענ האָבנ זיך אַרומגעטראָגנ, געקראַקעט, געפּיקט די קערנער, נאָר זשעדנע טויבנ האָבנ אַרומגעשפּאַנט.

בייזער, שרעקלעכער און נעבעכדיקער פונ אַלעמענ זיינענ געווענ די מענטשנ.

די פאַמיליע פונעם סעזאָנשטשיק ניקאַנאָר האָט געבאַטראַקעוועט בא צופּעליקע באַלעבאַטימ. אָבער איצט האָט יעדער איינער געציטערט איבערנ ברויט, איבער דעמ צעפּריעטנ קאַרטאָפל, — זיינענ איבעריק געוואָרנ די באַטראַקעס.

...אַז ניקאַנאָר האָט זיך אומגעקערט פונ דער אַרבעט, האָט מענ אימ דערלאַנגט א גרויסנ קאָנווערט. ס'האָבנ אימ א ציטער געטאָנ די הענט, ער האָט דערפילט, אַז סע שמעקט מיט עפּעס ניט גוטס.

ער איז צוגעגאַנגענ צומ לאָמפּ, צוגעזעצט זיך אויפנ טאַבורעט און מיט שרעק גענומענ צערייסנ דעמ קאָנווערט. ניט אומזיסט האָט עס אימ הײנט א גאַנצנ טאָג ניט געגליקט אינעמ „שלאָג-אַרויונג". א פּלאַסט איז אימ אָנגעקומענ א שטאַרקער, ער האָט אַלע אָדערנ זיך אונטער־געריסנ און אויסגעאַרבעט האָט ער נאָר 15 וואַגאָנעטקעלעך קוילנ. ניט אומזיסט האָט עס בא אימ די גאַנצע צײט דאָס האַרצ געקלעמט. דאָס ווײב האָט געשריבנ, אַז זי וויל ניט אויסציִענ די פיס אינ פאַרשאָל־טענעמ חאַרפּ. זאָל ער גרייטנ זיך זי באַגעגענענ. אַט איז געקומענ, זיך אונטערגעגאַנוועט דער אומגליק.

ער האָט ניט געהערט ווי ס'איז צו אימ צוגעגאַנגענ דער אײנפּעס־טער דרוזשקאָ, אַרופגעלייגט א האַנט צו אימ אויפנ אַקסל און א פרעג געגעבנ:

— וואָס האָסטו דעמ קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, זיידעניו? ווייניק קוילנ אָנגעדליובעט הײנט? אײַלך זיך ניט, אַלטער, יאָג זיך ניט שטאַרבנ.

עטלעכע מאָל איז צוגעגאַנגענ צו ניקאַנאָרנ אָסטאַפּ, וואָס האָט זיך אומגעקערט פונ דער אַרבעט. אַזוי האָט 'דער זונ ניט געזעענ דעמ פאָטער זינט יענער צײט, ווענ אינ חאַרפּ נאָך, א יאָר פופצנ צוריק, האָט זיך בא זיי דערהונגערנ די קו, די איינציקע בעהיימע, וואָס ניקאַ־נאָר האָט פאַרדינט פאַרנ גאַנצנ לעבנ זײנעמ. דעמאָלט איז דער געלער

ניקאַנאָר, דערשלאָגן פון אומגליק, געפאַלן צו דער ערד און האָט געוויינט, געקלאַפּט זיך מיטן קאָפּ אין דער ערד, געריסן זיך מיט די פינגער. און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט אַ זאָג געטאָן צווישן פאַרצווייפלטן געוויין:

— מיינע שיינע אַצינער אייביק צו קיין סו זיך ניט דערשלאָגן.

מער האָט ניקאַנאָר קיינמאָל ניט געוויינט.

פונקט ווי דעמלט האָט ניקאַנאָר איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט שטיל, צו זיך אַליין, קוקנדיק מיט רויט געוואָרענע אויגן אויפן פינטלענדיקן לאָמפּ.

— הייסט עס, באַשערט האָט גאַנצע לעבן האַקן קוילן, און ניט ווירטעווען.

צו זיין אַקסל האָט זיך שעמעוודיק אונטערגעגאַנווערט אַסטאַפּ, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, דער פאָטער זאָל זיך אומקוקן. ניקאַנאָר איז געזעסן אַ שטיינערנער און אַ פרעמדער. דער זון האָט שטיל אַ ריף געטאָן:

— טאַטע!

ניקאַנאָר האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ טרעשטשע געטאָן מיט די ביינער, אַ כאַפּ געטאָן די מאַרך מיט צוויי זשמעניעס, ווי ער וואָלט וואַסער אויסגעקוועטשט, און אַ זאָג געגעבן צווישן די ציין:

— נישקאָשע!..

ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו אַסטאַפן, אַ פרעג געטאָן:

— געלט האָסטו באַקומען? — און שטילער: — אונדזערע וועלן איינגיכן קומען צו פאָרן, אַ בריוו האָבן זיי צוגעשיקט. אַ סאַך געלט דאַרף מען האָבן...

אַסטאַפּ האָט די נייַס געפּלעט. ער האָט ניט באַוויזן צוטראַכטן קיין טערעץ און האָט אַ ברום געטאָן:

— באַ—קומען.

ער האָט זיך פלינק געלאָזט קריכן אויף די אויבערשטע נאַרעס. ער האָט זיך לאַנג דאָרט געפּאָרעט, דורכגעטרייסלט די זעק, דעם קישן, צוליב עפּעס געקלאַפּט איבער די ברעטער.

און אין ווינקל, אונטער דער באַגאַראַדיצע, איז מיט פולער שטים זיך פאַנאַנגען אַ טאַליאַנקע. ס'האָבן איר אונטערגעזונגען שיכורע קוילעס, ס'האָבן געקלונגען פלעשער, ס'האָט געוויינט די סטרונע פון אַ באַלאַלײַקע.

ניקאַנאָר איז אַרויס פון די קוילים. ער איז אַרופגעקראָכן העלפן

דעם זון. נאָר פּלוצעם האָט ער באַמערקט ווי הריבנע און טרוקנ ס׳קלאַפּן אָסטאַפּס פיס אין די נאַרעס. דאַן האָט ניקאַנאָר פּאָרזיכטיק א נעמ געטאָן אָסטאַפּס האַנט העכער דעם עלנבויגנ, זי צונויפגעדריקט און א פרעג געגעבן:

— אָפּ וואָס, אויסוואָרף, האָסטו דאָס געלט אויסגעבראַכט? נו?

ער האָט דערפילט, ווי סע קײַקלט זיך צו צום האַלדז שיקערער קאַס, ווי סע האָט שטאַרקער קלאַפּן אָנגעהויבן דאָס האַרץ מאַכמעס קראַנקער פריידי: אָט איז ער, ער איז דאָ, יענער, צו וועלכנ מע קאָנ אויסלאָזן די גאַנצע לאַסט פון אומעט און קאַס.

אָסטאַפּ האָט פאַרשטעלט מיט דער הלאַניע די נאָז, ער האָט פאַרנעמנ זײַנע 25 יאָר.

— טאַטע, אָט, כ׳ציילעמ זיך איבער, זאָל איך אַזוי לעבנ. איך האָב עס אויפגעלייגט אָט אַהערצו און צוגעדעקט מיטנ קיישנ. מע האָט עס געוויס צוגעגאַנוועט.

ניקאַנאָר האָט ניט אַרויסלאָזנדיק דעם עלנבויגנ, אָפּ וועלכנ ס׳האָט געפּלאַצט דער אַרבל, א כאַפּ געטאָן אָסטאַפּן באַם קאָלנער, איז יונג אַראָפּגעשפּרונגען פון די נאַרעס און אַראָפּגעשלעפּט דעם זונ אַפּן דיל. ער האָט אימ צונעמקוועטשט מיט דער קני די ברוסט, נאָכמאָל א פרעג געטאָן:

— וווּ איז דאָס געלט?..

— מע האָט עס צוגעגאַנוועט, זאָל איך אַזוי לעבנ, צוגעגאַנוועט, טאַטע...

און דאַן האָט זיך צעשווינדלט דעם געלנ ניקאַנאָרס פויסט. צעוויעט האָט זיך, ווי אַנ אָקס פאַר דער שכיטע, דער געפּײַניקטער אָסטאַפּ. ער האָט איבערגעשריגן די ליידן פון דער טאַליאַנקע, דעם געברומ פון דער ליד.

שיקערע שאַכטיאָרן און מעטאַליסטן האָבן מיט א שטויפּ רינג אַרומגערינגלט דעם פאָטער און זון און האָבן זיך געוואָרטלט, געשפּאָט:

— כעווראַ, זעט נאָר, דער געלער ניקאַנאָר איז שיקער!

— פעטערל, גיב אימ א זעץ אין די ציינ אַרײַנ, און די ציינ אַרײַנ, פעטערל, וועט ער אויפהערן צו אַוויקען.

— אָסטאַפּ, גיב אימ א פיצקע אין פּאָטיליצע אַרײַנ, דעם געלנ שלײַדער אים אַריבער איבערן קאָפּ... עכ, הו, שמירער!

— צענעמט זיי! וואָס רייצט איר זיי אַנ אַזוי ווי די הינט?—דאָס

איינזאמע קאָל האָט מען צעקוועטשט, סע האָט געפּישטשעט ערגעץ אין די הינטערשטע רייען.

ניקאַנאָר האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך אָנגעבויגן צום זון, וואָס אויקעט שטיל, און האָט נאָכאַמאָל א פרעג געגעבן:

— ווו איז חאַם געלט?...

— דעם דעסיאַטניק... אַז ער זאָל... א פּראָכוועסיע.

ניקאַנאָר איז געבליבן שטיין פאַרגליווערט. ער האָט איבערגעכאַזערט חאַם האַזיקע ווונדערלעכע וואָרט, ווי דעם מאָטיוו פון עפּעס א גרויסער ליד.

ניקאַנאָר איז שטיל געבליבן. זיך פאַרטראַכט. זיינע געדאַנקען לויפן שנעל־שנעל. זיי שפּרינגען פון דער פרייד, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען האַרט אין חאַרפּ, צו אָט דעם נייעם האָפענונג־פולן וואָרט „פּראָכוועסיע”.

— פּראָכוועסיע, פּראָכוועסיע!.. — שעפּטשעט ער און בייגט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער צום זון. אָסטאַפּ זעט זיך אין די גרויסע אויגן פונעם פאָטער, וואָס גלאַנצן מיט עפּעס א נייער שיין און ער פאַרגעסט אָנעם ווייטעק.

ניקאַנאָר הייבט שוין אויף דעם זונס קאָפּ, מיט דער מאָזאָליעדי־קער דלאָניע ווישט ער אָפּ זיינע האָר און זאָגט פאַרלוירן, שולדיק:

— וואָלסט אַזוי שוין באַהאַרפּט זאָגן. אָט א טיפּעש, אָט א קאָפּ.

אויסגעגלייכט זיך, האָט ער דערזען די פאַרכידעשטע מענטשן, וואָס פאַרשטייען גאָרניט ניט, און האָט זיך צעאָרנדיק א וואָרף געטאָן אויף זיי:

— וואָס גייט עם 'אייך אָן? וואָס האָט איר די מיילער צעעפנט?

די קאָזאַרמע־איינוווינער האָבן געקענט די קראַפט פון ניקאַנאָרס פויסטן און זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

ניקאַנאָר האָט מיט א נאַס טיכל אָפּגעווישט אָסטאַפּס ברוסט און שטערן און האָט איִם שטילערהייט געמוסערט:

— פאַרוואָס־זשע האָסטו טייקעף ניט געזאָגט?

געשלאָפן זיינען זיי אויף איין בעט. באַנאַכט האָבן זייערע שכניִם געהערט, ווי זיי האָבן וועגן עפּעס היים געשעפּטשעט זיך. דער קוילנהאַקער קאָוואַל האָט אונטערגעכאַפּט בלויז איין וואָרט: „פּראָכוועסיע”. מער האָט ער גאָרניט ניט געקאָנט דערהערן.

## צווייטער קאַפּיטל

זיי זײַנען געקומען צו פֿאָרן, ווען ניקאַנאָר און אָסטאַפּ זײַנען געווען אױף דער אַרבעט. שמעצער האָט זיי אָנגעוויזן דאָס אָרט אױף די נאַרעס, וווּ ס'זײַנען געשלאָפֿן זייערע מענער.

ביז פֿאַרנאַכט־טונקל זײַנען זיי געזעסן אױף די קלומקעס, אין וועלכע ס'האָט זיך אײַנגעלייגט זייער גאַנצע ווירטשאַפֿט. זיי זײַנען געזעסן, ניט שמועסנדיק מיט קיינעם, ניט אויסטוענדיק זיך. בײַ דער שוואַרץ־אויגיקער האַרפּינע האָבן קוימקוים געציטערט די פּוכקע רויטע ליפּן, ווען זי פֿלעגט אַ טראַכט טאָן וועגן דער באַגעגעניש מיט אָסטאַפּן. זי האָט ביגנייִקווע באַטראַכט דעם מאַנס געלעגער, געוואָלט אָנשטויסן זיך, וווּ זײַנען בײַ אים באַהאַלטן יענע מאַטאַנעס, וועגן וועלכע ער האָט איר געשריבן.

די גראָ־ווערנדיקע מאַרינע האָט זיך געשאָקלט אױף די קלומקעס. אונטערגעשפּאַרט מיט דער דלאָניע דעם קאָפּ, האָט זי געטראַכט וועגן דעם נײַעם לעבן. דער אומעט פֿון ניט־פֿאַרווירקלעכטע טרוימען איז פֿון איר ניט אָפּגעטראָטן. פֿערציק יאָר האָט מאַרינע געטרוימט וועגן אַן אײגענער ווירטשאַפֿט, וועגן יענע ווינטערדיקע אָפּדערנאַכטן, ווען מע וועט אין דער „מאַסלאַבױיקע" קלאַפּן סמעטענע פֿון דעם רײַכן געמעלק פֿון די זאַטע קי. מאַרינע פֿאַרמאַכט פֿאַר ווייטיק די אויגן און עס דאַכט זיך, אַז זי דרעמלט.

בלויז קאָזמע, דער גרויס־אויגיקער, דאַרער און שוואַרצער יאָטל, האָט קיין יסורים ניט. ער לויפֿט אַרום איבער דער קאַזאַרמע, קריכט איבער די ליידיקע נאַרעס. שמעצער האָט אים געגעבן אַ שטיק ברויט. האָט ער עס געבראַכט דער מוטער און דער באָבען, עס צעטיילט און איז ווידער אַנטלאָפֿן אין ווײַטן עק אַרײַן.

שפּעט אָפּדערנאַכט זײַנען געקומען די לאַנג דערוואַרטע. פֿאַרבײַגייענדיק אַרומגענומען זיך מיט דער מוטער, האָט אָסטאַפּ אַ וואַרף געטאָן זיך צום ווײַב, אַראָפּגעריסן פֿון איר דאָס טיכל. ס'האָבן זיך צעשאָטן אירע לאַנגע און געדיכטע האָר. זי האָט זיך צעלאַכט, אַ דריי געטאָן מיטן האַלדז. און אַ שוואַרצע גריווע האָט זיך אויסגעשלײַדערט און זיך אונטערטעניק אַוועקגעלייגט אױף די אַקסלען. אין אַ מינוט אַרום האָט שוין האַרפּינע דערציילט וועגן די דאָרף־נײַעס.

ניקאַנאָר איז, פֿאַרבײַסנדיק די ליפּן, פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו די נאַרעס. ער האָט זיך באַגריסט מיט די אייגענע דורך אַ קאָפּ־שאָקל

און זיך פֿאַרנומען מיט קאָזמען. אַ קיצל געטאָן אים מיט דער באָרד, אויסגעשמירט אים. דער קליינער האָט געלאַכט, דער זיידע האָט גע־קוועלט, פֿאַרגאַנגען זיך אין געלעכטער. מאַרינע האָט אָפּגעווישט די פֿרייד־טרערן. אָסטאַפּ האָט געסאָפּעט פֿאַר גליק, און נאָר מאַרינע האָט באַוועגט מיט אַ ווינקל בלוטלאָזע, אָפּגעבלאַקעוועטע ליפּן און פּונקט ווי פֿריִער געשאָקלט זיך, אַ פֿינצטערע. זי האָט שוין לאַנג געהאַט אויסגעוויינט אַלע אירע טרערן.

אַראָפּגעוואַשן פֿון זיך דעם קוילן־שטויב, האָט דער זיידע זיך אוועקגעזעצט לעבן ווײַב, פֿאָרזיכטיק אוועקגעלייגט דעם פֿויסט אויף איר קני און מיט געמאַכטן געלעכטער אַ זאָג געטאָן:

— נו, אַלטע, אַזוי הייסט עס, באַקומט זיך: אַ נײַ לעבן אָנגע־הויבן...

מאַרינע האָט זיך צוגעשפּאַרט צו ניקאַנאָרס אַקסל און האָט אַ ציטער געטאָן מיט דריבנעם ציטער.

... אָפּגעצאַמט האָט זיך דער זיידע מיט זײַן הויזגעזינד אין ווינקל פֿון דער קאַזאַרמע מיט אַ ציצן פֿאָרהענגל. באַגינען פֿלעגן ניקאַנאָר מיט אָסטאַפּן אַוועקגיין אויף דער אַרבעט. צו דער שווייגער און שנור פֿלעגט די גאַנצע קאַזאַרמע צונויפֿטראָגן די גאַטקעס, די העמדער אויסצוואַשן. די פֿרויען האָבן געוואַשן און גערייניקט, זיך געהאָר־בעט, געטרוימט וועגן דער צוקונפֿט.

באַנאַכט פֿלעגן די פּאָרן לאַנג ניט אײַנשלאָפֿן, שעפּטשען זיך.

אָסטאַפּ פֿלעגט אַרונטערלייגן די האַנט אונטער דעם קאָפּ, צע־עפֿענען ברייט די אויגן, דערציילן מאַרינען, וואָס פֿאַר אַ לעבן עס וואַרט אויף זיי, ווען ער וועט ווערן אַ מײַסטער. דאָס יונגע ווײַבל פֿלעגט באַוועגן מיט די וואַרעמע פֿיס, פֿלעגט זיפֿצן.

די אַלטע האָבן געטראַכט וועגן דער געגנוואַרט. ניקאַנאָר האָט גע־רעדט.

— דושנע איז דאָ, קיין לופֿט, קיין ראַכוועס נישטאָ.

מאַרינע פֿלעגט פֿאַרטראַכטערהייט צוגעבן:

— כאָטש עפּעס אַ שטיבעלע.

— און וווּ זאָל מען נעמען געלט? — פֿלעגט דער קוילנהאַקער, ניכטער ווערנדיק, בײַ זיך איבערשלאָגן.

— געלט? און עפּעס וועט דער באַלעבאָס העלפֿן?

— דער באַלעבאָס?.. עפּעס טאַקע אינדערעמעסן. דער באַלע־באָס?.. פֿאַראַן דאָך גוטע מענטשן אויף דער וועלט.

האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע ניקאַנאָרס יאָמטעוודיק אויסגעפּוצט און איז אַוועק צום באַלעבאָס פון דער שאַכטע קאַרל פראַנצאַוויטש ברויט. זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין קאַבינעט, לאַנג, פלײַסיק צוגע־מאַכט הינטער זיך די טיר. ניקאַנאָר האָט געטרײַ אָפּגעווישט דעם שטויב פון באַלעבאָס טיש, געצופּט דאָס היטל און גערעדט, גערעדט, אויסגעדריקט די באַגערן, וועגן וועלכע ער האָט זיך אָנגעטראַכט אין די נעכט פון אַזוי פיל כאַראַשים אינעם אָפּגעצאַמטן ווינקל, הינטערן פאַרהענגל פון דער באַכערשער קאַזאַרמע:

— קאַרל פראַנצאַוויטש, מיר פאַלן צו אײַערע פיס, די גאַנצע פאַמיליע אונדזערע. איך אַרבעט פאַר אײַך ריין, אָן זינד, איז בעט איך אונטערטעניק עפּעס אַן אָרט אָפּ צוטיילן זיך, אַ שטיבל. איך וויל אײַנגאַנצן, מיטן ווײַבל, מיטן זון און מיטן אייניקל, צו אײַך אָפּ דער שאַכטע זיך אַריבערקלײַבן.

קאַרל פראַנצאַוויטש צעבלאָזט זײַן וואָנצן־בערשטל, טרײַבט אַרי־בער מיט די ברייטע נאָזלעכער דעם דופּטיקן רויך, שמורעט שמייכ־לענדיק די רויטע אויגן און ענטפערט ווייכליך:

— ניטאָ קיין קוואַרטיר! ווייניק ערד פּאַראַנען, מענטשן אַ סך. — ער וויל עפּעס צוגעבן, נאָר ער שטעלט זיך אָפּ און וואַרט אַ גנײַגערי־קער, אַן אָנגעשפּיצט־פאַרזיכטיקער.

„ניטאָ קיין קוואַרטיר“ — הערט דער קוילנהאַקער ניקאַנאָר. נאָר ס'דאַכט זיך אים אינעם דײַטשם קאָל, אַז מע דאַרף אים נאָר אַ בעט טאָן, וועט ער טאָן די טובֿה. אים קאָסט עס גאָרניט ניט און ניקאַנאָרן, זײַן מישפּאָכע איז עס אַפּן גאַנצן לעבן אַ סימכע.

ניקאַנאָר האָט זיך דערמאָנט אין דעם הונגעריקן בײַזאַוואָער קאַנט, האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און גענומען קריכן איבערן גלאַנצנדיקן דיל פונעם רויטן קאַבינעט. צונויפגעקאָרטשעט זיך אויפן פילפאַרביקן טע־פּיכל, בעט ער, ווי מע בעט זיך דאָס לעבן אויס:

— קאַרל פראַנצאַוויטש, כאָטש אַ כאַלופּע, כאָטש הוילע שטיינער.

ברויט איז צוגעגאַנגען צום לאַנגן ניקאַנאָרן, וואָס האָט זיך ברייט אויסגעצויגן אויף דער ערד, געהאָלפן אים אויפשטעלן זיך און מוסערנ־דיק אַ זאָג געטאָן:

— ס'אַראַ אָרעמער חום! אָ, איך האָב אַ האַרץ! מירן אײַך העלפן.

ניקאַנאָר האָט באַקומען פון באַלעבאָס אַ דערלויבעניש צו פאַר־נעמען אַ שטיק ערד אויף פוילע רויען און אויסבויען דאָרט אַן ערד־שטיבל.

דער געלער ניקאַנאָר שפּאַנט באַם עק שוועל, גאַרלדיק, מיט אַ הויכן אויפגעהויבענעם קאָפּ. ער שפּאַנט איבער שאַרפן שיפּוי פונעם רוי און דער שאָטן פון זײַן קאָפּ פאַלט אַראָפּ אויפן דנאָ. די הענט הריקן שטאַרק צונויף די שאַרפע לאָפּעטע. ניקאַנאָר שטעלט די פיס ברייט, זשעדנע. ער קוקט נאָך פאָרויס, אין דער פעטער ערד אַרײַן, און אין באַהאַלט זײַנער בליט די פרייד.

נאָך אים גייען נאָך: אַסטאַפּ מיט אַ ברייטער לאָפּעטע — אַ גראַבאַרקע, די אײַנגעבויגענע מאַרינע מיט אַ קלומיק זאַבן און מיט זוויערקרויט אין אַ געלן קרוג.

די פוילע רויען געפינען זיך באַם סאָף שטאָט יאַמאַ. געשטאַנען איז דאָס הילצערנע ליימענע שטעטל־יִשעוול אויף אַ בערגל. אויפן סאַמע שפּיץ בערגל האָבן זיך ראַכוועסדיק צעוואָרפן די הײַזער, די גערטנער פון די פּראָוואַזישע און בעלגישע קאָנצעסיאָנערן, פונעם זאַוואָד־דירעקטער, פון די אינזשעניערן, פון די שאַכטע־פאַרוואַלטערס, פון די שטייגערס, פון די טעכניקער.

פאַר דער זוניקער ריינקייט, פאַר דעם גלאַנץ און פאַר דער פרישקייט האָט מען די דאָזיקע גאַסן אַ נאָמען געגעבן „בלויע קוואַרטאַלן“.

לעבן — די גאַס פון די בוכהאַלטערס, פון די עלטערע אָנגעשטעלטע. נאָך נידעריקער — די קאָנטאָרשטשיקעס און גלאַט אָנגעשטעלטע. און ווײַטער — צום סאַמע רוי צו, הינטער הויכע פּליטן מיט באַמאָלטע טויערן, הינטער קיסייענע פאַרהענגלעך האָבן געוווינט די אוראַלטע יִשעוונייקעס — די שאַכטע־מאַנטיאָרן, די דעסיאַטניקעס.

דרײַסיק שטיק קאָפּעקעדיקע ברעטלעך האָט ברוטאַל געקאָסט די אידיי, וועלכע ס'האָט אים אויפגעגעבן ניקאַנאָר. געווען איז דער דײַטש אַ פלינק און סייכלדיק באַלעבאָס. ער איז געקומען צו פאָרן קיין רוסלאַנד מיט אַ פּיצעלע קאַפּיטאַלעכל. ער האָט זיך געקויפט אַ קליין שאַכטעלע, וווּ מע האָט די קוילן פון הינטער דער ערד געהויבן מיט דער הילף פון פערד. געלעגן איז דאָס שאַכטעלע באַם סאַמע סאָף פונעם יִשעוול „יאַמאַ“, גערופן האָט מען דאָס שאַכטע „פוילע“. אַלס צוגאָב האָט דער דײַטש באַקומען די פּאַרמיסטיקטע פוילע רויען. און אין עטלעכע יאָר אַרום איז פונעם יִשעוול געוואָרן אַ שטאָט, דאָס קליינע זאַוואָדעלע איז געוואָרן דער גרעסטער זאַוואָד אין רוסלאַנד. ס'האָבן זיך פאַרברייטערט די שאַכטעס. מע האָט געגראָבן נײַע, און דעם דײַטשס שאַכטעלע, וואָס איז צו דער דאָזיקער צײַט

געוואָרנ איינע פונ די ערשטע, האָט מענ צוגעקוועטשט צו דער סאמע שטאָט, סאמע צו די פוילע רויענ. ברוט האָט ניט וווהינ צו פאַר=שפּרייטנ זיכ. אַלצ איז פאַרנומענ, באַזעצט. ס'פּוסטעווענ נאָר די ליימ-ערדיקע ערטער.

האָט דער געשעפטלעכער, דרייסטער דײַטש פאַרטראַכט באַפעל-קערנ די רויענ. דאָ האָט זיכ גראָד געמאַכט דער זיידע — האָט דער באַלעבאָס מילד א שלײַדער געטאָנ אימ א נעראָווע: א שטיק ערד אונ טאָלעכע צענדליק ברעטער. ס'איז דאָרט גאָר קיינ ערד ניט געווענ. די ברעגנ האָבנ זיכ געהויבנ הויכ אונ שאַרפּ מעשופּע. די פרילינג-וואַסערנ פלעגנ צעווייקנ די געלע ערד, פאַרוואַנדלענ זי אינ הוילנ, גריבער, אונ אומבאַקוועמ אָרט געווענ, אפילע קיינ גראָז איז ניט געוואַקסנ.

געזעענ האָבנ די פוילע רויענ אויכ מענטשיש בלוט. אָפט פלעגט די פּאָליציי-ליניייקע דורכפאָרנ דורכנ יישעוול אונ סע פלעגט זיכ זענ אַרויסגעטאָרטשעטע בלויע צעטויפנעדרייטע פיס. אַרויספירנ פלעגט מענ פונ די רויענ פאַרבלאָנדזשעטע שיכורימ, באַרויבטע, דערהאַרגעטע, געקוילעטע, פאַרגוואַלדיקטע אונ זעלבסטמערדער.

אונ אומקומאָרט. נאָר דער געלער קוילנהאַקער ניקאַנאָר שפּאַנט באַמ ברעג פונ די רויענ, בייגט ניט דעמ קאָפּ, שטרויכלט זיכ ניט. ער האָט זיכ אויסגעקליבנ א שטיקל ערד פּונקט אקעגנ דער זונ, אויסגעמאָסטנ מיט די פיס א צוואַנציק קוואַדראַט-אַרשינ אונ פּאַ-רייסעקט, פאַרכאַפּט, א שפּאַנ געטאָנ צו מיזרעכ-זײַט, א ריס-אַראָפּ געטאָנ דאָס טשובאַטע היטל, א שטויס געטאָנ אָפּ די קני דעמ איי-גענעמ ברייטפּלייציקנ קערפּער, די זקיינע, אָסטאַפּנ, די שנור. אונ פיר פּאָר הייסע ליפּנ האָבנ זשעדנע א קוש געטאָנ די ערד, האָבנ צוזאַמענ א שעפּטשע געטאָנ:

— גאָטעניו, בענטש.

ניט דערפילט האָבנ זיי די בריִענדיקע ביטערניש פונ ליימערד אונ דעמ רייעכ פונ נעוויילע.—זיי האָבנ אָנגעהויבנ גראָבנ אונ ערד-שטיבל.

ניט געאַרבעט האָט בלויז איינער: ניקאַנאָרס שוואַרצ אונ טרוקנ אייניקל — דער פינפיאָריקער קאָזמא. געפרייט האָט ער זיכ, וואָס מע האָט אימ סאָפּקאָלאָפּ אַרויסגעלאָזט אָפ דער פרײַ. ביז דעמ איז ער גאַנצע טעג געזעסנ אינ באַראַק. דורכנ פאַרשטויבטנ פענצטער האָט ער געזענ בלויז א הויכ בערגעלע, איבער וועלכנ ס'זײַנענ גע-פלויגנ די שאַכטע-וואַגאָנעטקעלעכ.

און איצטער — ס'איז ראַכמאָנעס! קאַזמאַ צעיאָגט זיך איבערן ברעג רוי, לויפט זיך אַראָפּ אין דער סאַמע טיף פונעם שפּאַלט, און אין הייסן באַטאָג ווערט אים קאַלט: די זון שעמט זיך אַרײַנצוקוקן אַהערצו.

קאַזמאַ זוכט דעם וועג צוריק. ער קען זיך דאָ ניט שפּילן. ער בעט די באָבעס אומקערן זיך אין קאַזאַרמע אַרײַן. נאָר די באָבע האָט קיין צײַט ניט אַ קוק צו טאָן אויף אים.

ס'איז לאַנגווײַליק. קאַזמאַ קריכט צום זיידן און פרעגט בײַ אים:

— זיידעניו, צוליב וואָס גראָבט איר עס אַזאַ מין גרויסן קייווער?

ניקאַנאָר האָט זיך אויסגעצויגן, האָט אַ שלײַדער געטאָן די לאָפּעטע. ער האָט מיט שטיינערנע פינגער אַ קלאַפּ געטאָן דעם אייניקל איבער די ליפּן און פאַרטײַענדיק די שרעק, באַפוילן:

— נעם אײַן שטומעניש, הינטל...

זיי גראָבן דאָס ערד־שטיבל. רועדן ניט. ניקאַנאָר שלאָפט קימאַט ניט, ער גראָבט אַזוי, ווי ער וואָלט זיך געראַטעוועט פון אומקומעניש.

אַמאָל נעמט דער זיידע אויף די הענט אַרויף קאַזמען, קיצלט אים מיט דער באָרד די סקולעס און טיילט זיך מיט אים זײַנע געהיימע געדאַנקען:

— קוזקע, עך, וועלן מיר עס אַ לעב טאָן אויפגיכן אויפן נײַעם אָרט!

— איך וויל ניט, זיידעניו, סע שטינקט דאָ...

ניקאַנאָר האָט אַראָפּגעשטופּט דאָס אייניקל פון די קני. במורנע אַ קוק געטאָן נאָכן יינגעלע, וואָס אַנטלויפט, און האָט אַ טראַכט געטאָן:

„ער וואַקסט אַ ווילדער. און דאָס יינגעלע איז ניט אונדזערס. זע נאָר, וויאַזוי ער דרייט עס אויס דעם טרעטער. מע דאַרף אים נעמען אין די הענט אַרײַן".



ערגעץ גאָר ניט ווײַט פון ניקאַנאָרן ציִען זיך די רעלסן פון דער אײַזנבאַן. ס'קלאַפּן דאָרטן טאָג און נאַכט רויטע וואַגאָנעס, פון די טירן קוקן אַרויס געגאָלטע קעפּ פון נאָוואָבראַנצעס. מע פירט זיי אויפן ווײַטן מיזרעך מילכאָמע האַלטן מיט די יאַפּאַנער. אויף דער קליינער סטאַנציע גיסן זיך טאָג און נאַכט טרערן. ס'וויינען די מוטערס, וואָס באַגלייטן זייערע זין, ס'יאָמערן ווײַבער, ס'קלאָגן קינדער.

אויפן זאַוואָד בונטעווען די אַרבעטער. סע שטרײַקט דער וואַלד־

צעכ, דער טרויבנ־צעכ, און ס'הייבט זיך אן אין קאמנע־צעכ. די קאזארמע, וווּ ניקאנאר וווינט, ווייסט ניט פון קיין טאג און פון קיין נאכט.

נאר דער געלער זיידע וויל גארנישט ניט זען. פונקט ווי פריער, אלע פרימארגנ, ס'איז נאך ניט אנשוויגן געוואָרן דער הודאָק, ער לויפט שוין צו דער שאכטע, לאָזט זיך דער ערשטער אראָפ, באקומט דער ערשטער דעם נאריאד באם דעסיאטניק. טראכטנדיק וועגן דעם ערד־שטיבל, פירט ער אפ אין א זייט דעם דעסיאטניק, בעט:

— גאווריל גאווריליטש, טו א טויווע, באשטים א ווינקעלע א זייטס... ס'וועט זיין מאָהאָריטש...

דער דעסיאטניק קנייטשט זיך, הייבט די אקסלען, רעדט פאלש:

— פארשטייסטו מיך, מע טאָר ניט. קארל פראנצאָוויטש באַ־שטראָפט פאר אזעלכע טויוועלעך, נאר כ'קען דיר געבן דעם 15־טן שלאָג־אויוון. אבער זיי ווייסן, מע האָט דאָרט ניט באוויזן איינצופעסטיקן...

— ניעקאָשע, כ'וועל אליין, און קיין שליטעלעך שויט מיר ניט, — האָט זיך ניקאָנאָר דערפרייט. ער האָט ניט געוווּסט, אז באנאכט האָט דער קוילנהאקער קאָוואל, וועלכן מע האָט געשיקט אין 15־טן שלאָג־אויוון אריין, זיך אומגעקערט אין נאריאד־צימער און געמאָלדן:

— דעסיאטניק, מע טאָר דאָרט ניט ארבעטן: די סטעליע בונע־וועט* זי קען נאך פארשיטן. מע דארף פארשטארקן די איינפעסטונג.

— אנדערע מענטשן האָבן געארבעט און דו טאָרסט ניט?

— ניין, דעסיאטניק, באפריי, אין 15־טן בין איך ניט קיין ארבעטער.

— נו, וועסטו גיין אהיים, מיר דארפן ניט האָבן קיין פוסטע־פאסניקעס.

— פארוואס אזוי שטרענג? איך זאָג דאָך דעם עמעס...

— גענוג, — איז דער דעסיאטניק אין כּעס געוואָרן. — כּמעט־רע — האָט ער זיך געווענדט צו די קוילנהאקער, וואָס שטייען שטום־שווייגנדיק ארום אים, וואַרטנדיק אפ א נאריאד, — ווער רופט זיך ארויס צום 15־טן?

די שאכטיארן האָבן געכמורעט די ברעמען און האָבן זיך אויס־

---

* „עס בונעוועט״ — דער קלאנג פונעם שיכט, לויט וועלכן די שאכטיארן שטעל־פעסט די געפאר פון אן איינוואלגער.

געקערעוועט. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך אין 15־טן „זאַבוי" אָפּגעטשעפּעט א טויזנטפּודיקער שיכט־שטיק און האָט צוגעקוועטשט דעם זאַבוישטשיק בראַווקין.

ס'האָט זיך ניט געפונען קיין באַלן אפן 15־טן, נאָר ניקאַנאָר האָט זיך געלאָזט גיין אָן וואַקלעניש. ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז דאָרט א שלעכטע איינפעסטונג, נאָר ער האָט זיך געטרייסט:

„דערפאַר אָבער, ס'אַרא קוילן, מאַמעש רייגע עהד! שיט זיך אַליין, און פאַר קיין איינשיט, אויב נאָר אכטונג געבן, איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. איך וועל דערפילן".

דער דעסיאַטניק, וועלכן ס'האָט דערפרייט דער גוטער סאָף פון־עם סקאַנדאַל, האָט אָנגעקלונגען דעם באַלעבאָס, אַז דער בעסטער קוילנהאַקער פון דער שאַכטע איז אַוועק אַרבעטן אינעם 15־טן. די קוילנהאַקערס האָבן איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן, שאָקלענדיק מיט די קעפּ:

— דער געלער ניקאַנאָר איז אַוועק אין 15־טן.

— א זשעדנער איז ער, דער אַלטער רועך!

— ער וועט זיך דערוואַרגן!

געקומען אין זאַבוי, האָט ניקאַנאָר א קלאַפּ געטאָן אין דאַך, אויסגעפּרוּווט אים. דער דאַך האָט פאַרדומפּן געהודעט.

— סע בונעוועט, גאַרישער קאָפּ, סע בונעוועט! — אויפגעמונטערט דורכן אייגענעם קאָל, האָט ער זיך אויסגעטאָן ביזן גאַרטל, צונויפגעלייגט אַקוראַט דאָס העמדל און דעם פּידזשאַק, צורעכט געמאַכט דאָס העקעלע, דורכגערעוועדירט, צי ציִען ווי ס'דאַרף צו זיין די שליטלעך, האָט א שוואונק געטאָן פון פלאַש דעם האַלדז, זיך איבערגעצייילעמט, קאָסע א קוק געטאָן אפן וויכן און נידעריקן דאַך, צעפּאָכעט זיך און א קלאַפּ געטאָן אין קוילן־פּלאַסט, אַן אויקע געטאָן מאַכמעס געוווינהייט.

דער זיידע קלאַפּט די קוילן און ס'דאַכט זיך אים, אַז דאָס צעגראָבט ער די ערד פון די פוילע הויען, בויט זיין שטיבל.

ניקאַנאָרס אַקסלען דרייען זיך, אַזוי ווי רעדער. דער רוקנביין איז איינגעפאַלן, אַנשטאָט אים—א טיפער גראָבן, און סע רינט אַריין אין גראָבן פונעם קאָפּ, פון די אַקסלען שוואַרצער שווייס; באַהאַלט זיך אויפן הינטערן גאַרטל פון די פּאַרוסינענע הויזן. ניקאַנאָר ווישט זיך ניט אָפּ, רוט ניט אָפּ, בלויז פון צייט צו צייט גיט ער א זופּ פון פלאַש.

ס'ווילט זיך ענדערן די לאַגע, לאָזט ער אַראָפּ דאָס העקעלע און לייגט זיך, ציט אויס די פֿיס, נאָר די פֿיס זײַנען פֿאַרשלאָפֿן, פֿאָלגן ניט.

ניקאַנאָר הריגעט מיט די פֿיאַטעס, רײַבט אונטער די קני, ס'העלפֿט ניט.

ער ווײנט שיר, וואָס ער האָט אָנגעוואָרן אַזויפֿיל טײַערע צײַט.

און פּלוצעם איז שרעקלעך געוואָרן: אויב באַלד וועט זיך אָנ-הייבן אײַנשיטן, וועט ער ניט באַווײַזן אַפֿילע אַ שפּאַן טאָן. דער זייִ-דע האָט אַ ציטער געטאָן. ס'האָבן ביסלעכווײַז גענומען אויפֿוואַכן די פֿיס. ס'איז אים געוואָרן לײַכטער. ער האָט גענומען זוכן פֿון פֿלאַש, נאָר זי איז ליידיק געווען, האָט ער זי מיט פֿאַרדראָס אַ רוק געטאָן אָן אַ זײַט.

ס'האָט זיך געגלוסט טרינקען, די ציין זײַנען פֿאַרשטויבט, ס'איז דרשנע אין האַלדז. דאָס וואַסער איז ווײַט. אַ האַלבע שעה דאַרף מען פֿאַמערן. אַ שאָד די צײַט. ניקאַנאָר קריכט צום פֿײַכטן ווענטל און באַלעקט מיט די טרוקענע ליפּן די ביטערע טראָפּנס, וואָס שמעקן מיט פּולווער.

הינטערן טיר פֿון ווענטיליאַציע-דורכגאַנג פֿײַפֿט און וויעט דער ווינט, אינעם שײַנישן אײַנשיט גריזשען פֿויל האָלץ די ערד-שטשו-רעס, קלאַפּן קלינגענדיקע וואַסער-טערען, וואָס פֿאַלן אָפּן שיכט.

אָנגעהאַקט קופּעס מיט קוילן, שלעפּט ניקאַנאָר דורך דער לאַנגער נאָרע פֿונעם זאַבוי-דורכגענגל דעם שמאָלן קאָמענ-שליטל. אָפּן אַקסל — אַ פֿאַרוסיגענע ליאַמקע, פֿון איר — אַריבער דער ברוסט — אַ גראָ-בער שטריק, וואָס איז צוגעפּעסטיקט מיט אַ רינג צום האָקן פֿונעם שליטעלע.

די ליאַמקע שפּאַרט אַרויס בײַ אים אָפּן האַלדז אַ ברוין-בלויען רינג: די גלעזערנע שפּיקלעך קוילן שנײַדן די הענט.

ניקאַנאָר לײַדט און שווײַגט. ער איז צופֿרידן, וואָס אַרבעטנדיק אָן אַ שליטלער, וועט ער אַרופֿציִען 40 איבעריקע קאָפּעקעס. ער טראַכט וועגן זײַן ערד-שטיבל. די פֿרייד דרייט אים אַ ביסל דעם קאָפּ. ניקאַנאָר גלאַד האָט געלעבט ווי אַ באַטראַק, איז געשלאָפֿן אין קאַמערס, אָפּ פֿורן. און איצטער בויט ער אַן אייגענע שטוב.

אַז ס'קוקט אַרײַן אין די אײַזערנע בונדן פֿונעם קאָפּיאָר דער ערשטער שטערן, וואַרפֿט דער ליפֿט אַרויס ניקאַנאָרן אָפּ דער ערד.

ער שטעלט זיכ אינערגעצ ניט אָפּ, ער אײַלט צו די פוילע רויענ. דאָרטנ גראָבט א גאַנצנ טאָג, ווי א מוילוואָרפ, זײַנ זקיינע. אפּדערניב אָפּגעוואַשנ זיכ, א קײַ געטאָנ ברויט, נעמט ער זיכ ווידעראַמאָל גראָבנ.

אויסגעגראָבנ ניט קיינ גרויסנ קאַטלאָװאַנ, אויסגעפּוצנ די ליים, נעמט ניקאַנאָר א קאָראָמיסלע, צוויי בלעכענע באַקנ אונ לאָזט זיכ צו דער סאַזשלקע. ער פאַרגיסט דעמ קאַטלאָוואַנ מיט וואַסער, אונ דערנאָכ פאַרקאַשערט ער די הויזנ אריבער די קני, וואָס זײַנענ באַוואַקסנ מיט געלע לאָקנדלעכ, הייבט אָנ קנעטנ ליימ פאַר סאַמאַנציגל. קלעפּנדיק זיכ אינ בלאָטע, צעטרעטנדיק די שטיקער, כעזשבנט ער אויס, וויפל באַדאַרפ מענ ציגל אָפ אײַנצופּעסטיקנ די טיר־ראַמ.

בא וועטשערע קוקט ער אָפ די העלע פאַרבאַגינענ־שטערנ אונ רעדט צומ זונ:

— דו האַלט זיכ אָנ א זײַט פונ די בונטאַרשטשיקעס, דו האָסט דאָכ קינדער אונ האָרפּינע, וועסטו האָבנ, שפּאַנט מיט א נײַעמ בויכ ארומ.



אָסטאַפּ פלעגט נאָכ פאַרנ הויאָק קומענ צו דער דאַמנע, פלעגנ סטאַרענ זיכ, ס׳זאָל אימ הערנ דער מײַסטער, דער אינזשעניער. ער פלעגט אויפזוכנ דעמ דעסיאַטניק בוטילאָטשקינ, באַגריסנ זיכ מיט אימ פאַר דער האַנט, ארײַנקוקנ אינ די אויגנ ארײַנ, ריידנ דערבײַ:

— איר קומט צו זיכ, מיקאָלא ניקאָלײַעוויטש? זאָל גאָט העלפנ.

ער פלעגט ארומלויפנ איבערנ גוס־הויפ א שנעלער אונ א גרינגער. מע האָט אימ א נאָמענ געגעבנ „אָל". אָסטאַפּ האָט ניט לאַנג געאַרבעט אילס טשוהונשטשיק. דעמ מײַסטער איז געפעלנ געוואָרנ, ווי דער קורעפּטיקער באָכער, וואָס מיטנ ציעשפּיליעטנ קאָלנער, דרייט איבער אליינ הרודעס טשוהונ, איבער וועלכנ ס׳פלעגנ זיכ געוויינלעכ פּאָרענ עטלעכע מענטשנ. מע האָט אימ אריבערגעפירט פאַר א באַהעלפער צומ האָרנער.

א וואָרפ געטאָנ דעמ ברעכאײַזנ אונ אראָפּגענומענ די הענטשקעס, איז צו אימ צוגעגאַנגענ דער אָנצייניקער האָרנער, וועלכנ אלע האָבנ גערופנ גאַרבוז, אויסגעשטרעקט א וואַרעמע האַנט אונ קוים שמייכלענדיק, אָנ שומ צערעמאָניעס געטאַפּט אָסטאַפּנ העכער פונ עלנבויגנ, געשטופּט אימ דעמ פינגער אינ ברוסט ארײַנ. — א שטײַנ ביסטו, באָכער, אײַזערנע מוסקולנ, — א שאָד, מע וועט דיכ אופּעסנ.

אופרעסנ, היט זיכ. מאָרגנ איז יאָנטעװ, קומ אריַינ צו מיר, אינ מיַינ װינקל אריַינ, טיי טרינקענ.

אפ דער נאכט, נאָכ דער ארבעט, האָט אפ אָסטאפנ צוגעװארט בוטילאָטשקינ און האָט אױכ אױסגעשטרעקט א האנט, באגריסט:

— פיל גליק מיט דער העכערער שטעלע, טיַיערער. איכ פריי זיכ מיט דיַינע דערפאָלגנ. בארג-ארופ האָסטו אָנגעהױבנ גײנ, גילדענער מיַינער, אדאנק מיַינ ליַיכטער האנט. פיַינ, זײער פיַינ. — און ער האָט געװארט, דרײענדיק א קנעפל אפ אָסטאפס רעקל.

אָסטאפ האָט געשװיגנ, זיכ ניט אָנגעשטױסנ. דאנ האָט בוטי-לאָטשקינ א זאָג געטאָנ פאָשעטער:

— היַינט, טיַיערער, קאָנ איכ דיר שאפנ קאָמפאניע.

— קײנ געלט ניטאָ, מיקאָלא...

בוטילאָטשקינ האָט א דריי געטאָנ מיט די אקסל;

— נו, איז װאָס-זשע, טיַיערער, פאר נײנ װעסטו צום געריכט ניט גײנ, ס'װעט אױסקומענ מאָרגנ היכ אורעקשטעלנ פאר א טשוהונטשיק.

— מיקאָלא ניקאָליַיעװיטש...

...באנאכט זיַינענ זײ געװענ אינעמ קיסײענעמ קאבינעט. ס'האָט געיאָמערט די „טשיַיקע". בוטילאָטשקינ האָט געװײנט אפ אָסטאפס ברוסט, ס'האָבנ געשורשעט אונטערנ שפאליר די טאראקאנעס און אפנ טעלער זיַינענ פארגליװערט געלעגנ מיט שרעקלעכ-אױסגעטאר-טשעטע װיַיסע אױגנ די קרעפסנ.

געטרונקענ האָט אָסטאפ, פארצװײפלט אריַינגעגאָסנ אינ זיכ. אױפגעזעצט האָט זיכ אפ זיַינ באק א פליג, האָט ער זי אראָפגעטריבנ, זי איז אראָפגעפלױגנ, נאָר דאכט זיכ, זיכ װידער אױפגעזעצט און גע-נומענ דראפענ. ער האָט נערװעז פארשטעלט דאָס פאָנעמ מיט אנ עק טישטעכ, נאָר צו שטארק א צי געטאָנ דעמ טישטעכ. דאָס געפעס האָט זיכ מיט קלינגעריַי א שאָט געטאָנ פונעמ טיש. די אופגערעגט-קײט אינ אימ האָט זיכ געשטארקט. אָסטאפ טרעפט ניט מיט דער בראנפנ-בולבעניש אינ דער גלאָז אריַינ, כאָטש ער האלט זי לעבנ סא-מע העלדזל פונ פלאש. ער געפינט ניט אפנ טיש די אוגערקעס. ער קלאפט אינ טעלער אריַינ מיטנ פויסט. די שערבלעכ צעשיטנ זיכ. בוטילאָטשקינ נעמט דערשראָקנ ארומ אָסטאפנ:

— טיַיערער, שטילער, שטילער, מע הערט ניט די מוזיק.

אָסטאפ קוקט אפנ האָרבאטנ גװירער און שלאָגט שװיַיגנדיק בו-טילאָטשקינענ אינ האלדז אריַינ.

— שלאָגנ זיכ? שלאָגנ? דעמ נאַטשאַלניק? — האָט זיכ בוטילאַטשקינ צעשריִענ, — שלאָג, טרעט מיט די פיס, טײַערער, דערהפאַר, וואָס איכ האָב א פאַסטעכ פאַר א לײַט געמאַכט, שלאָג, שלאָג, הוגט!

אָסטאַפ האָט זיכ א שאָקל געטאָנ, א טראַכט געטאָנ: „וואָס האָב איכ עס אָנגעאַרבעט?" צוהאַלטנדיק זיכ בא די טישנ, בענקלעכ אונ בא דער טיר, איז ער אַרויסגעגאַנגענ אינ דרויסנ אַרויס. דער ווינט האָט אויפגעהויבנ די האָר, האָט פאַטשנ גענומענ אָפ דער הייסער ברוסט מיטנ קאַלנער פונ העמד, געגומענ אַרויסיאָגנ די שיכרעס.

אָסטאַפ האָט אָנגעהויבנ שפּאַנענ שטילער, געמורמלט פאַרצווייפלט:

— „וואָס־זשע וועט עס איצטער זײַנ? מע וועט אַרויסטרײַבנ, אומבאַדינגט אַרויסטרײַבנ".

ער האָט אומגעבלאָנקעט ביז באַגינענ. ווי נאָר ס'האָט זיכ איבערנ וואַלד אויסגעצויגנ א קוים־באַמערקבאַר בלוי פּאַסיקל, איז ער צוגעגאַנגענ צו בוטילאַטשקינס הויז.

ער האָט שטיל־שטיל אָנגעקלאַפּט — בלויז מיט די נעגל — אינ לאָדנ אַרײַנ. דערהערט א פאַרשלאָפנ קאָל:

— ווער איז דאָרט?

אָסטאַפ האָט געשוויגנ, ניט געוווסט ווי אַזוי אָנצוהייבנ.

— ווער איז דאָרט? — האָט דאָס קאָל אומרויִק איבערגעכאַזערט.

— מיקאָלאַ מיקאָלײַעוויטש, איכ... אומשולדיקונג... שיכער... איכ...

הינטערנ לאָדנ האָט מענ א ביסל געשוויגנ. דערנאָכ האָט דאָס קאָל מיט אומצופרידנקייט געזאָגט:

— אינדערפרי, אינדערפרי, טײַערער.

אינדערפרי האָט גאַרבוז, פאַרבײַגייענדיק לעבנ אָסטאַפּס נאַרעס, דערהערט געוויינ פונ פרויענ, מוסער־רייד. אָסטאַפ איז געזעסנ אָפ די ברעטער, די פיס פאַרוקט הינטער זיכ, דעמ קאָפ באַהאַלטנ אינ די קני. גאַרבוז האָט אימ אָנגערירט באַמ אַקסל.

אָסטאַפ האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפ. ס'האָט זיכ אימ געגלוסט טיילנ זיכ מיט זײַנ אומעט אונ אומגליק. האָט ער אַלצ אויסדערציילט גאַרבוזנ. יענער האָט רויִק אויסגעהערט אונ מיט א זיפצ געזאָגט:

— עכ, באָכער, דו ביסט דענ דער איינציקער? יעדנ נײַ־יִנקנ פאַרדרייט מענ אָט אַזוי־אָ.

דורכגעגאַנגענ דרײַ טעג. מע האָט אָסטאַפנ שטיל אַריבערגערוקט צוריק פאַר א טשוהונשטשיק. ער איז געלאָפנ צומ דירעקטער, נאָר דאָרטנ האָט מענ אימ ניט אופגענומענ.

— וואָס־זשע איז עס פאַר א מין, פריהער מינוּטע? — האָט זיך אָסטאַפּ געקלאָגט.

— געקומען צו גיין דער הארנער גארבוז, האָט זיך אָנגעבויגן און האָט געזאָגט:

— אָט וואָס, באָכער, דאָס הייסט, מע הייבט דיך אָן גריזען..

און אָנגעהויבן האָט דער האָזיקער מענטש זיך אריינקלייבן אין אָסטאַפּס הארץ אריין, אומגעבעטענערהייט אריינגעמישט זיך אין זיינע געדאַנקען, אריינגעמישט זיך אין זיין לעבן.

אַז פונעם שטרייקנדיקן וואַלצ־צעך זיינען געקומען צו גיין דעלע־גאַטן און האָבן געפאָדערט, די דאַמנע־ארבעטער זאָלן וואַרפן די אר־בעט, איז גארבוז צום אַלעם ערשטן צוגעגאנגען צו אָסטאַפּן און האָט באַפוילן:

— וואַרף די ארבעט, פלינק! — און אליין האָט ער זיך געלאָזט לויפן צו די פאָרמאַוושטשיקעס, צו די קאָטאַלן, צו די גאַזאָוושטשיקעס.

„וואַרפן די ארבעט? — האָט אָסטאַפּ געטראַכט. — און וואָס וועלן מיינע קאָזמא, מיינע הארפינע עסן? ניין, איך וועל ניט וואַרפן".

אומגעקערט האָט זיך גארבוז, מיט גוואַלד ארויסגעכאַפּט דעם ברעכ־אייזן, א געם געטאָן אָסטאַפּן בא דער האַנט און אים אוועקגעפירט צום וואַקסנדיקן בינטל דאַמנע־ארבעטער.



זיי האָבן דורכגעשפאַנט, אַן ענג־געדיכטער האַמויג, איבערן זאַ־וואָד, אָן לידער, אָן געשרייען. געקומען אין קאַזארמע אריין. און דאָ האָט גארבוז פארזאַמלט ארום זיך אַלע איינוווינער פון דער קאַזארמע, געשריען:

— מיר שטרייקן, באַוויירים, מיר שטרייקן! מירן ניט גיין, ביז מען וועט אונדז ניט מאַכן פאַר קיין מענטשן, ביז מע וועט ניט אויפ־הערן צו פרעסן אונדז אַזוי ווי אָסטאַפּן.



ניקאַנאָרס שטוב וואַקסט אַלץ העכער און העכער. שוין פיל נעכט שלאָפט ניט ניקאַנאָר, אַוועלט זיך פריבערהיק צו פארענדיקן דאָס ערד־שטיבל, באַגיינען ווערט ער ווידער פארפאַלן אין די פינצטערע זאַבויען.

ס'נעמט ניט קיין מידקייט דעם קערפּער פונעם געלן ניקאַנאָר, ער קלאָגט זיך ניט, ער איז אייקעט גיט, ער איז צוגעוווינט: דאָס גאַנצע

לעבנ זײַנט געדענקט ער אַט אַזוי — אינ דער היימ בײַ זיכ האָט ער געשעמט פאַר אַ גיבער. מ'האָט אימ געקענט פונעמ דאָנ בײַז אַזאָווער יאַמ. אינ שאַכטע פלעגט ער אַרויסקריגנ קוילנ פיר מאָל מער פונעמ דורכשניטלעכנ זאַבוישטשיק, מיט די הענט געריסנ שטיקער פלאַסטנ.

ניקאַנאָר האָט אײַנגעבעטנ דעמ דעסיאַטניק, ער זאָל אימ געבנ דעמ 15־טנ זאַבוי אַפ פולער אויסאַרבעטונג. ער האָט נאָכ קיינמאָל ניט געאַרבעט בײַ אַזעלכע ווייכע קוילנ. גיסטו נאָר אַ קלאַפּ, שיטנ זיי זיכ אַזוי ווי זאַמד, די פערד־טרײַבער באַווײַזנ ניט צושטעלנ קיינ לייִדיקע וואַגאָנעטקעס.

ניקאַנאָר פאַרלענגערט דעמ זאַבוי אַפ עטלעכע מעטער. פאַרפעסטיקנ פאַרפעסטיקט ער זעלטנ. ס'איז אַ שאָד צו פאַטערנ צײַט אַפ הילפּ־אַרבעט, ווענ די קוילנ בעטנ זיכ אַליינ אינ די הענט אַרײַנ. יאָגט, אײַלט ניקאַנאָר.

געקומענ צו גיינ דער דעסיאַטניק, האָט באַטראַכט דעמ זאַבוי פונדערווײַטנס, ניט אײַנגעשטעלט זיכ אַרײַנקוקנ טיפ. ער האָט אַ געשריי געטאָנ צו ניקאַנאָרנ:

— זיידע, מע דאַרפ פאַרפעסטיקנ — אונ איז אַוועק אינ דער פינצטערניש אַרײַנ, פינטלענדיק מיטנ שאַכטיאָרישנ לעמפּל.

ניקאַנאָר האָט אַוועקגעשטעלט עטלעכע שטיצערלעכ, נאָר דאָס איז געווענ ווייניק. אונ אַפדערנאָכט, ווענ ס'האָט שוינ געהאַלטנ באַמ סאָפ אומבײַט, האָט געטראָפנ דאָס, אַפ וואָס ס'האָט זיכ אומרויִק געריכט די שאַכטע.

דער פערד־טרײַבער האָט צוגעיאָגט אַ פאַרטיע וואַגאָנעטקעס. ער האָט געהאַלטנ באַמ אויסשפאַנענ דאָס פערד, ווענ ער האָט דערהערט דאָס קנאַקנ פונ האָלצ — טבילעס אַ פאַמעלעכדיק קנאַקנ, אונ דערנאָכ אַ שנעלס, ווי די שיסערײַ פונ אַ קוילנוואַרפער. דער פערד־טרײַבער האָט זיכ אָנגעשטויסנ, דאָס האָבנ זיכ געבראָכנ די צעקוועטשטע שטיצערס פונ דער אײַנפעסטונג.

דער מענטש אונ דאָס פערד האָבנ באַוויזנ דורכצולויפנ בלויז עטלעכע שפאַנ. ס'האָט זיי איבערגעקערט דער ווינט. אונ פאַלנדיק האָט דער פערד־טרײַבער דערהערט דעמ געשריי פונעמ געלנ ניקאַנאָר.

אינ צוויי טעג אַרומ האָט מענ ניקאַנאָרנ אויסגעגראָבנ, אײַנגעוויקלט אינ אַ פאַרוסינע אונ אַרויסגעטראָגנ אַרופ. מע האָט אימ אַוועקגעלייגט אַפ אַ קופּע גרינקע ברעטלעכ, וואָס האָבנ געשמעקט מיט האָניק אונ מיט וואַלד.

ניקאַנאָר איז געלעגנ, די באָרד פאַריסנ צומ הימל. א פאַרטוויבטע האָט זיכ געסטאַרטשעט, ווי דער עק פונ אנ אָפגעריבענער בארשט. די נאַקעטע ברוסט איז געוואָרנ בלוי, אופגעשוואָלנ. די געדיכטע לאַנגע האָר אָפ דער ברוסט זײַנענ באַוואַקסנ געוואָרנ מיט נאַסנ קוילנ-שטויב...

מיט פאַרקלעמטע פינגער פונ דער אויסגעדאַרטער האַנט האָט ניקאַנאָר צוגעהאַלטנ די הויזנ. אַרומ זײַנענ געשטאַנענ שאַכטיאָרנ. דער שאַכטעפעלדשער האָט זיי געטריבנ:

— צעגייט זיכ, פאַרשטעלט ניט די זונ, צערוקט זיכ! צעגייט זיכ, לאָזט אָפעטעמענ. צו וועמענ רייד איכ עס!

אונטערהינקענדיק אָפ איינ פוס, האַלטנדיק זיכ בא די עקנ טיכל, איז געלאָפנ פונ קאַזאַרמע די אַלטע מאַריגע.

אַז ניקאַנאָר האָט זיכ אופגעכאַפט, האָט ער ניט געקרעכצט, ניט געוויקעט, ער האָט זיכ אונטערגעהויבנ, מיד א גלעט געטאָנ זיכ דעמ רוקנ. געזעסנ הוסטנדיק, שפײַענדיק אָפ די ברעטער, א בלייכער, א דאַרער.

דער פעלדשער האָט געקלאַפט אָנ זײַנע ציינ מיט א קווערטל מילכ. ניקאַנאָר האָט זשעדנע געשלונגענ. דערנאָכ האָט ער אָפגעווענדט דעמ פעלדשערס האַנט, זיכ אופגעהויבנ, און, ניט שאָקלענדיק זיכ, א שפאַנ געטאָנ, שטיל א רופ געטאָנ דאָס ווײַב:

— קומ, מאַריגע.

די שאַכטיאָרנ האָבנ א וואַרע געמאַכט. שטומ שווײַגנדיק, דערשטוינטע האָבנ זיי אימ נאָכגעקוקט. און ס'האָט געדויערט ביז עמעצער האָט זיכ אַנטשלאָסנ א זאָג צו טאָנ:

— אָט א מענטש!..

אַפילע די יונגלעכ האָבנ ניט טייקעפ געלאָזט זיכ לויפנ נאָכ ניקאַנאָרנ. ערשט דאַנ, ווענ ער איז שוינ פאַרשוונדנ הינטערנ שאַכטעטויער, האָבנ זיי אינ גאַלאָפ זיכ א לאָז געטאָנ דעריאָגנ אימ.

אינ דער קאַזאַרמע האָבנ ניקאַנאָרנ אַרומגערינגלט די שטרײַקנדיקע אַרבעטער.

ניקאַנאָר האָט, ליגנדיק אָפ די נאַרעס, כריפעדיק געהוסט און אינ האַלדז זײַנעמ האָט עפעס פײַכט געווילדעוועט. ער האָט מיט דער דלאָניע פאַרשטעלט די ליפנ און שווער געאָטעמט.

גאַרבוז איז פאָרזיכטיק צוגעגאַנגענ צו ניקאַנאָרנ, האָט אַראָפגענומענ פונעמ רעקל, וואָס איז אַרופגעוואָרפנ געווענ אָפ ניקאַנאָרס הוילע אַקסל, א סטרוזשקעלע, האָט עס א הריזע געטאָנ מיט די ציינ, אויסגעשפיגנ און געזאָגט:

— זעט, וואָס דער באַלעבאָס האָט געמאַכט פונ א מענטשנ!

ניקאַנאָר האָט זיכ א ריס געטאָנ אפּ די נאַרעס, האָט פּעסטער א כאַפּ געטאָנ די ברעגנ רעקל.

— ס'איז די זשעדנעקייט, ניט דער באַלעבאָס! — האָט עמעצער ביז א געשריי געטאָנ פונ הינטנ.

— אונ די זשעדנעקייט, פונוואַנענ האָט זיכ בא אים גענומענ?

ניקאַנאָר האָט זיכ אונטערגעהויבנ:

— מענטשנ גוטע, גוואַלדעוועט ניט, איכ וויל אָפּרוענ.

גאַרבוז איז ניט אָפּגעטראָטנ:

— עכ, ניקאַנאָר, זיידעניו, ווי א בלינדער לעבסטו. אַט בויסטו אַנ ערד־שטיבל, וועט דיר רענ אויסקומענ וויגענ אינ דעם האָזיקנ שטיבל?

— נו, דו... — איז ניקאַנאָר אונטערגעשפּרונגענ, צאָרנדיק צעפּאָכעט דעם פויסט.

ער האָט ניט באַוויזנ קיינ זעצ טאָנ, אויסזידלענ זיכ. ס'האָט ראַשנ־דיק א קלאַפּ געטאָנ די טיר אונ אָפּ דער שוועל האָט זיכ גלאַנצנדיק מיט זילבער אונ שפּילנדיק מיט די וואָנצעס, באַוויזנ דער פּריסטאַוו מיט הריי גאָראָדאָוויעס. ס'האָט זיי באַגלייט בוטילאָטשקינ.

זיי זיינענ דורכגעגאַנגענ דורכ דער גאַנצער קאַזאַרמע. בוטילאָטש־קינ האָט טייקעף, ניט פאַרלירנדיק קיינ צייט, אָנגעהויבנ.

— איר רוט זיכ אויס, טייערינקע? זייער פיינ, רוט אָפּ. מאַמעש א גילדענע נוצ האָט דערפונ דער אָרגאַניזמ, יאָ! אונ וואָס וועט זיינ מיטנ זאַוואָד, מיט דער דאָמנע, א? וואָס־זשע וועט זיינ, פרעג איכ? — אַט וואָס, טייערע! ס'האָבנ מיכ געשיקט די כאָשעווע בעלגישע באַלע־באַטימ א פרעג טאָנ: איר וועט גיינ אָפּ דער אַרבעט?

— ניינ, מיר וועלנ ניט גיינ — האָט גאַרבוז געענטפערט.

— דו, טייערער, כאַסמע זיכ ניט פאַר אַלע. אַט, דו, טשוהונשטשיק אָסטאַפּ, גיי מאָרגנ אינדערפרי אַרויס צו דער אַרבעט. מירנ דיכ אַוועק־שטעלנ אַלס געהילפ באַמ האָרנער.

— איר ווילט אים קויפנ? אָסטאַפּ וועט ניט גיינ!

ניקאַנאָר האָט זיכ אופגעהויבנ א דערשטוינטער.

— פאַרוואָס ביסטו עפּעס היינט ניט אָפּ דער אַרבעט? — האָט ער זיכ דראָענדיק געווענדט צו אָסטאַפּנ — דו שטרייקסט? מיט די בונטאָווששטשיקעס זיכ צוגעפּגעקאָמפּאַניעט? — ער האָט זיכ אָנגעבויגנ אַרונטער די נאַרעס, אַרויסגעשלעפּט אָסטאַפּס ברעזענטנ אַרבעט־אָנ־טאָנ, א וואָרפּ געטאָנ אים צו די פיס, באַפוילנ:

— טו זיך אנ! נו! פלינקער! — אונ ער האט זיך צעהוסט, אויס־געקערעוועט.

גארבוז האט מיט די פיס פארוקט דאס אנטאנ צוריק ארונטער די נארעס אונ געזאגט:

— ער וועט אינ ערגעצ ניט גיינ, פעטערל ניקאנאר, אינ ערגעצ ניט!

ער האט זיך אויסגעדרייט צו בוטילאטשקינענ:

— קיינער וועט ניט גיינ.

בוטילאטשקינ האט א קוק געטאנ אפ די רויק־זיצנדיקע סטראזש־ניקעס. ער האט קוימ צו באמערקנ א ווינק געטאנ צו זיי מיטנ קאפ אונ אנגעהויבנ גריפנ אפ גארבוזנ:

— וואס טוסטו עס? בונטעוועסט? רייצט אופ דאס פאלק?

— טשעפע ניט, — האט רויק געבעטנ גארבוז, באפרייענדיק דעמ קאלנער, — טשעפע ניט, איך רייד צו דיר מיט גוטנ.

בוטילאטשקינ האט זיך ניט בארויקט:

— ניינ, דו וועסט אפענטפערנ, טייערער, דו וועסט אונדז א דינ־וועכעזשבנ אפגעבנ, מיט דער פעל דיינער וועסטו דינוועכעזשבנ אפגעבנ.

גארבוז האט פארזיכטיק א ריר געטאנ אימ מיטנ עלנבויגנ, ער האט זיך א שאקל געטאנ. דער קוילנהאקער קאוואל האט זיך צוגע־זעצט, אונטערשטעלנדיק די פלייצע אונ אריבערגעווארפנ דעמ דע־סיאטניק איבער זיך.

ניקאנאר האט אופגעבראכט געשריענ: — וואס טוט איר, פארשאלטענע?

ס'האבנ זיך פאמעלעך אופגעהייבנ די געסט, וואס מיט די וואג־צעס, בוטילאטשקינ איז אופגעשפרונגענ אונ שטופנדיק מיט די פינ־גער צו גארבוזנ, געשריענ:

— בינדנ דעמ בונטאוושטשיק! דארט וועט מענ מיט אימ, דעמ טייעריקנ, א שמועס טאנ.

דער פריסטאוו האט זיך געלאזט צו גארבוזנ. ס'האט אימ אפגע־שטעלט דער שיקערער איינפעקטער דובניאק:

— טרעט אפ, אייער בלאהאראדיע.

ארומ אונ ארומ האט מענ זיך צעלאכט. דעמ פריסטאווס נאז האט א פלאמ געטאנ מיט בלויענ צארנ. ער האט א קלאפ געטאנ מיט די קנאפל, מיט פאראכטונג א געשריי געטאנ:

— אוועק! נעמט אימ! — האט ער באפוילנ, דורכשלאנגדיק זיך צו גארבוזנ. מע האט אימ דורכגעלאזט אינמיטנ ארייננ, גאר ווי נאר

ער האָט זיכ באוויזנ אינ רינג, האָט דער קוילנהאַקער קאָוואַל אימ א שטופּ געטאָנ אינ דער פעטער פּלייצע. דער נידעריטשקער, ווייכער פּריס-טאַוו האָט אָנגעהויבנ שווינדלענ צווישנ די שאַכטיאָרנ ווי א פּילקע.

א צווייטע גרופּע שאַכטיאָרנ האָט געוואָלט א כאַפּ טאָנ די גאָ-ראַדאָוויִעס, נאָר דאָ האָבנ זיכ ברייט צעעפנט די הויכע העלפטלעכ פונ דער טיר אונ אינ א קוואַטיש-פאַרוואָרפענעמ בלוי-רויטנ קאַרטוז אפנ קוטשעראַווענ טשובּ האָט זיכ, הינקנדיק אפ א פערד, אַרײַנגעריסנ אינ קאַזאַרמע אַרײַנ דער ערשטער רײַטער פונ דער קאָזאַקישער מייע. ער האָט צעפאָכעט דעמ קאַנטשיק אונ א קלאַפּ געטאָנ דובניאַקנ שאַרפ, פונ שטערנ צומ נאַקנ צו. דער אײַנפעסטער גיט א געשריי, בייגט זיכ צונויפ, גיט זיכ א כאַפּ בא די אויגנ. דער קאָזאַק שמײַסט אימ איבערנ האַלדז, איבער די בייגלעכ פונ די פינגער, אונ אַז דובניאַק הייבט אָנ טרייסלענ מיט די פינגער אינדערלופטנ, שלאָגט אימ דער קאָזאַק, אָכצענדיק, איבער די אויגנ.

אַרונטערגעבויגנ די קני, לאָזט זיכ דובניאַק שטיל אַראָפּ אפנ דיל. דאָס פערד, וואָס שפּריצט מיט שוימ, האָט אימ צוגעקוועטשט מיט די טלאָענ.

נאָכנ ערשטנ קאָזאַק זײַנענ אַרײַנגעפלויגנ נאָכ קאָזאַקנ. ס'האָבנ שווינדלענ אָנגעהויבנ רויטע דעניקעס הינטער די פענצטער, ס'האָבנ זיכ צעגלאַנצט פּיקעס, צעכראַפּעט פערד.

ניקאַנאָר האָט דערזענ א טלאָ איבער די סאַמע ליפּנ גאַרבוזס. דאָס פערד וואָלט צעטראָטנ גאַרבוזנ, ווענ ער זאָל ניט געווענ אַרונ-טערקײַקלענ זיכ אונטער די נאַרעס.

אונ נאָכ האָט ניקאַנאָר געזענ: אויסגעבאַהאַלטנ דעמ קאָפּ אינ די אַקסלענ, איז געלאָפנ זײַנ זונ אָסטאַפּ אונ ס'האָט אימ געשמיסנ מיט דער נאַהײַקע א קאָזאַק, וואָס איז געשפּרונגענ אפנ פערד לעבנ אימ. האַרפּינע האָט פּאַרטיידיקנדיק דעמ מאַנ, אויפגעהויבנ א האַנט. דער קאָזאַק האָט פאַרשפּאָרעוועט דאָס פערד אונ איבערגעקערט האַר-פּינענ. דערנאָכ איז זי געלעגנ אפ די נאַרעס, אונ דאָס פּײַכטע קליידל האָט זיכ געוויגנט איבערנ אײַנגעפאַלענעמ בויכ.

אונ נאָכ האָט ניקאַנאָר געזענ: אויגנ פונ א פערד, אָנגעגאָסנ מיט בלוט, מיט בלויע אָדערנ, לעמ דער אייגענער ברוסט, אנ אויפ-געהויבענע נאַהײַקע, ברייטע אַקסל פונ א קאָזאַק, זײַנ דערשוויצטנ האַלדז אונ צעשפּיליעטנ רעקל. אונ דערנאָכ האָט זיכ ניקאַנאָרנ אויס-געדאַכט, אַז א וואַנט האָט זיכ אפ אימ איבערגעקערט.



צו דער אַרבעט האָט זיכ ניקאַנאָר געלאָזט גלײַכ אַפּ מאָרגנ. די בלאָטערס און די בײַלנ האָבנ געפּײַניקט די מוסקולנ, נאָר ער האָט זיכ ניט געקלאָגט, געסטאַרעט זיכ פֿאַרגעסנ דעמ קאָזאַקישנ אָנפֿאַל.

ער האָט אויפֿגעהערט גראָבנ באַנאַכט דאָס ערד־שטיבל. ס'האָט געשטערט דער הוסט. דערבײַענ פֿלעגט ער אינ די יאָנטויווימ. קײנ איינ זונטיק האָט ער ניט דורכגעלאָזט, בײַזוואַנענ ער האָט ניט אויס־געגלעט דאָס לעצטע שטיקל דאַכ פֿונעמ ערד־שטיבל און אויסגעגלײַכט דעמ צענ־אַרשיניקנ ברעג פֿונעמ פֿוילג רוי.

ברייט צעשטעלט די פֿיס האָט זיכ ניקאַנאָר פֿאַמעלעכ דורכגע־שפּאַנט פֿאַרנ ערד־שטיבל, אַנטוועלנדיק פֿונ זײַנ פֿאַרמעגנ.

אַרײַנגעגאַנגענ איז מענ אינ ערד־שטיבל שטומ שווײַגנדיק. דאָס ערד־שטיבל, נאָכ א פֿײַכטס, מיט פֿאַרהאַקטע פֿענצטער, איז געוועזנ פֿינצטער און קאַלט.

קאָזמאַ האָט זיכ צעוויינט.

— מאַמע, ס'איז קאַלט.

דער זיידע האָט קרומ א קוק געטאָנ אַפֿנ אייניקל און האָט א בראַכט געטאָנ:

„א זויערער, ניט פֿונ אונדזער שניט".

אָט אזוי האָט זיכ באַזעצט אינ די פֿוילע רויענ דער ערשטער אײַנ־וווינער. נאָכ ניקאַנאָרנ האָבנ צו די ברעגעס פֿונ די פֿוילע רויענ גע־נומענ קומענ אויכ אַנדערע מענטשנ.

אינגיכנ האָט מענ אַפֿנ אָפּפֿאַל־אָרט שוינ ניט געקענט קריגנ קײנ איינ שטיקל פֿרײַ ערד. ס'האָבנ זיכ דאָרט באַזעצט שאַכטיאָרנ פֿונ די קאַזאַרמעס. מעטאַליסטנ פֿונ דער בעלגישער קאָמפּאַניע, מאַרק־קאַפּצאָנימ און גאַנאָווימ, גאַס־פֿרויענ און אַלע די, פֿאַר וועלכע ס'איז קײנ אָרט ניט געוועזנ אינ שטאָט.

אינ א ציגל־בודקעלע האָט זיכ באַזעצט דער פּאָליציי־צירקל, אַפּ יענער זײַט רויענ זײַנענ אויסגעוואַקסנ די קאָרפּוסנ פֿונ די קאָזאַקישע קאַזאַרמעס. און אַגאַנעסאָוו האָט אַריבערגעטראָגנ זײַנ שענק „טרייסט" אינ די פֿוילע רויענ אַרײַנ.

דערפֿאַר, וואָס ס'האָבנ זיכ דאָ באַזעצט אויסוואָרפֿנ פֿונ גאָר דער וועלט, דערפֿאַר, וואָס די ערד־שטיבלעכ האָבנ דאָ דערמאָנט אינ הינ־טישע קאָנורעס, האָט מענ דאָס ישובֿל א נאָמענ געגעבנ סאָבאַ־טשייעווקע.

# דריטער קאַפּיטל

הייס עטעמענ די שטויביקע ווינטנ פונ די האַגעצער סטעפּעס. זיי הייבנ זיכ אָנ באַגינענ, ווענ אַפּ די שאַכטעס אונ אַפּנ זאַוואָד צעוויעט זיכ דער הודאָק.

דער איינגעגעסענער שטויב פליט טכילעס שעמעוודיק פונ אָרט צו אָרט, דערנאָכ ווערט ער דרייסטער, טראָגט זיכ ראַשיק אַפּ דער שטאָט. דער ווילער פאַרשלעפּט אונטערוועגנס דעמ קוילנ־שטויב, דאָס מיסט פונ די אַפּפאַל־ערטער. אַ שוואַרצער אונ אַ שמוציקער, שפּרינגט ער אַרופ אַפּ סאָבאַטשייעווקע, קלאַפּט מיט די לאָדנס אונ די פענצטער, קלינגט מיט די שויבנ, הילכט מיט בלעכ, פאַרפּלאָנטערט די פיס פונ די ווייבער אינ די קליידלעכ, ווי ער וואָלט געוואָלט אומוואַרפנ זיי אַפּ דער ערד.

ווינטער־צייט פאַרשיט דער ווינט אינ איינ מעסלעס מיט שניי סאָבאַטשייעווקע, וואָס ליגט נידעריק, אונ אַ צעקאַסטער וויעט ער אונ קרעכצט איבער די ווייסע קורגאַנענ.

הייס זיינענ די טרוקענע ווינטנ פונ די דאָגעצער סטעפּעס, אָבער זיי שרעקנ ניט סאָבאַטשייעווקע. ציילעמער, קוואַרימ־בערגלעכ, דעמב־באַרנבוימ־אונ ווערבע־געדיכטעניש לאָזנ ניט דעמ ווינט צעברעכנ די שויבנ, פאַרשיטנ מיט שטויב, מיט שניי.

דער זיידע ניקאַנאָר אַרבעט נאָכ אַלץ אינ דער שאַכטע אַלס קוילנהאַקער. ניט קוילנ פאַר דריי שאַכטיאָרנ, נאָר דאָס, וועגנ וואָס ער האָט געטרוימט, בויענדיק דאָס ערד־שטיבל, קומט אַלץ ניט אָנ.

ניקאַנאָר וואַרט.

אינ די טעג פונ פאַרצווייפלונג קומט ער צו זיינ פריינט — דעמ דעמב, באַהאַלט זיכ אינ זיינ שאָטנ, אונ איבערשיטנדיק אינ די דלאָניעס טרוקענע ערד, ליגט ניקאַנאָר כמורנע, כמורנע, פאַרמאַכט ניט די גרויסע אומעטיקע אויגנ.

ער באַקומט אַ רובל מיט זיבנ גריוונעס. ער האָט אַ ביסל זיכ איינגעאָרדנט. ער האָט אַנ ערד־שטיבל, שלאָפט אַפּ אַ הילצערנער בעט, ניט אַפּ קיינ גאַרעס. האָט אופגעהערט קיינ זויער־קרויט, ס'טרעפט זיכ אַמאָל קאַרטאָפל, אַ הערינג.

פאַרמערט האָט זיכ אויכ דעמ זיידנס הויזגעזינד. דער סאַמע עלטסטער צווישנ אונדז, — קאָזמאַ — איז אַלט 20 יאָר. איכ בינ דער סאַמע יינגסטער.

איך פֿאַרשטיי נאָך ניט, אַז סאָבאַטשייעווקע — דאָס איז אַ ייִדל־וואָרט.

ס'דאַכט זיך מיר, אַז מיר לעבן בעסער פֿון אַלעמען אַף סאָבאַטשייעווקע. דער זיידע אַרבעט אַלס קוילנהאַקער, דער טאַטע אַלס האָרנער אַף דער ראַכנע, דער עלטערער ברודער אַרבעט אַלס שמידער אין וואַלץ־צעך, די שוועסטער וואַרקע אין גוס־צעך, איך, מיטקע און זשורקע נעמען צוגויף אַפֿן זאַוואָד־שיפּוי אײַזערנעם אָפּפֿאַל און דער טאַטע פֿאַרקויפֿט עס. אונדז פֿעלט קיינמאָל ניט אויס קיין ברויט.

איך קום אָפֿט צו לויפֿן אַפֿן דנאָ פֿונעם רוי מיט אַ שטיק ברויט און זע די קינער־בליקן פֿון די מאַווריירים. זיי הערן אויף צו שפּילן זיך און זעצן זיך אויס אַרום מיר, שפּירן זשעדנע נאָך נאָך מײַן מויל. איך קנײַפּ זיי אָפּ צו קליינע שטיקלעך. דערפֿאַר טאָקע שלאָגן מיך קיינמאָל ניט די מאַווריירים מײַנע.

זיי טשעפּען מיך ניט אויך אַדאַנק דעם זיידן. ס'האָט אים געקאַנט גאַנץ סאָבאַטשייעווקע. זי האָט נאָך אַלץ מעקאַנע געווען גיקאַנאַרס קראַפֿט, האָט זיך געניגט פֿאַר זײַן זאַטקײַט.

דער זיידע האָט געשפּאַנט איבער סאָבאַטשייעווקע אַלץ אַזאַ שטאַלטנער ווי פֿריִער, און די ערד־שטיבלעך זײַנען געווען ניט העכער פֿון זײַנע קני.

אין אונדזער ערד־שטיבל איז אויסגעווען קימאַט גאַנץ סאָבאַטשייעווקע. מע פֿלעגט קומען מיט אומגליק און מיט פֿרייד. פֿלעגן טרעפֿן „קרעסטינעס" אָדער לעווײַעס — פֿלעגט מען אײַנלאַדן גיקאַנאָרן.

אין ביידע פֿאַלן פֿלעגן די מענטשן אַלציינס זיך אָנטריגקען, אַלציינס לאַכן אָדער וויינען. און דער זיידע פֿלעגט וויסן וויאַזוי צוצוגיין צו יעדן איינעם.

באַזונדערס אומרויִק פֿלעגט זײַן אין די טעג פֿון סבירעס־אויסצאָל. סאָבאַטשייעווקע האָט געהוליעט. אַף אַ שאָ־צוויי פֿלעגט מען פֿאַרגעסן אַלע אוולעס. אַפֿילע די געשלעגן, וואָס פֿלעגן אויפֿלאַמען אין אַלע עקן ייִשעוול, האָבן אויסגעזען ווי קאַטאָוועסדיקע. באַגינען פֿלעגט דאָס ייִשעוול אײַנשווײַגן ווערן. בלויז אין רוי האָבן געבורטשעט די הינט, אומפּעטיקנדיק זיך מיט נעוויילע.

בלויז דער האָרנער גאַרבויז פֿלעגט קומען צו אונדז אין ערד־שטיבל אַרײַן גאַרניט ניט בעטנדיק, ניט קלאַפּנדיק זיך אַף קיינעם.

ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצן הינטער דעם לאָמפּ, און דאָס פּנים פֿלעגט אַרײַנקוקן אין זײַן אָנצײַכנעריקן שוואַרצן מויל: די ציין האָט אים אויסגעהאַקט אַ דער דאָמנע אַ ברעכאײַזן, וואָס האָט זיך פּלוצעם אָפּגעריסן. גאַרבוז פֿלעגט לייענען אַ צײַטונג, וואָס דערציילט וועגן קאַסעס פֿון קעגנזײַטיקער הילף, וועגן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרײַנען. צום סאָף געשפּרעך פֿלעגט ער אויסשטרעקן העם זיידן און דעם טאַטן אויסגעגראַפֿירטע בויגנס פּאַפּיר און פֿלעגט עפּעס פּאָדערן.

דער זיידע פֿלעגט לאַכן אָן קאַס און זאָגן:

— אַף וואָס באַדאַרף איך האָבן אײַער פֿאַרײַן? איך לעב, דאַנקען גאָט, איך פֿאַרדין, שפּײַז זיך, שפּעטער וועלן מיר זען.

גאַרבוז פֿלעגט אופֿגערעגט ווערן, קימאַט שרײַען:

— און וואָס וועסטו טאָן, אַז דו וועסט אָנהייבן ווייניק קוילן אויסהאַקן? דו לעבסט זאַט? ליגסט! אָט קאָכט דײַנע האַרפּינע גאָר הוילע קאַרטאָפֿל-שאָלעכץ. גיב אַכטונג, פֿעטערל ניקאַנאָר, ס׳וועט צײַ שפּעט זײַן אומצוקוקן זיך.

דער זיידע פֿלעגט זיך ניט שרעקן און ניט ווערן אין קאַס. ער האָט געלעבט אַף זײַן שטייגער. ער האָט זיך געבאַוועט מיט אַלעמען פֿלעגט העלפֿן אַפֿילע אַגאַנעסאָוון — דעם באַלעבאָס פֿון דער שענק און פֿונעם נאַכטלעגער-הויז אַף סאָבאַטשייעווקע. אַגאַנעסאָוו פֿלעגט קומען צו לויפֿן צום זיידן אַלע טאָג, ווען אין זײַנע אַנשטאַלטן פֿלעגט זיך אַ געשלעג אָנהייבן.

אין אַזוינע פֿאַלן פֿלעגט ניקאַנאָר נעמען אַ שטעקן, אָנטאָן די גרויסע הענטשקעס און זיך לאָזן צו אַגאַנעסאָוון. דאָרטן פֿלעגט ער שלאָגן די שיקערע קאַפּצאָנים, גאַנאָווים, גאַסן-פֿרויען.

טאָן פֿלעגט ער עס פֿלײַסיק, אָן קאַס, אַפֿילע מיט אַ שמייכעלע און אַן זידלערײַ. אַזאַ איז ער געווען אויך אין דער היים. ניט שטאַרק געוווילדעוועט האָט ער אַפֿילע דאַן, ווען קאָזמאַ האָט געמאָלדן, אַז ער האָט אַ טייל פֿון זײַנע סכירעס אָפּגעגעבן אין קאַסע פֿון קעגנזײַטיקער הילף און אין פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַרײַן און אַז אַזוי וועט ער טאָן יעדן כוידעש.

ניקאַנאָר האָט עס אויסגעהערט שטיל, דעם קאָפּ אָנגעבויגן. דערנאָך האָט ער זיך אופֿגעהויבן, אַ הויכער און אַ שטעביקער, האָט אַ כאַפּ געטאָן פֿון טיש אַ שטיק ברויט, צוגעטראָגן עס צו קאָזמאַס אויגן און געזאָגט:

— זע, באָכערל, וועמעס ברויט וועסטו עסן...

דער זיידע פלעגט קיינמאָל ניט שרײַענ אפנ טאטנ. אלע אייניקלעכ פלעגט ער צערטלענ, פארענ זיכ אינ זייערע האָר, קיצלענ זיי מיטנ שטעכיקנ גאָלד פונ דער באָרד.

געקוקט האָט ניקאנאָר אפ די אונטערוואקסנדיקע יאָרשימ זײַנע אונ זיכ געפרייט. ער פלעגט מיכ נעמענ אפ די הענט, טאפנ די ברוסט אונ זאָגנ:

— וואקסט שלעכט, סאניע. וואקס אויס גיכער, וועסטו דעמ זיידנ האָדעווענ.

מער פונ אלעמענ האָט ער ליב געהאט ווארקענ. אינ די טעג פונ סבירעס־אויסצאָל פלעגט ער איר ברענגענ מאטאָנעס, האָט איר גע־קויפט א שיינ קעמעלע.

שטיל איז געווענ אינ ערד־שטיבל. רויק.

...א גאנצנ טאָג האָב איכ באמערקט, אז דער זיידע איז עפּעס ניט מיט אלעמענ.

איכ האָב אימ געבראכט אינ דער שאכטע ארײַנ דעמ וואראמעס. אז ער האָט מיכ דערזענ, האָט ער זיכ דערפרייט. גענומענ האָט ער א בײַשעק, קימאט אלצ מיר אוועקגעגעבנ. ער האָט א סאך אונ זשעדנע געטרונקענ, געאָטעמט שווער אונ פונעמ שטערנ האָבנ זיכ געקײַקלט היפּשע שוויס־טראָפנ.

פארבונדנ אינ דער מאמעס טיכל האָט געפּעס, האָב איכ זיכ שוינ געקליבנ אוועקגיינ. דער זיידע האָט מיכ ארומגענומענ ארומ האלדז אונ האָט א בעט געטאָנ:

— ווארט צו, סאניע, גיי ניט אוועק. זעצ זיכ צו.

ער האָט לאנג געשוויגנ, צוהערנדיק זיכ צומ שטילנ קנאקנ פונ דער אײַנפעסטיקונג, צו דער שורשעניש פונ די קוילנ, וואָס שיטנ זיכ אפ פונעמ פלאסט. ער האָט שטיל א זאָג געטאָנ:

— ס׳איז שרעקלעכ, סאניע, ס׳גודעט... ס׳בריט אונטערנ הארצנ, דער קאָפּ דרייט זיכ, די פלייצע ברעכט.

ביזנ סאָפ אומבײַט האָט ער מיכ ניט אפגעלאָזט. געקומענ איז ער אהיימ א שטילער, א פוילער.

שאבעס. קאָזמא אונ ווארקע זײַנענ אוועקגעגאנגענ אפ דער אר־בעט. דער זיידע האָט אויסגעוואשנ דעמ קאָפּ, האָט זיכ צוגעזעצט צומ טיש אונ אָנגעהויבנ לייענענ דער באָבענ דעמ פסאלטיר.

די באָבע שטריקט ווארעמע הענטשקעס אונ קוקט מיט א קלוגער מינע אריבערנ קאָפּ אינ זיידנס באָרד ארײַנ, צושאָקלענדיק מיטנ קאָפּ

צו די הייליקע רייד. א סאך גוטקייט איז אין פאנעם אירן. ס'האבט זיך, אז מילדקייט איז אויסגעבאהאלטן אין יעדן קנייטשעלע.

באבעניו גוטע! אז איך פלעג אין די ווינטער־קעלטן קומען פונעם אפפאל־שיפוי און אויסלאדן די הויב, דעם אייזן, פלעגט זי אראפ־ציען פון מיר דעם טאטנס רעקל, צעוויקלען די שמאטעס פון די פיס און צערייבן די אייז־קאלטע ביינדלעך. איך פלעג אומשפרינגען פאר ווייטעק, און זי פלעגט ארומלויפן און טרויער־רייד ריידן. מיט די אויערלעך פונעם קאפ־טיכל זוכן די טרערן אין די לאנג שוין אויס־געטריקנטע אויגן. סאפקאלסאפ בארויקט מיך מיט א שטיק ברויט, פלעגט זי מיך לייגן שלאפן לעבן זיך, איינוויקלען אין א רעדנע, שעפטשען מיר עפעס א טפילע, אדער א ליד.

די באבע זיצט לעבן זיידן, און מיר גלוסט זיך צוגיין צו זיי, צו די ווארעמע, צו די גוטע. נאר איך קאן ניט. די מאמע האט אונדז אלעמען אויסגעוואשן מיט הייסן וואסער אויסגעריכט מיט עפעס א שטינקענדיקער זאלב און איינגעוויקלט אין א קאלדרע. מיר זיצן טאקעמע.

די מאמע פארלאטעט אונדזער אנטאן, וואס איז לאנגווייליק אין דער געפענקעניש.

דער טאטע האט אראפגעלאזט דעם קאפ צו א סאסנאווע שטיק האלץ און שנייבט זיך אויס א הילצערנע פארעשווע צוליב דער אר־בעט לעבן די דאמנעס.

אינעם ערד־שטיבל איז ווארעם. סע שמעקט מיט קארבאל־זייפ, מיט זאלב און מיט שוויס. דער לאמפ האט אויסגעשניצט אפ דער שווארצער סטעליע פונעם ערד־שטיבל א פיצעלע זון.

אלץ איז אזוי רויק, דרימלדיק. ס'קלעפן זיך די וויעס, לעבן מיר כאפעט שוין שווער מיטקע. אפ די אויגן האט זיך אנגערוקט א פאר־האנג, און דורך א שפעלטעלע פון די וויעס זע איך דאס לעצטע מאל דעם זיידן, וואס לייענט דעם פסאלטיר.

גיין, ער לייענט שוין ניט. וואס איז עס מיט אים? דער קאפ איז אנגעבויגן, און די ברייטע דלאניעס רייבן דעם הויכן שטערן, צופן קאמיש די האר, פרווון אויס זייער פעסטקייט. ער גיט זיך שארף א הייב. דאס ערד־שטיבל קלעקט ניט פאר זיין וווקס, האקט ער אפ מיטן קאפ די סטעליע־ליים, ער בייגט זיך, דרייט לעבן זיין פאנעם מיט די הענט, וויל עפעס אפטרייבן, אדער אנכאפן.

די באבע האט אופגעהערט צו שטריקן און לויפט אומרויק נאך

מיט די אויגן נאָך דעם זיידנס הענט. דער טאַטע און די מאַמע זײַנען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט, באַמערקן נאָך גאָרניט גיט.

דער זיידע האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אױף דער באַנק און, פֿאַריסן די שאַרפֿע באָרד, שטיל אָנגעהויבן קרעכצן.

איך האָב פֿאַנאַנדערגעריסן די אויגן. איצטער האָבן שוין אויך די מאַמע און דער טאַטע געריסן די אַרבעט, און די באָבע סטאַרעט זיך ריידן מונטערער, אויסבאַהאַלטן די מוירע, זי מוסערט דעם זיידן.

— וואָס איז עס מיט דיר? ביסט פֿון זינען אַראָפּ? וואָס וויעסטו!?

דער זיידע האָט אָנגעהויבן כריפּען און האָט אויסגעצויגן די פֿינגער אָנגעהויבן דרייען זיך איבערן ערד־שטיבל. ער האָט איבערגעקערט דעם טאַטן, אַריבערגעשפּאַנט איבער דער באָבען, ווי געוואַלט ראַטעווען זיך פֿון עפּעס. ער האָט זיך פֿאַרטשעפּעט בײַ דער טיר, האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיטן גאַנצן קאָפּ, זיך צעגוואַלדעוועט.

די באָבע האָט געשריִען:

— גאָט מײַנער, וואָס איז מיט אים געשען?

ס'האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט ניורקע און מיטיע, האָבן זיך צעוויינט, האָבן אונטערגעכאַפּט דער באָבעס אויקעניש, דאָס ערד-שטיבל האָט זיך צעיאָמערט, ווי איבער אַ מעס.

נאָר דער זיידע האָט גאָרניט ניט געהערט. ער האָט זיך שטיל, שטיל געשאַרט צום טיש, אויסגעשטעקט די קלעמיקע לאַנגע הענט, און האָט פֿאַרזיכטיק געצילעוועט זיך אָנצוטאַפּן דאָס אָראַנזשעווע פּײַער־באַבעלע.

איך האָב באַוויזן אויפֿצוכאַפּן דעם אויסדרוק פֿון זײַן פּנים. די אויגן זײַנע — צעקראַכענע ווייכע, זײַנען מוטנע ווי בײַ אַ פֿאַרלע־גערטן טוכלען העכט. די באַקנביינער האָבן זיך ווי אויפֿגעהויבן שאַרף צו די שלייפֿן. די גראָבע ליפּן האָבן זיך צעעפֿנט און איבער דער באָרד — אַ דינע קייטעלע שפּײַעכץ.

צונויפֿגעקלאַמערט די הענט איבערן לאָמפּ, האָט דער זיידע צע־קוועטשט דאָס גלעזל. ס'האָט אַ טרישטשע געטאָן, ווי דאָס שאָלעכץ פֿון אַן איי, האָט זיך צעשאָטן, זיך צעקלונגען, דער לאָמפּ איז פֿאַרלאָשן געוואָרן.

דאָס אָראַנזשעווע באַבעלע האָט אויפֿגעפֿלאַטערט, אַ שוועב געטאָן מיט די פֿליגלען און איז אַוועקגעפֿלויגן. אַ קורצע רגע איז שטיל גע־וועז אינעם קוילנהאַקער ניקאַנאָרס ענגער און פֿינצטערער וווינונג. דערנאָך האָט דורכן צעקלאַפּטן פֿענצטער, דורך די ווינט־און רעגנ־

לעבער ארײַנגעריסנ זיכ אינ דער באנאכטיקער סאָבאטשײַעווקע אונ זיכ צעוויעט מיט גסיסעווייטעק אנ אײנזאַמ קאָל.

דער זײדע איז אומגעלאָפנ איבערנ ערד־שטיבל, האָט געציטערט אונ איז געפאלנ אפנ אײנגעטאָפּטשעטנ דיל. די באָבע האָט געשריענ, אונ דאָס קאָל אירס איז געוואָרנ אלצ שטילער אונ שטילער. ס'איז געקומענ צו לויפנ גארבוז.

מיר זײַנענ ארויסגעשפּרונגענ דורכ דער אָפענער טיר אונ איבער סאָבאטשייעווקע האָט זיכ צעלאָזט דער מאמעס יאָמער־קאָל.

ס'האבנ קלאפנ געבומענ טירנ. ס'האָבנ זיכ אָנגעצונדנ פענצטער־לעכ. ס'האָבנ זיכ אופגעכאפּט די פוילע רויענ. ס'זײַנענ זיכ צונויפגע־לאָפנ מענטשנ, האָבנ זיכ צונויפגעשטופּט לעבנ דעמ ערד־שטיבל.

אלצ האָט שוינ סאָבאטשייעווקע געזענ. מע פלעגט שטארבנ אונ־טער א מעסער אונ אונטער שטארקע שטיקער פונ א בראנפנגעפלאש. אָבער ס'האָט זיכ נאָכ קײנמאָל אָט אזוי ניט געזעגנט מיטנ לעבנ א מענטש. קײנמאָל אזוי ניט געבענקט נאָכנ לעבנ, אזוי ניט געבעטנ דאָס לעבנ פארבלײַבנ.

די מענטשנ זײַנענ געשטאנענ אונ געווארט. סאָפּקאָלסאָפּ האָט דעמ זייחנס קאָל געבומענ קלינגענ פארמאטערט, איז שטיל, שטיל געוואָרנ.

אונ אונדז די נאסע האָט מענ ארופגעוואלגערט אפנ בעט אונ פארוואָרפנ מיט ווארעמענ אָנטאָנ. די מאמע האָט זיכ געלאָזט לויפנ זוכנ די באָבענ. דער טאטע האָט אָנגעצונדנ א שוועבעלע אונ מיט צע־פּאָכעטע הענט גענומענ שרײַענ.

עמעצער האָט א כאפּ געטאָנ דאָס ארפּגעפאלנ קעסטעלע שוועבעלעכ אונ אָנגעצונדנ אינ דער פינצטערניש א פײַערל.

כ'האָב דערזענ די באָבע, געמיטלעכ, צוגעשפּארט צומ זוענטיל. א רויטע סטענגע איז געלאָפנ פונעמ שלייפ אונ פונ די ווינקלענ ליפּנ. גיט ווײַט פונ איר האָט דער זײדע ארומגענומענ די סאָסנעווע קאָלאָנ־קעס פונעמ טיש. אפנ שטערנ איז אומגעשפּרונגענ א בלויער אָדער. פונעמ גיט צוגעמאכטנ מויל האָט זיכ געצויגנ שפּײַעכצ.

דאָס ערד־שטיבל האָט געשוויגנ. דער קוילנהאקער קאָוואל האָט דער ערשטער שטיל, שטיל א שעפּטשע געטאָנ:

— וואָס איז עס מיט אימ, א?

די טרעפּערנ באנדורע האָט א קראקע געטאָנ.

—ווײַבעלעכ, א שעד הוליעט אינ ניקאנאָרנ, ס'איז אימ ענג, איז אָט ווארגט ער אימ.

דער באַלעבאָס פונעם נאַכטלעגער־הויז און פונעם שענק אָנזאָגע־
סאָוו האָט אומעטיק איבערגעמאָזערט.

— ס׳אַרא מיערע נעשאָמע געווענ.

מײַנ טאַטנס פרײַנט, דער האָרנער גאַרבוז, האָט טרויעריק, צו קיינעמ ניט ווענדנדיק זיך, געזאָגט:

— זיך דערהאַרגעט, ניקאַנאָר, לעבסטו וואָס, אַ?

איך בינ געזעסנ אַ דערשטוינטער, האָב געקוקט אַפ דער באָבען. ס׳איז לעבנ איר אַרומגעשפרונגענ דאָס קעצל. ס׳האָט אַרײַנגעשטעקט די שאַרפע נעגעלעך אינעמ פעדעמ־קנײַלעכל און געווים געבידעשט זיך, וואָס די באָבע טרײַבט עס ניט אָפּ. ס׳הענגענ בײַ איר אָנמעכ־טיק אַראָפּ די הענט, זי ווישט ניט אָפּ דאָס היפּשע טרערעלע, וואָס האָט זיך אַרויסגעקײַקלט פונ איר טרוקנ אויג און איז פאַרגליווערט געוואָרנ ווי אַ שטיקעלע אײַז אינ די קנייטשנ פונ איר גוטנ פּאָנעמ.

## פערטער קאַפּיטל

דעמ זיידנ האָט מענ אַוועקגעפירט אינ דער גובערניע־שטאָט, אַרײַנגעזעצט אינ דולהויז. ער איז דאָרט אָפּגעווענ עטלעכע כאָדאָ־שימ. אינגיכנ האָט מאָבאָטשייעווקע פאַרגעסנ אָנ אימ. נאָר איינמאָל האָט ער זיך באַוויזנ אינ די פוילע רויענ מיט אַ ווײַס־געוואָרענער באָרד און מיט גרויסע אומעטיקע אויגנ. מיט אַ קראַנק גענגעלע האָט ער דורכגעשפאַנט צו זײַנ ערד־שטיבל, ניט געקוקט אַרומ זיך, ניט געענטפערט אַפ די באַגריסונגענ פונ די שכיינימ און באַקאַנטע. אינ דער היימ האָט ער לאַנג באַטראַכט מיך, ניורקענ, אַרומגענישטערט מיט די אויגנ, געזוכט נאָך עמעצנ אינ ניט געפונענ, זיך אַוועקגע־וואַלגערט אויפנ ברייטנ טאָפּל־בעט.

אינ ערד־שטיבל איז שטיל־שטיל אַרײַנגעגאַנגענ דער אָגציינער־דיקער האָרנער, האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ זײַנ צוקאָפּנס, האָט זיך לאַנג אײַנגעקוקט אינ זײַנ אויסגעקוועטשטנ קערפּער און נאָך לאַנגער שטומ־שווײַגעניש, אָנ פאַרדראָס אַ מיסער געטאָנ:

— אָט האָסטו דיר, דײַנ זאַטקײַט, ניקאַנאָר!

דער זיידע האָט ניט געענטפערט, האָט קיינ פינטל ניט געטאָנ מיטנ אויג, האָט פונקט ווי פריער מיט ברייטע אויגנ געקוקט אַרופ־צו.

אָט אזוי האָט ער אָנגעהויבנ דאָס נײַע לעבנ זײַנס. ער האָט ניט גערעדט, פלעגט נעכט ניט שלאָפנ, אלצ קוקנ צו דער סטעליע.

ס'איז נודנע געוואָרנ אינ ערד־שטיבל. איכ האָב מוירע געהאט פארנ זיידנ. כ'פלעג שלאָפנ מיט דער מאמענ, פלעג אײַנוויקלענ דעמ קאָפ מיט דער קאָלדרע, קעדיי ניט זענ דעמ זיידנס שרעקלעכע אויגנ, וואָס פארמאכנ זיכ קיינמאָל ניט.

די מאמע האָט טאָג אונ נאכט שטילערהייט געוויינט. אינ גאס פלעגט מענ מיכ רופנ „סאשקע ניקאנאָר דעמ מעשוגענעמס", אונ קיינער האָט ניט געוואָלט שפילנ זיכ מיט מיר.

אצינד פלעגנ די שאכטיאָרנ שוינ ניט מעקאנע זײַנ דעמ זיידנ, ער פלעגט קומענ אהיימ שאָקלענדיק זיכ, באוואקסנ מיט קוילנ־שטויב, אונ ניט אָפוואשנדיק זיכ, ניט עסנדיק קיינ ווארמעס, אנידערפאלנ אפנ בעט.

אינגיכנ האָט מיטנ זיידנ געטראָפנ פונקט אזא אָנפאל ווי הארבסט־צײַט.

דער טאטע האָט אימ אוועקגעלייגט אפנ בעט, אפ יעדנ פאל פארבונדנ מיט א שטריק, אונ די גאנצע נאכט געהיט דעמ אומבאוועגלעכנ קערפער.

אינדערפרי איז ניקאנאָר ניט ארויסגעגאנגענ אפ דער ארבעט. דאָס איז געווענ זײַנ ערשטער „פראָגול". דער זיידע האָט מיט די אויגנ צוגערופנ דעמ טאטנ אונ האָט א שעפטשע געטאָנ, שווער רייענדיק מיט דער צעביסענער צונג:

— זונעלע, זײַ אזוי גוט, צעבינד...

ער האָט לאנג אויסגעגלײַכט די הענט, זיכ געדרייט, אונ אז דער טאטע איז אוועקגעגאנגענ אפ דער ארבעט, האָט ער געבעטנ בא דער מאמענ:

— טעכטערל, גיב א קערבל!

אז ער האָט עס באקומענ, איז ער אוועקגעגאנגענ אינ שענק ארײַנ. איכ האָב זיכ אומגעקערט אינ פארנאכט־טונקל פונעמ אָפפאל־אָרט, ווענ כ'האָב דערהערט דעמ זיידנס קאָל.

דער זיידע האָט געזונגענ:

סע ברומט אונ קרעכצט דער דניעפ דער ברייטער,
אונ סע וווייעט א בייזער ווינט...

די אײַנוווינער פונ די פוילע רויענ האָבנ פארלאָזט די ערד־שטיבלעכ, האָבנ זיכ אָפגעשטעלט אינמיטנ וועג, האָבנ ארײַנגעקוקט דעמ

זיידנ איג די אויגנ ארײַנ — אײנער טרויעריק, א צווייטער מיט בייזער פרייד.

א מאָרעשכוירעדיקער, ניט אויסווישנדיק די נאס־געוואָרענע באָרד, איז דער זיידע ארײַנגעשפּרונגען אינ ערד־שטיבל ארײַנ. אָנגעשפּארט זיכ מיט די אקסלענ אינ דער טיר־ראם, האָט ער צאָרנדיק א געשריי געטאָנ:

— אָסטאפּ, אָסטאפּ, זונ, זאָג, איכ בינ דיר נימעס געוואָרנ, איכ שטער דיר לעבנ?

דער טאטע האָט געוואָרפנ דעם וואַרמעס, האָט זאָרגעוודיק ארומגענומענ דעם זיידנ אונ געוואָלט אים אוועקלייגנ אינ בעט ארײַנ. יענער האָט זיכ ניט געלאָזט, געוואָלט אים אָנכאפּנ באַם האלדז.

— אָסטאפּ, ווערעמדיקער געפּעש, דו קוקסט מיר אינ די אויגנ ארײַנ, אונ בעטסט גאָט, איכ זאָל שטארבנ... דו דערווערגסט מיכ, וואַרט ניט, זונעלע, ה-ע-ערווע-ר-ג!

מיט אײַזערנע הענט האָט דער זיידע צונויפגעדריקט דעם טאטנס האלדז. די מאמע האָט זיכ מיט א דעמבנ לאָפּעטקעלע א וואָרף געטאָנ צום זיידנ, געקלאפּט אים איבער די צונויפגעבויגענע פינגער.

דער זיידע האָט אָפּגעלאָזנ דעם טאטנ, האָט דערשטוינט א קוק געטאָנ אפ דער מוטער אונ זיכ צעשריִענ:

— דו אויכ קעגנ זיידנ? — ער האָט א ריס געטאָנ דאָס העמד, אונטערגעשטעלט די האָריקע ברוסט: — נאט אײַכ! שנײַדט מײַנ הארץ, טרינקט מײַנ בלוט! — ער איז אומגעפאלנ אפ די קני, געפלאטערט אינ קאָנוווּלסיע, איז שטיל געבליבנ.

אינעם פינצטערנ זאבוי איז ניקאנאָר געוואָרנ אלץ שטילער אונ נעבעכדיקער. ער האָט אלץ געוואָלט טרעפנ אינ די סאמע ווײַטע ווינקלענ, קעדיי די כאווײרים זאָלנ ניט זענ, ווי ער ליגט, רוט אָפּ גאנצע שאָענ אפ די קאלטע קופּעס קוילנ, שווער אונ געדיכט ארויכפּײַפנדיק די לופט פונ דער פארמיסטיקטער ברוסט.

ס'זײַנענ געקומענ טעג, ווענ ניקאנאָר האָט ניט געקאָנט אויסקלאפּנ פונ דער קוילנוואנט קיינ אייננ הרודע: דאָס העקעלע איז געפאלנ פונ די הענט, די האָר פלעגנ נאס ווערנ, ס'האָבנ געציטערט די פינגער. די האָזיקע טעג פלעג איכ אוועקטראָגנ אהיימ ניט אָנגענערירטנ וואַרמעס.

ס'איז אפּ שטענדיק פארשווונדנ סאָבאָטשייעווקעס אָפּשײַ פאר ניקאנאָרנ. ער איז געוואָרנ פונקט אזא ווי אלע. ענלעכ מיט זײַנ

הוסט, מיטן טאַנץ פון די לונגען אַפן אײַנגעסטיקער דרוזשקאָ; מיט דער שיקרעס, מיט דער זשערנעקײַט — אַפן קוילנהאַקער קאָוואַל, מיטן הונגער און מיט דער קעלט אינעם ערד־שטיבל — אַף יעדן אײַנוווינער פון יישעוול. און שרעקלעך איז דערפאַר געוואָרן ניקאַנאָרן. ער האָט אָנגעהויבן זוכן עפּעס נײַס.

דעם זיידן האָט געקאָנט דער גאַנצער מאַרק. ער פלעגט אַרומשפּאַנען אין אַ לײַוונטענער העמד ביז אַריבער די קני. די הויזן פלעגן ניט פאַרשטעלן די נאַקעטע, צעטרישטשעטע פיס, די קאַלאָשן, וואָס זײַנען פאַרבונדן געווען מיט דראָט, האָבן געקלאַפּט מיט אָפּגעריסענע פּאָדעשוועס.

אַף דער ניט געוואַשענער, ניט פאַרקעמטער גרויע ווײַסע האָר האַלט זיך קוים דאָס היטל, די באָרד איז אַריבערגעקראָכן איבערן קאָלנער פון העמד. אין די הענט — אַ שטיק לעבערוווּרשט, אַ בולקע, אָדער אַ פוילן עפּל.

ניקאַנאָר שפּאַנט איבערן מאַרק, קוקט אויס זשעדנע און בייז. ס'איז אים געפעלן די פּאָווידלע אין בײַכיקן פעסל באַם טרוקענעם גריב. שטעלט ער זיך אָפּ, שטרעקט אויס אַ פאָדערנדיקע האַנט, ווי ער וואָלט געמאָנט אַ כויוו, וואָס קומט אים. דער גריב גיט אַ שלײַדער מיט אַ הילצערן לאָפּעטקעלע אַ ביסל פּאָווידלע. דער זיידע שלינגט גלײַכצײַטיק און שלעפּט זיך ווײַטער.

ס'ציטערטלען ניקאַנאָרס אויגן געלע לימענעס. ער שטרעקט אויס די האַנט. די הענדלערן קערעוועט זיך אָפּ, זעט ניט. דער זיידע שטרעקט אויס אײַנגעשפּאַרטער און לעגער די געפּלאַצטע וואָרצלען פון זײַנע ערדענע פינגער. די הענדלערן וויל עס אקשאָנעסדיק ניט באַמערקן. דאַן קלײַבט ער אויס אַ טרוקן ערטל, לייגט זיך אַוועק און ס'הייבט אים אָן טרייסלען דער קרענק־אָנפאַל.

דער קערפּער שפּרינגט אַרויף, די קאַלאָשן גיבן אַ פלי אינדערלופטן אין אַ האַלב־קײַלעך, קערן איבער די קוישן, די לימענעס צעקײַקלען זיך איבער דער ערד.

דער זיידע קוויטשעט, וויעט, ברומט. און אַז די לעצטע לימענע איז שוין צעקוועטשט דורכן אָנגעלאָפענעם האַמויל, הייבט זיך דער זיידע רויק אויף. ניט אָפּטרייסלענדיק זיך, ניט צעעפענט די ליפּן, וואָס זײַנען פאַרכמורעפאַל צונויפגעדריקט, שפּאַנט ער ווײַטער, זאַמלט ווײַטער דעם שטײַער. דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט איצט אָנגעפילט דער מאַרק־שטײַער און דאָס בראָנפן פון די גאָרקיכן.

ס'פלעגנ אמאל טרעפנ בא אים ניכטערע טעג, דאנ פלעגט אים גארבוז מוסערנ. דער זיידע האט דעריבער פײַנט געקראגנ דעמ אנ־צייניקנ האנגער אונ איינמאל שטארק געשלאגנ אים. דער זיידע האט פײַנט געהאט די גאנצע וועלט.

געהאסט האט ער די מארק־קאפצאנימ, וואס פלעגנ זיכ אפדער־נאכט פארזאמלענ אינ די ביליקע גארקיכנ אונ הילכנ מיט זייערע קור־פערנע מאטבייעס. ער פלעגט זיי פארטרײַבנ אינ א ווינקל ארײַנ, ארויס־וואלגערנ אפ דער ערד זייערע אויסגעבעטענע שטיקער אונ שרײַענ:

— מיט וואס שפּײַזט איר זיכ? דעמ רוקנ בייגט איר? עכ, איר, נעווײלעס!

ער פלעגט אפשטיינ שאענלאנג בא די מעל־בײַדלעכ, בא די פיש־קלייטנ, בא די סקלאדנ, נאכקוקנ ווי די בינדיוזשניקעס בייגנ זיכ הינ־טער זעק, פעסלעכ, קאסטנס, דערנאכ פלעגט ער צוגיינ אונ א פרעג טאנ:

— מיר ארבעטנ, ברידערלעכ?

אונ בײַשײַ־גיריק ארויסרײַסנ דאס געלט בא די אגלאדערס פונ די הענט, כויזעק מאכנ:

— מירנ אויסטרינקענ פאר אײַער געזונט!

די בינדיוזשניקעס פלעגנ פרווונ זיכ ווערנ, אבער גיט איינעמ פונ זיי האט ניקאנאר די ביינער געבראכנ.

געהאסט האט ניקאנאר אויכ די שאכטיארנ. ער פלעגט קומענ אינ ענגנ נאריאד־צימער, ארויסשלעפנ א פלאש בראנפנ, אוגערקעס, ווורשט, א בולקע, צוזעצנ זיכ אפנ דיל אונ רייצנ זיכ מיט די ארבעטער.

אינ די זעלטענע ניכטערע טעג פלעגט אימ אנכאפנ א בענקעניש נאכ דער שאכטע נאכ. ער פלעגט ניט אויסהאלטנ, אנטלויפנ די שאכ־טיארקע אונ זיכ אראפלאזנ אינ זאבוי. ער פלעגט פארכאפט ארבעטנ א טאג, צוויי טעג, נאר אומצופרידנ מיט דער אָרדענונג דא, פלעגט ער זוכנ פאסיקע רעגעס אפ צעקריגנ זיכ מיטנ דעסיאטניק, מיטנ אינ־זשעניער אונ פלעגט צוריק אוועקגיינ אפנ מארק.

דעמ האס זײַנעמ האט דער זיידע אריבערגעטראגנ אויכ אפ דער פאמיליע.

ער פלעגט אומגעריכט באווײַזנ זיכ אינ דעמ ערד־שטיבל, זיכ ניט באגריסנ, אנ שומ צערעמאניעס זיכ אויסציענ אינעמ פארלײַזיקטנ אנטאנ אפ דער מאמעס בעט. ליגנ פלעגט ער לאנג, שווײַגנדיק, רײַ־בערנ, קרעכצנ.


709—4

— פאפאשע, וואָלט איר כאָטש פאר די קינדער זיכ נעשעמט, — פלעגט די מוטער זאָגנ מיט טרערנ אינ די אויגנ. דער טאטע פלעגט זיצנ א מארעשכווירעדיקער, קוקנ אינ פענצטער ארײַנ.

דעמ ברודער קאָזמא האָט דער זיידע געהאסט דערפאר, וואָס יענער טרינקט ניט קיינ בראָנפנ, גייט ארומ אינ א ריינ העמדל, טראָגט לאנגע האָר, זיצט שטענדיק אונ ערנסטער בא די ביכער, פארשווינדט מיט גארבוזנ אפ עפעס פארזאמלונגענ. אז קאָזמא פלעגט מוסערנ דעמ זיידנ, פלעגט דער אלטער ווײַס ווערנ פאר כעס, זיכ ווארפנ אינ געשלעג, ארויסטרײַבנ דעמ אייניקל אינ דרויסנ ארויס.

קאָזמא האָט זיכ באזעצט אינ די זאוואָד־קאזארמעס אונ פלעגט אָפט קומענ צו אונדז צוגאסט. געווענ איז ער א שטרענגער. ער פלעגט קיינמאָל ניט לאכנ, שפארנ זיכ מיטנ זיידנ.

— זיידע, אייג בלוט בא אונדז, נאָר דו ביסט א פרעמדער, די פירסט דעמ ארבעטער אפ א קרומענ וועג.

ניקאנאָר האָט עס ניט פארשטאנענ אונ ניט געוואָלט פארשטיינ. ער האָט געהאסט די באלופעס־סאבאטשייעוויקע, וועלכע ער אליינ האָט באשאפנ.

אז דעמ זיידנ פלעגט נימעס ווערנ דאָס פוסטעפאסעווענ, פלעגט ער ווידער אוועקגיינ אינ דער ביליקער גאָרקיכ — צו די קאפצאָנימ, צו די שווינדלער, צו די גאסנפרויענ.

איינמאָל איז ער ארויסגעגאנגענ פונ אגאנעסאָווס שענק אונ וואקלענדיק זיכ ארופגעדראפעט אפנ ערד־שטיבל פונעמ האָרנער גאר־בוז, אנגעהויבנ צעווארפנ דעמ דאכ. איז ארויסגעלאָפנ די אש־האָריקע יעווראכע, גארבוזעס ווײַב, זיכ צעגוואלדעוועט.

דער זיידע האָט געשריענ:

— פארוואָסזשע וווינט ניט דײַנ מאנ אינ א שטיינערנעמ הויז? פארוואָס־זשע גיט איר ניט א כאפ באמ גאָרגל דעמ פראנצויז? בלויז מיט דער צונג קענ ער דרייענ גלאט אינ דער וועלט ארײַנ!

גארבוז האָט רויק נאָכגעקוקט נאָכ ניקאנאָרנ אונ גערעדט:

— שלאָג, גראָמיר, פעטערל ניקאנאָר! אָבער וועמענ גראמירסטו, גיב א קוק, פארוואָס גייסטו עס ניט טאָג צומ באלעבאָס? פארוואָס כאפסטו אימ ניט אָנ באמ גאָרגל?

ניקאנאָר האָט זיכ אָפגעשטעלט, האָט א שעפטשע געטאָנ:

— דעמ דײַטש... קארל פראנצאָוויטשנ?

אונ איז שאָקלענדיק זיכ, אראָפגעקראָכנ פונעמ ערד־שטיבל.

איינמאָל האָט ער אפנ מארק באגעגנט א פערד, וואָס איז אײַנ־געשפּאנט אינ א לאקירטנ קאליאס. דאָס וויסטיסיקע שיינע פערד האָט מיט קליינגעדיקנ קלאפּ געיאָגט איבערנ מארק. דער עקיפּאזש האָט געטרישטשעט מיטנ גומי פונ די שינעס אונ געבלענדט דעמ מארק די אויגנ מיט זײַנ גלאנצ, מיט די שפּיגל־העזעלעכ.

ניקאנאָר האָט פאנאנדערגעשטויסנ די וואנט פוסטעפּאסניקעס, האָט א שפּרונג געטאָנ אקעגנ דעמ פערד, זיכ אָנגעכאפּט בא די צוימ־לעכ־רימענס, אונ נאָכשלעפּנדיק זיכ עטלעכע מעטער, אָפּגעשטעלט דעמ עקיפּאזש. ער האָט אראָפּגעשלעפּט דעמ טרײַבער פונ די קאָזלעס, אָנגעצויגנ די לייצעס אונ אָנגעהויבנ א געשפּרעכ מיטנ דײַטש.

— איכ האָב אָפּגעארבעט אינ אײַער שאכטע 35 יאָר. איכ האָב אָנגעהאקט טויזנטער וואגאָנג קוילנ. איכ האָב בא אײַכ אויפגעגעסנ בערג מיט שטויב. אונ איצט קומ איכ אינ סאָרטיר ארײַנ אונ זע אונ־טער זיכ שטויב, איכ וועל נאָכ לעבנ הונדערט יאָר אונ די קוילנ וועלנ פונ מיר ניט ארויס. אינ די זאבויענ זײַנענ געבליבנ מײַנע שווארצע לאָקנ, אפ קוילנ האָב איכ אויסגעביטנ מײַנ ווײַב.

ענגער אונ געדיכטער האָט זיכ צונויפגעדריקט ארומ דעמ עקי־פּאזש דער מארק־המונ, הייס געאָטעמט אפ ניקאנאָרנ.

— די קוילנ האָבנ זיכ מיר אײַנגעזויגנ אינ בלוט ארײַנ. בא די קוילנ האָט מײַנ ווײַבל געבוירנ א זונ. די קוילנ וועלנ מײַנע קינדס־קינדער געדענקענ! הערט איר, וואָס איכ רייד, קארל פראנצאָוויטש.

יאָ, דער דײַטש האָט געהערט! ער האָט מיט קיינ פינגער קיינ ריר ניט געטאָנ. ער האָט פארגעסנ אונ אָטעמ צו טאָנ.

— וואָסזשע פאר א באלוינונג וועט איר מיר געבנ פאר די 35 יאָר? וואָס פארא?

ער האָט געהערט די דולע היצ־רייד פונעמ אָרעמאנ אונ ניט פאר־שטאנענ זײַנע ווערטער. ער האָט געזענ בלויז די אויגנ.

ניקאנאָר איז געשטאנענ א שמאָלצער, ווי א ריכטער, וואָס נעמט זיכ אָנ פארנ עמעס. ער האָט געפרעגט באמ דײַטש:

— נו, וואָס־זשע וועט איר אונדז געבנ? מיט וואָס פאר א גליק וועט איר אונדז דערפרייענ?

דער מארק האָט אויפגעהערט האנדלענ, געשטאנענ אינ א שטײַפנ רינג ארומ עקיפּאזש, די גאָראָדאָוויעס האָבנ געפײַפט, געפאָכעט מיט די נאהײַקעס. נאָר דער רינג האָט זיכ ניט צעעפנט.

דער דײַטש האָט דאָס לאָשנ פארלאָרנ.

ס'זײַנענ געקומענ צו רײַטנ פּאָליציײלײַט אפ פערד. מיט די טלאָען פונ די פערד האָבנ זיי פאַנאַנדערגעריסנ די שטײַפּע געדיכט־קײַט פונעם האַמוינ, צוגעקוועטשט ניקאַנאָרנ צו די צעהיצטע זײַטנ פונעם אָגער און אוועקגעפירט אימ אינ פּאָליציי-צירקל אַרײַנ.

אפּאַס, א סאַכ טעג איז ניקאַנאָר פאַרפאַלנ געוואָרנ, גאַנצ סאָבאַ-טשיייעווקע האָט גערעדט, אַז מע וועט דעמ זיידנ פאַרטרײַבנ אינ ווײַטנ סיביר אַרײַנ. די מאַמע איז געוואָרנ בעסער און מילדער צו אונדז.

אָבער, דער זיידע האָט זיכ אומגעקערט א טויב געוואָרענער, א קרומער. ער האָט דערציילט, אַז מע האָט אימ געשלאָגנ אינ פּאָלי-ציי־צירקל מיטנ קאָפּ אינ דער וואַנט אַרײַנ און אַרויסגעלאָזט האָט מענ אימ נאָר ווײַל ער איז אַלט.

כ'האָב אײנמאָל געטראָגנ פונעמ אָפּפאַל־אָרט טשוהונ־סקראָפּ און האָב זיכ צונויפגעטראָפנ מיטנ זיידנ אפנ מאַרק. דער זיידע האָט א קראַצ געטאָנ דעמ קאָפּ, פאַרזשמורעט אנ אויג און זיכ צעשריִענ אפ דער גאַנצער לענג פונ די האַנדלס־רייענ:

— הא, האָרעפּאַשנע באָכערל, ווי לעבסטו עס?

ער איז צוגעגאַנגענ, האָט צוגענומענ דעמ זאַק מיט אײַזנ, צע־שאָטנ און אוועקגעשלעפּט מיכ בא דער האַנט אינ גאָרקיב אַרײַנ. ער האָט פאַרנומענ דעמ גאַנצנ טיש מיט טרעבוכע, מיט אוגערקעס, מיט בראָנפנ.

— קײַ, קײַ, באָכערל. גיס אינ זיכ אַרײַנ צו דרײַ לעפל פאַראַמאָל, שטאָפּ אָנ דעמ בויכ.

דערנאָכ האָט ער מיכ אַרומגעפירט איבערנ מאַרק:

— כ'האָב זיכ א וועגווײַזער, א פירער געפונענ.

אַפּהערנאַכט האָט ער מיכ אוועקגעפירט אינ נאַכטלעגער־הויז. אײַנגערעדט מיר דעמ קאָפּ מיט שמאַטעס און אײַנגעלערנט מיט מיר:

— איז ער דענ א טאַטע? א מיִעסער נעפּעש. צווינגענ דאָס באָ־כערל צונויפנעמענ זשאַווערדיק אײַזנ. גיי מאָרגנ, שפּײַ אימ אָנ אינ די אויגנ אַרײַנ און קומ אהערצו. וועסט שוינ מער ניט אומשלעפּנ זיכ איבער די אָפּפאַל-ערטער.

פונעם זיידנ האָט געשמעקט מיט מויקעכצ. די לופט איז געווענ אזוי געדיכט, אַז דאָס לעמפּל פלעגט האַלטנ זיכ אינ אײנ לעשנ.

איכ האָב זיכ צעוויינט. דאָס גאַנצע נאַכטהויז האָט דראָענדיק אויסגעשטרעקט צו מיר די פויסטנ, דער זיידע האָט מיר פאַרשטאָפּט דאָס מויל, נאָר איכ האָב אַלצ געשריִענ:

— אהיימ! מ — א — א — מ — ע — ע — ע!

דער זיידע האָט זיכ אופגעהויבנ פונ די טאַרעס, א כאַפּ געטאָנ עפּעס הינטערנ קאָלנער אונ, ניט באַטראַכטנדיק עס, צעקוועטשט. דערנאָכ האָט ער מיכ אָנגעכאַפּט באמ אויער־לעפּל, אַראָפּגעשלעפּט פונ די טאַרעס, איימעדיק א געשריי געטאָנ.

— לויפּ, היצטיש בלוט!

די טיר האָט הינטער מיר א קנאַק געטאָנ. פונ פאָרנט, פאַר מיר — שאַכטע־פינצטערניש, פאַרקנס, היגט. ציטערנדיק מיטנ גאַנצנ קערפּער, אָפּט אומקוקנדיק זיכ, בינ איכ געלאָפנ דורכ די ליקלעכ צו מײַנ פוילנ רוי. זײַט האַנ איז דאָס לעבנ מיר פינצטער געוואָרנ.

דער זיידע האָט אָנגעהויבנ כויזעק מאַכנ פונ מיר. ער פלעגט פאַרוואַרפנ די הענט אפ הינטנ אונ נעמענ מיכ יאָדענ:

— נו, וויאַזוי, מאַמזערל, נעמסט צונויפ זשאַווער? ס׳וועלנ בא דיר די פיס אָפּגענומענ ווערנ, מיעסער באָכערעצ, בײַהנע מאַמזערל.

איכ פלעג וויינענ. שפּעטער האָב איכ אָנגעהויבנ אויסבאַהאַלטנ זיכ אינ א ווינקל, אונטערנ בעט, ווי נאָר ס׳פלעגט זיכ בא דער טיר פונעמ ערד־שטיבל אײַנבייגנ דעמ זיידנס פיגור.

איינמאָל איז ער געקומענ שיקער אונ זיכ געלאָזט קריכנ נאָכ מיר. ער האָט זיכ אויסגעצויגנ אפנ דיל, זײַנ האַנט האָט זיכ אײַנגעטונקענ אינ דער פינצטערניש אונטערנ בעט, ער האָט מיכ א כאַפּ געטאָנ באמ פוס, א שלעפּ געטאָנ איבער דער ערד, קיינ שומ אכט ניט געלייגט אפ מײַנ קוויטש.

דער טאַטע האָט אופגעהערט וואַשנ זיכ. שטייענדיק מיטנ זייפ אפנ האַלדז, האָט ער א געשריי געטאָנ:

— טשעפּע ניט, פאַפּאַשא!

דער זיידע האָט אויסגעדרייט דעמ קאָפּ, אופמערקזאַמ א קוק געטאָנ דעמ טאַטנ אינ די אויגנ אַרײַנ, פאַמעלעכ זיכ אופגעהויבנ, רויִק אַראָפּגעטרייסלט דעמ שטויב פונ זיכ, אונ א כאַפּ געטאָנ מיכ באמ אויער, אָנגעהויבנ קנייטשנ, ריידנדיק דערבײַ:

— דו קעלעוול, פאַרוואָס אַנטלויפסטו פונעמ זיידנ? ס׳איז דיר, בײַהנע גענעש, געבליבנ צו לעבנ צוויי שאָ, וויל איכ דיכ גוט אָנקוקנ.

דער טאַטע האָט א כאַפּ געטאָנ דעמ זיידנ בא די אַקסל, א שלײַדער געטאָנ אימ אינ א זײַט אַרײַנ, אופגעהויבנ מיכ אונ גענומענ גלעטנ מיר דעמ קאָפּ.

דער זיידע האָט זיכ שטומ־שווײַגנדיק מיט ניט אײַלנדיקנ טראָט

געלאָזט אפנ טאטנ. יענער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אינמיטנ ערד־שטיבל און דער זיידע האָט מעגלעכ צום ערשטנ מאָל דערפילט קוועכ אינ זײַנ זונ. נאָר געמאכט האָט ער דעמ אָנשטעל, אז ער זעט עס ניט. ער האָט זיכ צעפּאָכעט מיט דער רעכטער האנט, פארהאלטנ זי א האלבנ מעטער די ווײַט פונעמ טאטנס קאָפּ און פלוצלינג ארויסגעשלײַדערט דעמ לינקנ פויסט צומ טאטנס קינבאק. דער טאטע האָט זיכ אויסגעשרײַענ שטיל אָנ א קרעכצ.

מער האָבנ זיכ שוינ קיינמאָל פרידלעכ ניט באגעגנט דער פאָטער מיטנ זונ. זיי פלעגנ זיכ שלאָגנ, מיימעסנ אפנ דנאָ פונעמ פוילנ רוי, לעבנ די קאָנטראָל־טויערנ פונעמ זאוואָד, ווו דער זיידע פלעגט ספּעציעל ווארטנ אפנ טאטנ, אפ יענער זײַט פלייש־קלייטנ פונעמ מארק.

ארומ דעמ געשלעג פלעגט זיכ צונויפנעמענ א האמוינ. איינ ס׳פלעגט דערבײַ זײַנ גארבוז, פלעגט ער שרײַענ:

— אָט, כאוויירימ, צו וואָס די באלעבאטימ דערפירנ די ארבעטמענטשנ. זיי האָבנ פארזייט אינ דער נעשאָמע זײַנער דעמ קיאָס, קעדיי ס׳זאָל ניט זײַנ צווישנ אונדז קיינ פרײַנטשאפט.

מיר פלעגנ זיכ פארשפארנ, נאָר דער זיידע פלעגט מיט די אקסל אויסזעצנ די טיר, און זיכ אָנהייבנ שלאָגנ מיטנ טאטנ. איינמאָל האָט זיכ די מאמע אוועקגעשטעלט בא דער טיר מיט א קאָטשערע און האָט דעמ זיידנ צעקלאפט דעמ קאָפּ. פונ דעמאָלט אָנ האָט ער אופגעהערט גיינ צו אונדז. אָבער דער האס האָט שוינ פארסאמט דאָס ערד־שטיבל.

דער זיידע פלעגט אָנ ראכמאָנעס שלאָגנ די בינדיוזשניקעס, זיי בארויבעווענ. איינמאָל האָבנ זיי זיכ צונויפגענומענ א קאָמפּאניע, האָבנ אימ פארנארט אינ א קעלער, צוגערעקט מיט זעק און מיט צעגרייקער הענט און פיס געקנאָטנ און געבראָכנ דעמ געהאסטנ קערפּער. באנאכט האָבנ זיי גנייווויש געבראכט אימ צו פירנ צו די פוילע רויענ, אימ א וואָרפ געטאָנ לעבנ אונדזער ערד־שטיבל אינ זײַנע פארשוואונדנ.



אינדערפרי האָט מענ געפונענ ניקאנאָרנ לעבנ דעמ פארויבערטנ פענצטערל פונ אונדזער ערד־שטיבל. דער גרויסער קערפּער איז געווענ צעווייכט און אײַנגעשטילט. א וואָכ האָט ער ניט געקענט קומענ צו זיכ. אינ היצ האָט ער געבראָכנ די הילצערנע זײַטנ פונעמ בעט.

ס'זײַנען בײַ אים אָפּגעשלאָגן געוואָרן די לונגען, דער לעבער, צע־בראָכן די ריפּן, צעקלאַפּט דער רעכטער פּנים.

און פּונדעסטוועגן איז דער מעשוגענער ניקאַנאָר לעבן געבליבן.

ער האָט געעפֿנט די אויגן, אָנגעהויבן רירן מיט דער לינקער האַנט און אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער. די מאַמע האָט אײַלנדיק דערלאַנגט מיר אַ גרויסע בלעכענע קוואַרט. איך האָב זי צוגעטראָגן דעם זיידן. ער האָט לאַנג געקוקט, ניט דערקאַנט. דערנאָך האָט ער זיך פֿאַרקנייטשט, אויפֿגעהויבן אַ שווערע גלײַכע האַנט, אַרויסגעזעצט די קוואַרט און אַרויסגעשיפּעט:

— דאַרע בעהיימע אומגליקלעכע!

ער האָט מיד אַראָפּגעלאָזן די וויִעס, אויסגעקערעוועט צו דער וואַנט דעם ווײַסן קאָפּ.

פֿאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי דער זיידע? פֿאַר מײַן דאַרקײַט? צי ביז איך רעדן טאַקע אַזאַ מאָגערער, שוואַכער? עמעס טאַקע, די פּיס מײַ־נע זײַנען ענלעך אַף הויל־פֿאַרדרייטע פֿלודערן. נאָר קיין מעסיקן שוואַכער בין איך דאָך ניט. איך האָב דרײַ וויאָרסט געשלעפּט צו 2 פּוד סקראָפּ, און די מאַמע, אַז זי האָט מיך געבאָרן, האָט זי געזאָגט דעם טאַטן:

— גיב אַ קוק, אָסטאַפּ, סאַנקע האָט דעם זיידנס ביינער, ער וועט זײַן אַזאַ בופּלאָקס, ווי דער זיידע.

גאַנץ סאָבאַטשייעווקע האָט מיך ניט ליב געהאַט. אַז איך פֿלעג צוגיין צו די יינגלעך, פֿלעגן זיי שפּײַען און שרײַען:

— די נעווילע איז געקומען! פֿו, — פֿו, — גיי גיכער אַוועק! — און פֿלעגן פֿאַרשטיקן די נעזער.

די ווײַבער פֿון די פֿוילע רויען, אַז זיי פֿלעגן מיך באַגעגענען, פֿלעגן זיי אונטערקוועטשן די ליפּן, דרייען מיט די קעפּ און קלאָגן, ווי איבער אַ מעס.

— אוי גאָטעניו, ער פֿוילט לעבעדיקערהייט.

איך האָב זיי געהאַסט, כ'פֿלעג אַנטלויפֿן און פֿאַרוואַרפֿן מיט שטיינער.

די יינגלעך פֿלעג איך פּאַקן אײַנציקווײַז און מיט די פּיס, מיט די ציין באַצאָלן זיי פֿאַר אַלע אוולעס.

ליב געהאַט האָט דער זיידע נאָר וואַרקען. זי פֿלעגט אַרומגיין אַרום אים, פֿלענט אים בײַטן די נאַסע טיכלעך אַפֿן קאָפּ, פֿלעגט אים צו־טראָגן טרינקען און מילך פֿרעגן בײַ אים:

— וואָס גלוסט זיך איַיך, זיידעניו?

דער זיידע האָט געקוקט אַפ איר מיט נאַסע אויגנ אונ שטיל געשעפּטשעט:

— א לימענע גלוסט זיך, ווארקע, אַ לימענע.

גארבוז פלעגט קומענ צו גייג אונ ריידנ האָפּענונגלאָז:

— אָט, ווענ מע זאָל א דאָקטער צו ניקאנאָרנ רופנ, אָדער אינ א גוטנ שפּיטאָל אים אָפּגעבנ, וואָלט ער עפּשער געזונט געוואָרנ.

איז ער אָט אזוי געלעגנ ניקאנאָר. פונ לאנגנ ליגנ האָבנ זיך באַווייזנ וווּנדנ אַפנ קערפּער. נאָר ער האָט ניט געקרעכצט, די אויגנ זיַינענ בא אים ניט געוואָרנ ווייכער. בלויז די באָרד האָט זיך געזילבערט. די הויט האָט אָפּגעבליאַקעוועט אונ געשורשעט, ווי א דורכגעטריקנטער בלאט.

ניקאנאָר האָט ניט געקאָנט לעבנ מיט זיכרוינעס. ער האָט געוואָלט אומקערנ דעמ רעשט פונ זיַינ קערפּער כאָטש א ברעקעלע פונ זיַינ אַמאָליקער קראפט. ער האָט געוואָלט אָפּלעבנ די לעצטע טעג פּונקט אזוי שיקער, ווי באַמ טייַך אינ דער גאָרטיג, צווישנ די האנדלרייענ, צווישנ די סקלאדנ, צווישנ די קלייטנ פונעמ מארק.

איינמאָל, אַז דער טאטע איז אַוועקגעגאנגענ אַפ דער ארבעט, האָט דער זיידע א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ אונ שטיל א שעפּטשע געטאָנ:

— הארפּינע, טעכטערל...

די מאַמע האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט, האָט א שליַידער געטאָנ א בליק אַפנ זיידנ אונ גיך זיך איבערגעציילעמט. זי האָט גערעכנט — געקומענ ראָס, אַפ וואָס זי האָט אזוי לאנג פּיַינפול געווארט.

ס'האָבנ אַפ איר געקוקט הונגעריקע אויגנ. זיי האָבנ געגלאנצט, געמאכט דעמ זיידנ יינגער. ער האָט, האלט זיך, צוגעגרייט זיך צו עפּעס אַ פּיַיערלעכנ איניענ.

דער זיידע האָט קאַפּצאָניש אויסגעשטרעקט א לאנגע האנט, גענומענ רירנ מיט די פינגער אונ צעבלאָזנדיק שפּיַיעכץ אינ די וואָנצעס, א בעט געטאָנ:

— הארפּינע, טעכטערל, פארנ טויט קלעמט מיר אונטערנ הארצנ, גיב זשע נעראָווע א האלב פלעשעלע. אונטער דער קייוועץ-ברעט וועל איך דיר דאנקענ.

אינ די אויגנ — עמעסע טרערנ, זויבערע אונ היפּשע. די האנט אזא געבעכדיקע אונ נישטיקע. אינ די ווערטער — גלויבנ אינ דער לעצטער רעגעדיקער פרייד.

די מאמע האָט זיכ אפילע קיינ קוועקל ניט געטאָנ. זי האָט א קלונג געטאָנ מיטנ געלט, האָט זיכ געלאָזט לויפנ אינ דער קאזיאָנ־קע אונ געבראכט א האלב פלעשל בראָנפנ.

אפדערנאכט האָט זיכ דער טאטע אומגעקערט פונ דער ארבעט. דערזענ דעמ טאטנ, האָט זיכ דער זיידע צעברומט, איז אונטערגע־שפרונגענ מיטנ אויסגעדארטנ הינטנ, האָט זיכ א ריס געטאָנ אונ זיכ אראָפּגעוואלגערט אפנ דיל. דער טאטע האָט זיכ אָנגעבויגנ אופצו־הייבנ אימ אונ האָט דערשמעקט דעמ רייעכ פונ בראָנפנ. ער האָט זיכ מיט כידעש אויסגעקערעוועט צו דער מאמענ:

— שיקער?

זי האָט געקנייטשט מיט די הענט דעמ פארטעכ, אויסגעווישט מיט אימ די טרוקענע אויגנ, די ליפנ האָבנ בא איר געציטערט, זי האָט זיכ גלייכ מוידע געווענ:

— אזוי האָט ער געבעטנ פארנ טויט.

דער טאטע האָט פאמעלעכ אופגעהויבנ דעמ פויסט, אונ ניט איילנדיק, מיט מאָרעשכוירעדיקער אויסגערעכנטקייט א האק געטאָנ די מאמע אינ אויער אריינ. זי איז אומגעפאלנ, אפילע קיינ אויקע ניט געטאָנ. אונ ער איז געשטאנענ איבער איר מיט א נידעריק־אראָפּגע־פאלענעמ קאָפּ, מיט שווארצע סקולעס אונ האָט אפ עפעס געווארט. די מאמע האָט שטיל אנ אויקע געטאָנ. דאנ האָט דער טאטע אופ־געהויבנ די לאפּטיע, וואָס מיט רויט־בראָנזענעמ ארצ־שטויב, אונ גע־נומענ טאָפּטשענ, שלאָגנ די שרייענדיקע מאמע.

ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אָפּגעווישט זיכ דעמ שוויים, באטראכט ווי יא פרעמדער זיינ ערד־שטיבל אונ ווי ער וואָלט זיכ פארכידעשט, וויאזוי האָט עס אימ פארטראָגנ אהערצו, איז ער ארויסגעלאָפנ, גע־לאָזט אפ דער געל־געוואָרענער ערד רויטע שפורנ.

געלאָפנ איז ער אינ אגאנעסאָווס שענק אריינ!

וואונדערלעכער, באגליקנדיקער אנשטאלט! וואָס וואָלט סאָבא־טשוייעווקע געטאָנ אָנ דיר? פאר וועמענ וואָלט אָסטאפּ גאָלאָד זיכ גע־קלאָגט אפ זיינ וויסטנ מאזל? פאר וועמענ וואָלט ער פאנאנדערגע־ריסנ דעמ קאָלנער פונ זיינ לעצטער העמד, געקלאפּט זיכ אינ דער האָריקער ברוסט אונ געפייפט, געקרעכצט:

— האָב איכ דענ ניט אויכ אזעלכע הענט, אזא קאָפּ, ווי אנדערע מענטשנ? וואָס־זשע בינ איכ אומגליקלעכער פונ אלעמענ? א, גאָ־טעניו!

ניט געוווּסט האָט ער, אַז האָט זעלבע פרעגט גאַנצ סאָבאַטשיי־ עווקע. דער אַנשטאַלט האָט גערופנ פאַרגעסנ אַלצ, אַ שפּיי טאָנ אפנ אומגליק, אפנ ערד־שטיבל, אפג ווייב.

פונעם שוועגן פליגנ צו אונדז שטענדיק אומגליקנ אָנקומענ. אָט איצט האָבנ קאָזמאַס כאַוויירים, וואָס אַרבעטנ אינ דער נאַכט־אומ־ ביים, בלייבע, מיט טרינקענט אַפ די סקולעס, זשערנע געשלונגענ דאָס ביר, האָבנ געשוויגנ אונ מוירע געהאַט אַ קוק צו טאָנ אײנער דעמ אַנדערנ אינ די אויגנ אַריינ. זיי האָבנ זיכ געשפּאַרט, ווער זאָל גיינ אינ אונטזער ערד־שטיבל דערציילנ וועגנ דעמ, וואָס ס'איז געשענ היינט באַנאַכט אינעמ וואָלצ־צעכ. קיינער האָט ניט געקאָנט זיכ אַנט־ שליסנ גיינ איינער אַליינ.

געקומענ זיינענ זיי אינ ערד־שטיבל אַריינ אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, אַרומגענומענע. זיי האָבנ זיכ ניט באַגריסט, קימאַט אויסגעשריגנ:

— מאַמעניו, גיי אינ שפּיטאָל אַריינ, נעמ אָפּ קאָזמאַס אָנטאָנ!

אונ זיי זיינענ אַנטלאָפנ, אַ קלאַפּ געטאָנ מיט דער טיר, מוירע געהאַט פאַר די פראַגעס אונ פאַרנ געיאָמער.

## פינפטער קאַפּיטל

קאָזמאַ איז געקומענ צו גיינ אינעמ ערד־שטיבל אַריינ אַ טרוקע־ נער אונ אַ בלייכער, ווי אויסגעזאָטנ אינ געדיכטנ קאַלכ. ער האָט גע־ שפּאַנט איבער גאַנצ סאָבאַטשייעווקע אונ די שפּיטאָל־וועש, וואָס איז מיט גאָרניט ניט געווענ צוגעדעקט. דער ליידיקער אַרבל פונעמ לאַנגנ העמד האָט זיכ געבאָמבלט אַרויסרופעריש, דער לייכטער ווינט האָט זיכ געשפּילט מיטנ אַרבל.

דער ברודער איז שטיל אַריינגעגאַנגענ אינ ערד־שטיבל.

געשמעקט האָט ער אַזוי, אַז איכ האָב געזענ זיינ ברויג־ אונ־ בלויע צונג, וואָס איז אופגעשוואָלנ, ווי שימלענדיקע פּיש־זשאַברעס.

ער האָט אופגעהאַנגענ די פּאַריאָסעמטע האַנט זיינע לענגויס דעמ גאַנצנ קערפּער: אַ וווּנדערלעכ־לאַנגע איז זי די האַנט — ס'קלעקט פאַר איר קיינ אָרט ניט לעבנ די פיס. זי דראַפּעט מיט די נעגל די געלע לייט פונעמ פּריש־באַשמירטנ דיל אינעמ ערד־שטיבל.

אַרומ איז שטיל. דער זיידע ניקאַנאָר האָט ניט דערטראָגנ דאָס בלעכענע קווערטל צומ זשעדנעמ האַלדז. דער מאַמענ איז די האַנט

מיט דער נאָדל צוגעוואָקסנ צו די לאַטקעלעכ. ניורקע, מיטקע אונ איכ האָבנ אָנגעהויבנ סאָפּענ מיט די נעזער.

קאָזמאַ האָט זיכ א ציי געטאָנ, האָט א שלוקערצ געטאָנ, ווי נאָכ א שטאַרקנ געשריי. ער האָט א בעט געטאָנ.

— טרינקענ!

קלאָגעוודיק אונ דינ האָט א קלונג געטאָנ דאָס קווערטל אינעמ זייערנס הענט. די מאַמע האָט זיכ א כאַפּ געטאָנ, גענומענ זיכ אײַלנ. מיר זײַנע מונטערער געוואָרנ, זײַנענ אראָפּגעקראָכנ פונעמ אויוונ.

די דריטע ניורקע איז צוגעגאַנגענ, א געמ געטאָנ דעמ ליידיקנ ארבל, א שאר געטאָנ אינ אימ אונ שרײַענדיק א פרעג געטאָנ:

— קוזקע, ווּהינ האָסטו עס באַגראָבנ די האַנט?..

דער ברודער האָט א פלאַטער געטאָנ. געטראַכט האָט זיכ, אז ער האָט געוואָלט א קלאַפּ טאָנ דאָס מיידעלע, נאָר ער האָט זי בלויז אופגעהויבנ, באַהאַלטנ די נאַס געוואָרענע וויִעס אינ די האָר אירע.

דער זיידע האָט זיכ אונטערגעהויבנ אפנ בעט. מיט קרומע ליפּנ האָט ער געמיט זיכ עפּעס זאָגנ. ער האָט געציטערט, געגלעט די באָרד אונ קיינ וואָרט ניט געקאָנט ארויסריידנ.

איכ בינ גליקלעכער פונ קאָזמענ. איכ בינ שוינ געווענ א גרויסער, א זיבניאָריקער, ווענ איכ האָב זיכ דאָס ערשטע מאָל געלאָזט אפנ זאַוואָד־שיפּ צונויפנעמענ טשוהונ־אָפּפאַל. אונ ער, ווענ ער איז נאָכ קיינ פינפ יאָר ניט אַלט געווענ, איז ער שוינ געגאַנגענ מיטנ טאַטנ גאַנווענענ שטרוי פאַר מאַטראַצנ, צונויפנעמענ קאָקס. אז ער איז אַלט געווענ 12 יאָר, האָט אימ דער טאַטע אוועקגעפירט אפ דער קוואַרטיר צומ מײַסטער, האָט דאָרטנ אויסגעטרונקענ מאַהאַריטש, א שורשע געטאָנ מיט שמעקעדיקע פּאַפּירלעכ, אונ אפ מאָרגנ איז שוינ דאָס יינגל געגאַנגענ אינ וואַלצ־צעכ אפ אַרבעט.

דער מײַסטער האָט באַשטימט אימ פאַר א שמירער פונעמ „סטאַנ" 280, דער סטאַנ, וואָס האָט דורכגעקײַקלט לאַנגע אונ פלינקע אײַזערנע פּאַסנ, שטאַנגענ, גראָבנ דראָט.

פינפ יאָר האָט דער שמירער געאַרבעט אָנ א הויסאָפּע, אָנ א שטעלע־העכערונג, שטענדיק ארומגעגאַנגענ א פאַרשמאָלצעוועטער אונ גליטשיקער... צוזאַמענ מיט גאַנצ סאָבאַטשייעווקע איז קאָזמאַ געוואַקסנ אָנ אַלפאַבעט. אזא וואָלט ער געוויס פאַרבליבנ. האָט אימ אָבער דער האָרנער גאַרבוז אוועקגעפירט אינ א קרײַזל פאַר אַלפאַבעטנ, געלערנט האָט מיט אימ דאָרטנ א סטודענט א פּראַקטיקאַנט.

...ס'האָט אָפּגעברומט אינעם וואַלצ־צעכ דער הודאָק.

די שמירער זײַנען אופגעשפּרונגען, אָבער צום סטאַנג זײַנען זיי ניט צוגעגאַנגען.

הינטער די שאַפעס האָבן זיי זיך צונויפגעשטופּט, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. קאָזמאַ האָט אַ באַפעל געטאָן מיט שפּרינגענדיקע ליפּן.

— צום דירעקטער!

— צום דירעקטער!

מ'האָט זיך אויפגעשטעלט אין גידיכטער רײ, 'געלאָזט זיך גיין, קלאַפנדיק מיט די הילצערנע פּאָדעשוועס אָנעם אײַזערנעם דיל.

די וואַלצער האָבן ארויסגעלאָזט פון די קלעמערס פײַערדיקע פּאַסן אפן דיל אַראָפּ. די סטענגעס האָבן געבלויט, אָפּקילנדיק זיך. די צונויפקאָכער האָבן פארמאַכט די צודעקלעך פון די אויוונס.

די שמירער האָבן געשפּאַנט פאַרבײַ זייערע פּאָטערס און ברו־דערס. מ'האָט זיי אַ וואָרע געמאַכט. מ'האָט זיי נאָכגעשריִען:

— האַלט זיך, באָכערימלעך!

— ווישט זיך אָפּ די נעזלעך!

— פּאָדערט ביזן סאַמע סאָף!

— זאָלסט זיך נאָר ניט צעשרײַען „מאַמע“!

מיט שטילן, הוילן גאַנג האָבן זיך צעהודעט די סטאַנעס. דער אינזשעניער און דער מײַסטער זײַנען אַרומגעלאָפן איבערן צעך און האָבן געשריִען אף די וואַלצער:

— איי, דאָס שמירעכץ, טראָג אהער דעם אייל, — האָבן מיט איין שטים גערעדט דער אינזשעניער און דער מײַסטער.

די צונויפקאָכער, האָבן געקלאַפּט מיט די צודעקלעך, האָבן זיך געוואַרעמט לעבן די אויוונס, האָבן זיך געמאַכט ניט הערנדיק, זיי האָבן אָנגערוקט די בלויע ברילן, קעדיי גיט זען.

די באַהעלפער האָבן מיט פאַרוואָרפענע קעפּ געזופּט וואַסער פון די קווערטלעך, זיס, לאַנג באַלעקענדיק זיך, זיי האָבן אויך גאָרניט ניט געהערט.

דער אינזשעניער און דער מייסטער האָבן זיך אליין גענומען באַשמירן די סטאַנעס.

און די עמעסע שמירער שפּאַנען דורכן זאַוואָד, טרעטן ניט אָפּ דעם וועג די לאָקאָמאָטיוון, זיי שפּאַנען, ווישן ניט אָפּ דעם שווייס פון די הייסע שטערנס, האַלטן ניט צו די העמדלעך, וואָס פלאַטערן אף דער ברוסט.

זיי שפּאַנענ איבער דער ברייטער אַליי, וואָס פירט צו דער הויפּט־קאָנטאָר...

אינ דירעקטאָרס קאַבינעט זיינענ זיי אַרייַנגעגאַנגענ ניט דרייסט. לעבנ דעמ גלאַנצנדיקנ טיש מיט מאַרמאָר, ניקל, קופּער, סיגאַרנ האָבנ זיי זיכ אָנגעהויבנ טאָפּטשענ אויפ איינ אָרט אונ געטאָנ אַ טראָט צוריק, צו דער טיר. קאָזמע איז אַרויסגעגאַנגענ פאָרויס אונ האָט אָנגעהויבנ.

— מיר זייַנענ לאַנגיאָריקע...

די הינטערשטע האָבנ זיכ אַ צי געטאָנ, האָבנ אַרומגערינגלט קאָזמענ.

—איכ אַרבעט אינ וואַלצ־צעכ דריי יאָר אונ בינ ביז הייַנטיקנ טאָג אָנ אַ לוינ־העכערונג.

— איכ אויכ.

— אונ איכ אויכ.

— אונ איכ אַרבעט שוינ פיר יאָר.

דער דירעקטאָר — אַ שוואַרצער, מיט פּרעכטיקע וואָנצעס, מיט גאָלד אינ מויל, מיט אַ קאָלנערל אַ ווייַסנ, וואָס גלאַנצט אַזוי ווי בלעכ, האָט פאַרשטעלט די אויערנ, צונויפגעקנייטשט דאָס פּאָנעמ.

— ביטע, רויִקייט, ניט אויפגערודערט זייַנ.

— לאָזט אונדז ווערנ לייַט.

— פאַר באַהעלפער...

— איכ וויל ווערנ אַ צונויפקאָכער.

— אונ איכ אַ וואַלצער.

— מיר באַקומענ ווייניק געצאָלט, העכערט דעמ לוינ...

— גוט, קינדער, איכ נעמ אויפ זיכ אייַנרעגולירנ דעמ קאָנפליקט.

דער שטרייַק האָט געדויערט עטלעכע טעג. אויפנ אָרט פונ די שמירער האָט זיכ קיינער ניט געוואָלט שטעלנ צו דער אַרבעט. אינ אַזוי ווי די פאָדערונגענ פונ די שטרייַקער זייַנענ געווענ באַשיידענע, האָט מענ זיי אַ קאָפּעטשקעלע צוגעגעבנ. נאָר אויפנ צווייטנ טאָג איז ערגעץ ווו פאַרשוווּנדנ דער סטודענט דער פּראַקטיקאַנט, קיינער האָט ניט געוווּסט וווּהינ ער איז אַהינגעקומענ.

דער זעכציאָריקער קאָזמע האָט זיכ געשטעלט מיט די קלעמערס צו די ראָלגאַנגענ. זעקס יאָר האָט ער געהאַלטנ אינ איינ פאַנגענ אונ ווענדנ די פייערדיקע סטענגעס אַלס באַהעלפער. ער האָט פולקומ אויסגעשטודירט די אַרבעט, איז ניט אָפּגעשטאַנענ פונ די אַלטע, נאָר באַקומענ פלעגט ער דריי מאָל ווייניקער פונ זיי.

און געלט דארפ ער, קאזומע, האָבנ אזוי פיל.

ער לעבט איינער אליינ, נאָר אינ זײַנ ערד-שטיבל האָבנ זיכ פעסט באזעצט הונגער און נויט. מע דארפ העלפנ כאָטשבי די קליינטשינקע קינדער. קאָזמע לערנט זיכ, דארפ ער האָבנ געלט אפ ביכער. מע דארפ האָבנ געלט אפ שפײַזנ זיכ, אפ אָנטאָנ, אפ וואשנ דאָס גרעט, אפ צו באצאָלנ פארנ ווינקל אינ דער קאזארמע, געלט דארפ מענ נאָכ האָבנ אפ טאבאק, איג פאריינ אריינ, אינ דער הילפ-קאסע, אפ פארטיי-אָפצאָלנ.

געווענ איז אינעם קליינסאָרטיקנ וואלצ-צעכ א ווערקשטעל „בוישער" צוליב אָנפאנג-באארבעטונג פונ דעמ „זאגאטאָווערעס". די ארבעט אפנ דאָזיקנ ווערקשטעל איז ניט קײנ קאָמפליצירטע, אָבער זי פארמאטערט ביז בלוטיקנ שווייס. די מײַסטערס פלעגנ אוועקשטעלנ אהינצו ארבעטער פונ די נײַנקע — בורייטבראָסטיקע, ברייטפּלייציקע יאטנ. די ארבעט אפנ „בוישער" פלעגט בעסער באלוינט ווערנ, אָבער באלאָנימ פלעגט מענ קריגנ ווייניק.

דער האָרנער גארבוז דארפ אויכ האָבנ געלט. זײַנ פאמיליע לעבט אפערעהעלפט פונ נעדאָוועס. האָבנ זיי בײדע באשלאָסנ צו ארבעטנ פונ צײַט צו צײַט אפנ „בוישער". ברענגט גארבוז אָפּ א טאָג אפ דער דאָמנע, און באנאכט גייט ער אינ וואלצ-צעכ ארײַנ מיט קאָזמענ, וועלכער באווײַזט אויכ ניט אָפצוּווישנ זיכ די הענט נאָכ דער ארבעט אינ דעמ באטאָג-אומבײַט.

זיי שטעלנ זיכ אוועק איינער לעבנ אנדערנ. מע דערלאנגט זיי לאנגע קלעמערס. אונטערנ ברעזעגט פונ די הויזנ שפרינגענ בא זיי די מידע קני.

זיי שטייענ. ביזנ קלונג איז נאָכ פארבליבנ עטלעכע מינוט. רוענ זיי אָפּ שטייענדיק, אָנגעשפארט מיטנ קינ אינ די הויכע קלעמערס.

זיי זײַנענ ענלעכ אפ קלאָגמוטערס, וואָס האָבנ ארומגענומענ ציילעמער אפ קווערים. זיי זײַנענ פארשטארט געוואָרנ, באוועגנ אפילע ניט מיט די ווײַעס. באמ יונגנ זײַנענ די ליפנ עטוואָס אופגעעפנט. ס'זעט זיכ ארויס א פאסעקל ציינ, וואָס איז ענלעכ אפ ווײַסנ פלאָמ.

האָט זיכ דער קלונג מיט קופער צעשאָטנ. גארבוז האָט א קוק געטאָנ אפ קאָזמענ.

— הייבנ מיר אָנ.

— הייבנ מיר אָנ, — האָט געענטפערט דער יונגער, פאָרזיכטיק באוועגנדיק מיט די קלעמערס, פאָרזיכטיק שטעלנדיק די פיס: קאָזמע

געדענקט וויפל מענטשנ ס'האָט א כאַפּ געטאָנ דער ראָזיקער טמאַ־נאָק.

אונטער די וואָלקנדלעכ פונעמ צעכס שטאָלענע באַהעפטנ האָבנ פּאַטשנ גענומענ מיט די פליגל אופגערודערטע טויבנ. א פויגל מיט ברוינ־בלויע פליגל, וואָס איז אומגעריכט אַראָפּגעשלאָגנ געוואָרנ פונעמ אײַזערנעמ באַלקנ, איז אַראָפּגעפאַלנ אפ די קאַלטע שטיינער. ער האָט צעפּאָכעט די פליגל לעבנ דער סאַמע ערד, האָט דערשראָקנ זיכ א שלײַדער געטאָנ אַרופ־צו אונ זיכ אוועקגעזעצט אפנ ווערקשטעל, באַטראַכט קאָזמענ מיט מילדע וואַרעמע אויגנ.

קאָזמע האָט אויסגעשטרעקט די פינגער אונ האָט א גלעט געטאָנ די רויכיקע פעדערנ. דאָס טײַבעלע האָט אָנגעהויבנ דעמ קאָפּ, די פליגל האָבנ בא דעמ א ציטער געטאָנ, נאָר אוועקגעפלויגנ איז עס ניט. קאָזמע האָט א זיפצ געטאָנ אונ זשאַווערדיק א סקריפּע געטאָנ מיט די קלעמערס. אויבנ האָט אומעטיק, נאָגנדיק געוואָרקעט דער טשובאַטער „ער“, גערופנ די כאַווערטע.

די צונויפקאָכער האָבנ אַרויסגענומענ פונעמ אויוונ די ערשטע „זאַגאָטאָווקעס“ אונ האָבנ זיי א שלײַדער געטאָנ אפנ די וואַרעמנדיקע האַקנס פונ די וואַלצער. יענע האָבנ אָנראַסמאָנעסדיק געווענדט צומ שמאָלנ האַלדז פונ די ראָלגאַנגענ דעמ צאַרטנ ווײַסנ שטיק מעטאַל אונ מיטאַמאָל פאַרגעסנ אָנ אימ, אופגענומענ בא די צונויפקאָכער די צווייטע „זאַגאָטאָווקע“, די ערשטע האָט זיכ אײַנגעטונקענ אינ די קאַליבערנ פונ די ראָלגאַנגענ. ס'האָבנ זי געריכטעט די קלעמערס, וועלכע ס'האָבנ א כאַפּ געטאָנ האַרטע פאַרגרעבטע הענט.

— איז אָנגעהויבנ! — האָט דער יונגער געבענטשט.

— אָנגעהויבנ, — האָט א שעפּטשע געטאָנ דער אָנצייניקער.

זיי זײַנענ ענלעכ אפ מענטשנ, וואָס פאַנגענ פײַערדיקע שלאַנגענ. זיי האָבנ זיכ אויסגעבויגנ איבערנ שוואַרצנ אָפּגרונט פונ דער נאָרמע, האָבנ אויסגעשטרעקט די קלעמערס קעגנ דעמ לאָכ פונעמ קאַליבער, אונ די הענט זייערע וויגנ זיכ, וואַרטנדיק אפ דער בליצשנעלער שלאַנג.

טרוקנ אונ קלינגענדיק האָבנ א קלאַפּ געטאָנ די ראָלגאַנגענ. אינ אײַזערנעמ ריגנ האָט ניט דרייסט געטאָנ א קוק אַרויס א גיפּט־שפּיזעלע, אונ טייקעפּ טאַקע האָט א ווײַסקעפּיקע שלאַנג, דרייסט ווערנדיק, זיכ א הייב אופ געטאָנ ווי א בליצ, א גיכע, אָנ אומבערעכנדיקע. קאָזמע האָט באַוויזנ צו פאַרשטאָפּנ דעמ געפערלעכנ גאָרגל. ער האָט

דורכגעטאנצט מיט איר, האָט פלינקער א נעם געטאָנ די קלעמערס אונ פלוצלינג א גלאנצ געטאָנ מיט די ציינ, זיכ צעפּאָכעט, ארײַנגע-רוקט דער שלאנגס קאָפּ, וואָס פלאָם-פײַערט פאר קאס, אינ דער צווייטער נאָרמע פונ די ראָלגאנגענ. זי האָט זיכ ארויסגעבויגנ מיט פאר-פלאָנטערטע רינגענ.

קאָזמע האָט אויפגעהויבנ די הענטשקע צום שטערנ, האָט קאָסע א קוק געטאָנ אפנ טײַבעלע. דאָס טײַבעלע האָט זיכ באשאָטנ מיט פוכ-שנייעלעכ פונ דער אייגענער ברוסט, וועלכע ס'האָט צעשרודערט מיטנ שנאָבל.

פונ דער נארמע איז ווידער ארויסגעשפרונגענ א שלאנג, נאָכ דינ-נער, נאָכ לענגער אונ בליצשנעלער. נאָכ איר האָבנ זיכ געלאָזט לויפנ נאָכ אונ נאָכ. גארבוז אײַלט מעשוגענערהייט, דרייט זיכ, שלײַ-דערט זיכ פונ איינ זײַט צו דער צווייטער, באווײַזט קוים ארויסצו-כאפנ אנ אײַזערנעם פאס פונ קאליבער-נאָרמע אונ באהאלטנ אימ אינ א צווייטער.

די צונויפקאָכער פירנ צו, ניט מיד ווערנדיק, מיט ברייטנ שפּאנ, אלצ נײַע אונ נײַע „זאגאטאָווקעס". די וואלצער פארטשעפּענ די מילכ-ווײַסע, דערווײַל נאָכ דרימלענדיקע שלאנגענ אפ די האקנס ארופ אונ שיקנ זיי אינ וואלצ-סטאנ ארײַנ. דאָרט לעבנ די שלאנגענ ווידער אופ אינ בליצשנעלנ געלויפ.

קאָזמע הייבט אָנ ביסלעכווײַז פארלירנ די געדאנקענ. ער האָט פארגעסנ, אז אָט ערשט ניט לאנג, ווענ ער האָט געענדיקט דעמ בא-טאָג-אומבײַט, האָט אימ שטארק גענאָגט דאָס הארצ פונ הונגער.

אצינד ווילט זיכ טרינקענ. קאָזמע הייבט אָנ געגעצנ אונ טראכטנ נאָר וועגנ וואסער, פארגעסט דאָס ערד-שטיבל אונ די גאנצע אָרעמ-קײַט זײַנע.

פארגלוסט האָט זיכ א שלײַדער טאָנ אונטער די פיס די זשאווער-דיקע קלעמערס, א לויפ טאָנ צום קראנ מיט וואסער, פארוואַרפנ דעמ קאָפּ אפ דער פּלייצע: זאָל דאָס שטראָמל שלאָגנ גלײַכ אינ גאָרגל ארײַנ, דורכטראָגנדיק זיכ קאלט אונ בריִענדיק אינ פינצטערנ אינעווייניק.

מע טאָר ניט. דאָס גלעקל שווײַגט נאָכ. קאָזמע גיט זיכ צעקאסט א וואָרפ אפ די שלאנגענ, קלאפט זיי די קעפּ, טאנצט מיט זיי, דרייט זיכ מיט זיי. ער כאפט זשעדנע די ווײַסע פאסנ איינס נאָכנ אנדערנ. ער פרווט צוילנ זיי. די ציפערנ לויפנ צעמדליקערווײַז, יאָגנ זיכ, אונ דעמ סאָפּ זייערנ זעט מענ ניט.

ס׳דאכט זיכ קאָזמענ, אז דאָרט, הינטער זײַנ פּלייצע, ווו לעבנ די אויוונס שטייענ אינ בלויע ברילנ די צונויפקאָכער, וואקסט אויס אַנ אָראַנזשעווער וואלד, וואָס ווארפט ארויס די שלאַנגענ אינ אָנגריפ, דער אָנגריפ וועט דויערנ קאָלזמאַנ ער, קאָזמע, וועט ניט אוממאַלנ אַנ קוילעס. אונ דאַנ וועלנ די שלאַנגענ ארומנעמענ זײַנ קערפּער אַזוי ווי רייפנ, אונ דאָס גיפטשפּיזעלע וועט, אָנגעזעטיקט, אָפּקילנדיק זיכ, אָנצאָרנדיק שיפּענ אָפּ דער ברענענדיקער ברוסט.

אונ קאָזמע דרייט זיכ שוינ מער ניט, טאַנצט ניט. ער ווארפט נאָר ארויס די שווער געוואָרענע הענט, שלאָגט זיכ אָפּ פונ דער אײַנ־זערגער אטאקע, פּארטײַדיקט זיכ אלץ שטילער אונ האַכנאָעדיקער..

... דאָס רויכיקע טײַבעלע האָט א רייניק געטאָנ דאָס גלאַנצנדיקע שנעבעלע, האָט א שפּרונג געטאָנ, האָט ווינטיק א רויש געטאָנ, האָט פארלאָזט די שווארצע ריפּנ פונעם וואלצ־סטאַנ, איז אוועקגעפלויגנ צו דער טשאַטע, וואָס דרעמלט אינ דער הייכ. אהינ, ווו ס׳קוקט פונ־כיק דורכנ פענצטער ארײַנ דער צאַרטער באַגינענ.

קאָזמע האָט ניט געזענ ווי דער טאָג ווערט געבוירנ. ער האָט ארויסגעשטרעקט צו דער נאָרמע די קלעמערס: איצט וועגנ זיי זיכ שוינ מער ניט. נאָר זיי ציטערנ אונ העגענ. ער ווארט, ס׳זאָל זיכ באַווײַזנ די פײַערדיקע שלאַנג.

ער ווארט א שאָ — זי איז ניטאָ. א גאַנצע נאַכט, א גאַנצע אייביקײַט, וואָס איז צונויפגעוועבט פונ דורכזיכטיקער פינצטערניש, זומפּיקער אונ קלעפּיקער פינצטערניש.

די הענט זײַנע ציטערנ. די קלעמערס בייגנ זיכ צו די אײַזערנע ציגל.

דעמ סטאַנס שווארצער קאַליבער איז לײדיק אונ קאַלט. קאָזמענ דאַכט זיכ, אז ס׳האָט זיכ פארענדיקט דער שלאַנגענ־אָנפאַל. ער באַ־וועגט שטיל־שטיל מיט די ליפּנ, אָפּ וועלכע ס׳איז פארזאָטנ א טרוקנ, שנײַדנדיק גלעזערנ קאָרקעלע.

ער האָט אופגעהערט ווארטנ אונ האָט ארויסגעלאָזט פונ דער האַנט די קלעמערס. די שווער געוואָרענע קלעמערס האָבנ א דומפּנ קלאַפּ געטאָנ אָנ דיל.

ער וויל אָפּווישנ דעמ פײַכטנ שטערנ, אויסגלײַכנ דעמ קאָפּ, וואָס איז צוגעדריקט מיטנ טיכל, נאָר א נידערטרעכטיק גיפטשפּיזעלע איז פּלוצלינג ארויסגעפלויגנ אָנ א וואָרענונג. אַנ אײַזערנער פּאַס, וועלכנ ס׳האָט דערצאָרנט די ניט אופמערקזאַמקייט, האָט ארויסגעהאקט

די קלעמערס, האָט ווי מיט א מעסער אָפּגעשניטנ די האנט העכער פונ עלנבויגנ. פונ קאָזמעס הויכנ געשריי האָבנ זיכ צעשלײַדערט די טויבנ, האָט א פלאטער געטאָנ דער פלאָמ אינ די אויוונס. דער פּאָס איז דורכ צווישנ קאָזמעס פיס, האָט זיכ פארפּלאָנטערט, האָט צעדרויבערט דעמ ברעזענט פונעמ אַנטאָג. קאָזמע האָט אַג אונטערגעהאַקטער זיכ א וואַלגער געטאָנ אפ די קני, האָט געקרעכצט, זיכ געצויגנ צומ סטאַנ, ווי ער וואָלט געוואָלט ארויסרײַסנ פונ סטאַנס גאָרגל די אָנגעוואָרענע האנט.

דער אָנצייגיקער האָט אנ אויקע געטאָנ פאר שרעק, האָט א הייב געטאָנ די קלעמערס אונ א קלאפּ געטאָנ איבער דער גאַנצ פארבליבענער האנט, וואָס האָט זיכ אליינ געצויגנ צומ אומקום.

צומ „בושער“ זײַנענ זיכ צונויפגעלאָפנ מענטשנ. ס'האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט די סטאַנעס, ס'האָבנ אראָפּגענומענ די ברילנ די צונויפקאָכער, ס'האָבנ געוואָרפנ די קלעמערס די וואַלצער. דער מײַסטער איז ארומגעלאָפנ צווישנ האמוינ. מע האָט אימ ארויסגעשטופּט.

ס'האָט געברומט דאָס גלעקל. עמעצער האָט געהילכט, געהונערט מיט אײַזנ.

קאָזמע איז געלעגנ א האָרבאַטער אונ א פּײַכטער, באדעקט מיט זשאווער. גארבוז האָט זיכ שעמעוודיק אָנגעבויגנ.

— א לעבעדיקער? — האָט געפרעגט דער אָנצייניקער.

דער זשאווער־קערפּער האָט זיכ שוואכ א ריר געטאָנ.

— א לעבעדיקער, — האָט עס ארומ א שורשע געטאָנ.

דער האָרנער גארבוז האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, האָט א כאַפּ געטאָנ די קלעמערס, אָנגעשפּארט זיכ אָנ זיי, ניט ווי אָנ א ציילעמ, נאָר ווי אָנ א ביקס אונ האָט א זאָג געטאָנ:

— ניינ, ניט קיינ לעבעדיקער.

אלע האָבנ זיכ ארויסגעקערעוועט צו אימ.

— א קאַליקע!

די צונויפקאָכער, די וואַלצער, די באהעלפער, די שמירער, די שווארצארבעטער האָבנ געשוויגנ אונ האָבנ מיט די אויגנ געבעטנ, ער זאָל ריידנ נאָכ אונ נאָכ. דער אָנצייניקער האָט א טרייסל געטאָנ מיט די קלעמערס אונ האָט אָנגעהויבנ:

— ער האָט געארבעט 20 יאָר. ער האָט געוואָלט עסנ. אונ אז אנ ארבעטער פארגלוסט זיכ עסנ, שלײַדערט מענ אימ אפ די קני אונ מע וואָרגט אימ. גיט א קוק...

די מײַסטערס האָבנ זיכ אַרײַנגעריסנ אינ האַמױנ אַרײַנ, האָבנ זיכ געריסנ צו גאַרבוזנ. נאָר די אַרבעטער האָבנ זיכ אַ לאָז געטאָנ אַקעגנ זײ, האָבנ אַ שלײַדער געטאָנ די מײַסטערס אַרונטער די לאַפּ־טיעס, אַרונטער די הילצערנע שיכ, זײַנענ אַרופֿגעטראָטנ אַפֿ די ברוסטנ זײערע.

— שלאָג! — האָט אַ געשרײ געטאָנ דער אָנצײַיגיקער, אופֿהײבנ־דיק די קלעמערס.

— ביז בלוט!

— ביז בלוט!

— שטיקער פֿלײש אַרױסרײַסנ!

...די קאָזאַקישע טלאָענ האָבנ געקלאַפּט אָנ אײַזנ, אָנ די שטײנער, אָנ די שװעלנ פֿונ סאָבאַטשײעװקע.

אָבער דער פֿלאַמ אינ צעכ האָט ניט געפֿלאַקערט.

מע האָט אינ פּאָליצײ־צירקל געשלאָגנ גאַרבוזנ, געפּײַניקט די צו־גױפֿקאָכער, געשלאָגנ אונ געסטראַשעט די װאַלצער, זײערע באַהעלפֿער.

אָבער דער צעכ איז װי פֿריִער געבליבנ לײדיק.

מ'האָט געפּרוּװט אונטערקױפֿנ דעמ אָנצײַיגיקנ: מע האָט אימ אַרױסגעלאָזט פֿונ טורמע, קעדײ ער זאָל װירקנ אַפֿ די שטרײַיקער.

אָבער דער צעכ האָט ניט אופֿגעלעבט. טױבנ האָבנ זיכ געזעצט אַפֿ די קאַרניזנ אונ אַפֿ די צורעקלעכ פֿונ די אױװנס.

דער שטרײַיק האָט זיכ געענדיקט, װענ מע האָט אַפֿנ „בושער" אַװעקגעשטעלט פֿאַרהיט־נעצלעכ, װענ מע האָט געהעכערט דעמ לױנ, װענ מע האָט אָנגעהױבנ אַרױסגעבנ מילכ דעמ נאַכט־אומבײַט.

...קאַזמענ, דעמ אײנהאַנטיקנ, אַז ער איז געזונט געװאָרנ, האָט מענ באַשטימט פֿאַר אַ קערער אינעמ װאַלצ־צעכ.

אַ געעלטערטער, איז ער טיפֿער אַרײַנגעקראָכנ אינ די ברעזענטענע הױזנ, דאָס היטל האָט זיכ אימ אַװעקגעזעצט סאַמע אַפֿ די סקולעס. די ליפּנ זײַנע צעפּענענ זיכ קײנמאָל ניט. מיט דער האַנט, װאָס האָט פֿאַרלױרנ די פֿאָר, דריקט ער צונױפֿ דעמ בעזעמ אונ קערט.

די שטעכיקע שטיקער דראָט קראַצנ דעמ אײַזערנעמ דיל. דעמ קאַליקע גלוסט זיכ מיט דעמ דאָזיקנ משונה־שװערנ בעזעמ צעקלאַפּנ דעמ קאָפּ דעמ דירעקטער, אַרױסרײַסנ די אױגנ בײַ דעמ מײַסטער, ס'גלוסט זיכ אימ אונטערצינדנ די סטאַנקעס, צעברעכנ די אױװנס, צע־טרעטנ דעמ פּינטעלעכנ זאַװאָד. נאָר ער צעטרענצלט ניט גומיבט אונ אופֿװישט די סינע זײַנע, קאָזנע.

אין אונדזער ערד־שטיבל האָט קאָזמע אופגעהערט אריינקומען. ס'האָט אים ענדגילטיק אוועקגעפירט גארבוז. און מער האָט שוין קיינמאָל בא קאָזמען ניט אופגעוואכט דער וואסמאַנעס אַגן זיידן. ער פלעגט זאָגן:

— נעצ ביסטו, זיידע, שימל.

קאָזמע איז אוועקגעגאנגען, הורבלאָזנדיק פארויס דעם לוידיקן ארבל זײַנעם. אוועקגעגאנגען אף לאנג, אף א סאך, א סאך יאָרן.

## זעקסטער קאפיטל

אין די יאָנטעוודיקע באגינענס פארקריכט וואָרקע צו מיר אפן אויוון ארופ, טוליעט זיך מיט די שמעקנדיקע האָר צו מײַן באק און שעפטשעט:

— סאָניע, שטיי אוף, פלינקער, די זון וועט באלד אופגיין, מירן פארשפעטיקן.

איך וואש זיך ניט, בעט אוים בא הער מאמען א שטיק ברויט און פארלאָז דאָס ערד־שטיבל, אײַל זיך נאָך דער שוועסטער.

מיר גייען דורך שלאָפנדיקע גאסן. נאָך די לעצטע ערד־שטיבלעך גיט וואָרקע א טיפן זיפץ, זעצט זיך אוועק אף דער ערד, זי נעמט אראָפ די פארוסינענע טופליעס, רײַסט אראָפ דאָס טיכל פון די האָר און א באָרוועסע, מיט אן אופגעהויבענעם קאָפ לויפט זי דורכן קילן סטעפ. זי שרײַט הויך און קלינגענדיק צו מיר, אז איך זאָל זי דעריאָגן.

גיכער פון מיר לויפט קיינער ניט אין סאָבאטשייעווקע. איך פארשאר די הויזן און יאָג זיך נאָך וואָרקען.

זי ווערט אָבער אלץ קלענער און קלענער.

העט ווײַט, מיט קײַן שטיין וועסטו אהין ניט טרעפן, לייגט זי זיך אוועק אף א בערגעלע, לייגט צונויף די דלאָניעס איבער די ליפן, — שרײַט:

— סאָ־אָ־אָ־ניע, סאָניושקע, גיכער, גיכער...

איך קום צו לויפן. זי גיט א כאפ מײַן האנט, און מיר ליגן באנאנד, אופהייבנדיק שטויב. דאָס גראָז רוישט אונטער אונדזערע פיס, ס'טרעשטשעט דער פאראיאָריקער בוריאן. ס'ווינט זיך ווילדע ראָמאשקע. פון אונטער די פיס שוועבט ארוים מיט א פײַפערײַ א

פערעפעל. ווארקע שטרויכלט זיכ מאכמעס אומדערווארטקייט, שטעלט זיכ אפ, אפ שפיצ פינגער גאנוועט זי זיכ צו יענעמ ארט, פונוואנענ דער פערעפעל האט ארויסגעשוועבט, שטעלט זיכ אפ די קני, צעדריקט פארזיכטיק דאס גראז, זוכט די נעסט.

— אוי, — האט זי אויסגעשריענ, רוקנדיק זיכ אפ צוריק, — סאניע, זיי זיינענ נאכ נאקעטע, זיי פישטשענ!

אינ א גריבל, וואס איז באלייגט מיט ווייכע שטיינדלעכ, פארפלענ זיכ פערעפעלקעלעכ, אופהייבנדיק די הוילע ביינדעלעכ פונ די קוימ שפראצנדיקע פליגל.

איכ האב אויסגעשטרעקט די האנט, געוואלט נעמענ איינס. ווארקע האט זיכ דערשראקנ, גענומענ טופענ מיטנ פוס.

— טשעפע ניט! אונ טייקעפ צוגעדעקט די נעסט, צוגעקוועטשט איבער זיי דאס גראז, ווי א שאטער, אונ א באַרויִקטע צוגעגעבנ:

— סאניע, דו טשעפע קיינמאל ניט די פייגעלעכ מיט די הענט, די מוטער זאגט זיכ דאנ אפ פונ זיי.

אונ ווידער לויפנ מיר דורכנ סטעפ. מיר טאפטשענ אינ די הויכע, לאנגע גראזנ, דער טוי נעצט אונדזערע פיס, ס'פאטשנ אונדז בערע־לעכ, ס'בריט אונדז קראפעווע. מיר באמערקנ גארניט.

ווארקענ סטייעט קיינ אטעמ ניט, זי שטעלט זיכ אפ, כאפט דעמ אטעמ, שרייט מיט פארמאכטע אויגנ:

— אוראו=כ, סאניע, סאנקע!

דעמ ווייטערדיקנ טייל וועג גייענ מיר פאמעלעכ, עטוואס איינגע־שטילטע פונ מידקייט. מיר שפאנענ צומ טייכ סעווריאנקע. דער טייכ ליגט באמ סאמע זוימ וואלד.

מיר טוענ זיכ אויס. ווארקע הענגט אופ אפ די צווייגנ איר גרינ ציצנ קלייד, זי גלעט אויס איירע פאלדנ. דערנאכ צעיאגט זי זיכ פונעמ ברעג מיט הויכ־אונטערגעווארפענע פיאטעס, לויפט צומ טייכ. פירס־קענדיק ווי א ציג פאלט זי אפ דער סעווריאנקעס דריבנע כוואליעס אונ פארווארפט ווייט די הענט, פאשעט ווי מיט רודערס.

איכ זיצ אפנ ברעג אונ ווארט אפ ווארקענ, איכ האב מוירע צו באדנ זיכ. זי שווימט צו מיר אפ דער פלייצע, גייט ארויס אפנ זאמד, שפאגט צו מיר, גלאנצנדיק מיט ווייסע טראפנס. זי כאפט מיינע הענט אונ, פארגייענדיק זיכ אינ געלעכטער, שלעפט זי מיכ אינ טייכ ארייג. איכ וויינ, לאז זיכ ניט, זי רעדט מיכ אייג:

— האב קיינ מוירע ניט, סאניע, נאר.

ארומגעבאַפּט דער שוועסטערס האַלדז, ליגנדיק אַף איר פּלייצע, שווײַג איך צום מיט טײַך און פּיל ניט קיין שרעק.

מיר באַשפּריצן איינס דאָס אַנדערע, מיר לויפן, מיר וואַלגערן זיך אין זאַמד. אַז די זון, אַ הייסע, אַ גרויסע, גייט אַרויס פון יענער זײַט וואַלד, לייגן מיר זיך אַוועק אַפן גראָז, וואַרעמען זיך. וואַרעמע צע־שפּרייט די האָר. נאַסע און גליטשיקע לאָזן זיי זיך אַראָפּ צו די פּיס, קילן די קני. די שוועסטער קוועטשט אויס פון די האָר דאָס וואַ־סער, שטעלט אונטער דעם קאָפּ קעגן דער זון.

דערנאָך גייען מיר אין וואַלד אַרײַן. וואַרעמע באַהאַלט זיך אויס פון מיר אין אַ רוי און לויפט אַרויס פון דאָרטן מיט אַ בינטל קוויטן: ווילדן מאָך, ראָמאַשקע.

איך בין מיד, ס׳ווילט זיך עסן. איך בעט די שוועסטער:

— וואַריע, קום אַהיים.

זי קערעוועט זיך אויס צו מיר. פון די הענט אירע פאַלן אַרויס די קוויטן, די ליפּן ציטערן.

— מע טאָרף ניט, סאַניע... ס׳איז דאָרט קאַלט.

בײַ זון־פאַרגאַנג קערן מיר זיך אום אַהיים. וואַרקע שפּאַנט מיט די רויטע באַקן אַ מאַמע. הינטערן פּאַס סטאַרטשען בײַ איר בו־קעטלעך מיט ראָמאַשקע, אין די האָר אירע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אַ טרוקן שטענגעלע פון אַ בעריאָזע־צווײַגל.

זי האָט אָנגעגאָסן אין אַ קענדל וואַסער, אַרײַנגעשטעלט אַהין די פאַרבליבענע קוויטן און צוגעטראָגן דער מאַמען:

— נאַ, מאַמע, שמעק.

אינעם ערד־שטיבל איז ליכטיק געוואָרן. ס׳האָט גענומען שמעקן מיט וואַלד, טײַך און זון. דער זיידע ליגט אַ שטילער, אַ שמייכלענ־דיקער. מיטקע און ניורקע שרײַען קלינגענדיק:

— וואַר, גיב אונדז אַ ליוטיק, אַ ליוטיק.



וואַריע כאַפּט זיך אויף צוזאַמען מיטן פאָטער. אין פענצטער איז נאָך פינצטער. די שויבן ווייִנען מיט טרער־שטראָמען, סע קלאַפּן די טראָפּנס. סע סקריפּעט דער לאָדן. די שוועסטער וואַשט זיך. שפּריצט האַשיק מיטן קאַלטן וואַסער. רײַבט די הויט ביז רויט און דערנאָך, ביז דער פאָטער טוט זיך אָן, קעמט זי לאַנג די האָר, קוקט אין שפּיגל אַרײַן.

די נאַסטע שויב ווערט ליכטיקער, דער לאָדן האָט זיך באַרויִקט. דרייסטער און איַנגעשפּאַרטער קלאַפּן די טראָפּנס. וואַריע גייט צו צום פענצטער, זאָגט:

— א רעגן. — זי קוקט אַפּן איזוועלע, ווו ס'טריקענען זיך אירע לאַפּטיעס. — נו, וויאַזוי=זשע וועל איך עס גיין?

זי זעצט זיך אַוועק אַפן טאַבורעט און רוקט אַריַן דעם פוס אין דער לאַפּטיע, וואָס שמעקט מיט שוויים. די פאַרשלאָפענע מאַמע פאַרבינדט אין צוויי רויטע צוויי שטיקלעך קלומעקלעך ברויט, צו פאַר קאַרטאָפל, א ברעקל כאַזער־שמאַלץ. זי הייבט אָן מיך וועקן.

איך דאַרף גיין אַפן שלאַק־שיפּוּן צונויפנעמען איַנזן־אָפּפאַל.

דער זיידע האָט זיך אויפגעכאַפּט און דרייט זיך. וואַרקע בייגט זיך אָן צו מיר — א שמעקנדיקע און א ווייַסצייניקע. זי קושט די באַקן מיַנע:

— צום ווידערזען, סאָניע, איך וועל א מאַטאַנע ברענגען...

זי שפּאַנט צו דער טיר. אַפ די אַקסלען אירע איז אַרופגעוואָרפן א זאַק אַפ צו באַשיצן זיך פונעם רעגן, זי האַלט צו דאָס ליַוונטענע קליידל, דער זיידע שפּילט מיט די פינגער, רופט זי צו זיך. ער מורמלט:

— וואַריושע, פאַרגעס=זשע ניט, דאָס, וואָס דו האָסט צוגעזאָגט... א לימאָנטשיקל. ס'ברית, ס'ווילט זיך זויערס, ווי עס ווילט זיך אָטעמען, טו א טויווע.

— כ'וועל ברענגען, אומבאַדינגט.

שפּאַנענדיק לעבן דעם פאָטער צום זאַוואָד, צעטרעטנדיק די בלאָטע, פילט זי ווי ס'ווערן בא איר פיַכט די פיאַטעס, וואָס זיַנען באַנאכט אָנגעוואַרעמט געוואָרן, און זי טראַכט:

— „א לימענע, געלט, עפּשער וועט נאַסטינקע ליַען, זי איז א מענטש מיט געלט“.

נאַסטיע גייט אַפ דער אַרבעט אין גוס=צעך, ווי אַפ א יאָנטעוו. שוואַרצע האַלב=שטיוועלעך פון ווייכן לעדער, א וואָלן שאַלעכל מיט בלויע געוועבן אַפ דער גאַנצער פּלייצע, און אין טיכעלע צוגעטוליעט צו דער ברוסט, שורשען נייַנקע רובלען. וואַרקען כידעשט דער כאַווערטעס רײַכקייט. פונוואַנען נעמט זיך עס? באַקומט דען ניט נאַסטיע די זעלבע 50 קאָפּעקעס?

אז זי קומט אין גוס־צעך אַריַן באַהאַלט די שוועסטער דאָס קלומעקל, טוט אָן אַפּן האַלדז א פאַרטעך, ווי ס'טראָגן מויערער, און זי

שרײַט צום ווײַטנ ווינקל צעכ, וווּ ס'האָט זיכ צונויפגעזאמלט א בינטל ארבעטערנ:

— מיידלעכ, מיידלעכ, א גוטמאָרגנ!

יענע ענטפערנ אלע צוזאמענ, פריילעכ:

— א ג־ו־ט י=אָ=אָ־ר, וואר־י־י־ו־שע! אײַדא, אהער!

שמייכלענדיק, וויגנדיק מיט די קלובעס, גייט זי אהינ.

מע לאָזט זי דורכ צום מיטנ קרײַז, מע נעמט זי ארום בא די אקסלענ.

בײַנ הודאָק איז נאָכ פארבליבנ עטלעכע מינוט.

די באוועטעס שטופנ ווארקענ, בעטנ:

— ווארױשע, הייב אָנ...

זי פארוקט די האָר ארונטערנ טיכל, שטופט ארויס די ליפנ, שמייכלט, לאָזט אראָפ די וויִעס, גיט א טיפנ אָטעמ אונ הייבט אָנ הויכ אונ קלינגענדיק:

„אוי, אפ יענער זײַט וואלד,
אפ יענער זײַט גרינינקנ וואלד...”

פריילעכ כאפט אונטער די קונדייסישע ליד דער מיידל־כאָר.

מיט געלעכטער, מיט פרייד שפילנ די אויגנ. ס'וויגנ זיכ די ברוסטנ, פונ די הייסע קעפ קריכנ אראָפ די טיכלעכ, רויט ווערנ די באקנ.

לעבנ די זינגענדיקע גייענ פארבײַ גראָווע גיסער. איינער מיט א פאר־ברוינט פאָנעמ, מיט א שפיציק בערדל, אינ ברילנ, שטעלט זיכ אָפ. ער קוקט צארט אונ ווארעמ אפ די מיידלעכ אונ מיט דער אָפגעברי־טער דלאָניע גלעט ער זיכ די וואָנצעס, די בלייכע אָפגעבליאקעוועטע ברעמענ גיבנ אלעמאָל בא אימ א ציטער. פונ אלע עקנ צעכ לויפנ גיכ, פארטשעפענדיק זיכ, לויפנ צום כאָר יונגע באָכערימ. זיי שטופנ זיכ צונויפ אינ א קרײַז, ווארטנ צו אפנ הויכנ ניגנ־אָנהייב, אונ באהעפטנ זייערע שטימענ מיט די מיידלשע.

די ליד טראָגט זיכ אונטער דער פארויכערטער הויכער סטעליע פונעמ צעכ, קלינגט, אָנשטויסנדיק זיכ אָנ דינעמ אײַזנ, צעשיט זיכ אונ פליט ארופ, א שטארקע, א פרישע, א רופנדיקע.

אלע האָבנ פארגעסנ, אז מע דארפ צוועלפ שאָ דרייענ זיכ לעבנ דעמ פײַער פונ די וואגאָנעטקעס, לעבנ די פאָרמאָווקעס, לעבנ דער ערד־מישלקע. מע דארפ פירנ טאטשקעס, איבערקערנ בערגנ מיט לײמ, זאמד, ערד.

שטיל, אונטערוויענדיק, האָט זיכ צעזונגענ דער הודאָק, די שטי־

מענ האָבנ א ציטער געטאָנ. דער כאָר האָט דערלאַנגט א פּלאַטער. דער ברומ אונ דער פײַפ פונעמ האַמפ האָט דערשטיקט, צעווייט די ליד. איבערנ צעכ האָט זיכ פּאַרדומפּט אונ קלאָגעוודיק צעהילכט דער טשור־הונענער גאַנג. ס'איז דורכגעלאָפנ דער מײַסטער, ס'האָבנ זיכ טרוקנ צעשורשעט די רימענס פונ דער טראַנסמיסיע אפ דער ערדמישלקע. זײַנענ זיכ פאַנאַנדערגעגאַנגענ אפ די ערטער די סאָבאָטשייעווקער זינגער.

ווארקע איז געשטאַנענ מיט א לאָפּעטע לעבנ א קופּע פײַכטנ זאַמד אונ ליימ. איר כאַוועררטע נאַסטיע, מיט פלאַמענדיקע באַקנ, אינ א רויטנ טיכל האָט זיכ גענומענ פאַר דער טאַטשקע. א הויכברוסטיקע אַרבעטערנ האָט א כאַפּ געטאָנ דאָס טראָג־ברעטל, אוועקגעשלעפּט עס אינ דער טיפ פונ גוס־צעכ. נאָכ איר האָט זיכ געלאָזט לויפנ א מיידל, אונטערשפּרינגענדיק, קלאַפּנדיק אינ דער פלייצע מיט די שטײַפע צעפּ, וואָס זײַנענ איבערגעבונדנ מיט א העל־רויטער סטענגע.

ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ דער אַרבעטטאָג.

אינ ווינקל צעכ שטייט אנ אײַזערנער טיש, וואָס קלינגט אלעמאָל, ווענ די לאָפּעטע גיט זיכ א ריר צו איմ. ער איז ענלעכ אפ א קליינעמ צירק־מאַנעזש: איז פּונקט אזוי בליאַסקענדיק־אויסגערייניקט. דער טיש איז אַרומגערינגלט מיט הויכע באָרטנ. אינ צענטער טיש — אנ אַקס. אפ דער אַקס, וואָס איז גראָב אונ פעסט, זײַנענ פאַרפעסטיקט צוויי אָפּגעפּאָלירטע וואַלנ. אונטערגעטריבנ דורכ דער טראַנסמיסיע, שפּרינגענ זיי אזוי ווי דרעסירטע פערד איבערנ מאַנעזש. ווארקע וואַרפט אַרונטער זייערע פיס זאַמד, ערד, ליימ. די צוויי אײַזערנע וואַלנ קלאַפּנ מיט די טלאָענ איבערנ מאַנעזש, אָניאָגנדיק איינער דעמ צווייטנ, מישנ צונויפ דעמ זאַמד אָנ די ערד אינ א רויטער געדיכטעניש. דאָס איז די ערדמישלקע.

פונ נאַסנ זאַמד איז דאָ פינצטער אונ פײַכט. מיט א ליולקע אינ די געלע ציינ זיצט דער דעסיאַטניק, טרעט ניט אָפּ, גיט אלעמאָל א געשריי מיט אײַנגעכאַזערטנ טאָנ:

— היי, נו, שייניהייטנ, לעבעדיקער! היי, נו, ווײַבעלעכ, גיכער!..

ווארקע בייגט ניט פאַנאַנדער די פלייצע, הייבט ניט אופ דעמ קאָפּ, דרייט אויס די הענט, וואַרפט אַריבער דעמ אַקסל זאַמד אינ דער ערדמישלקע אַרײַנ. דער זאַמד איז נאַס. שווער, ער ציט צו דער ערד. ס'ווײַסנ זיכ איבער די אַקסל, לעבנ דער ברוסט, לעבנ דער ערד, לעבנ דער ערדמישלקע ווארקעס געזונטע, קרעפּטיקע הענט.

די שטײַפ־אָנגעצויגענע אָדערנ אפ די הענט זײַנענ שוינ אופגעשװאָלנ. אונ ס'האָט זיכ דאָכ אָט נאָרװאָס געענדיקט דער איבעררײַסנ.
אָט נאָרװאָס האָט די זונ דורכנ פענצטער א קוק געטאָנ.

גאָר נאָענט דאָס באַקאַנטע כריפּענדיקע קאָל:

— היי, שײנהײטנ, לעבעדיקער! היי, נו, װײַבעלעכ, גיכער!

נאַסטיע קײַקלט די טאַטשקע. די הילצערנע ראָד קלאַפּט אָנ רעלס, דרײט זיכ, לויפט. די טאַטשקע איז אָנגעפילט מיט זאַמד. זי איז שװער אונ פינצטער. נאַסטיע לויפט נאָכ דער ראָד, ברײט צעװאָרפנ די פיס, ס'פּאַטשט אינ זײ דאָס קלײד, שפּילענדיק מיט געלע קאָלירנ. נאַסטיע לויפט צו צו דער ערד־קופּע, גיט א װאָרפ די האָלאָבליעס ארופ אונ די טאַטשקע קערט זיכ איבער, װאַרפט ארויס דעמ זאַמד. נאַסטיע גיט א כאַפּ די טאַטשקע אונ לויפט צוריק.

א טאַטשקע נאָכ א טאַטשקע. נאַסטיע לויפט נאָכ דער גוט־באַשמירטער ראָד. דער רויטל אפ די באַקנ אירע איז שוינ בלײכ געװאָרנ. דאָס טיכל האָט זיכ אראָפּגערוקט, צומ זײט קלײד האָט זיכ צוגעטשעפּעט לײמ, דאָס 'נײַ פונעמ צאַרטנ שײַכעלע איז צעדראַפּעט, די פראַנטיכע באַמערקט גאָרניט ניט.

סאַמע איבערנ אויער הײזעריק, באַקאַנט, װי מיט א בײַטש:

— היי, נו, שײנהײטנ, לעבעדיקער! היי, נו, װײַבעלעכ גיכער!

די הויכברוסטיקע ארבעטערנ מיט איר באַװאָרטע טראָגנ צו פוכיקע ערד, װאָס שמעקט מיט שװעבל, זײ הײבנ אופ דאָס טראָגבערטל אזוי װי א בריק. אופגעהויבנ, טוליענ זײ צו די הענטלעכ פונעמ קאַסטנ צו די קלובעס אונ כאַפּנ דעמ אָטעמ. זײ רירנ זיכ שטיל, װיגנדיק זיכ, ניט אופהײבנדיק די לאַפּטיעס. צוגעגאַנגענ צו דער קופּע, לאָזנ זײ אײַליק ארויס דאָס טראָגבערטל. שטײענ, װאַרטנ, װער װעט זיכ די ערשטע אָנבײגנ צומ קאַסטנ.

דער דעסיאַטניק איז אינ קאַס פאַר דער לאַנגזאַמקײט.

בעשאַס װאַרמעס־איבעררײַס האָבנ זיכ פרײלעכ צעלאָזט די סאָבאָטשײעװקער מײדלעכ. איבעריאָגנדיק אײנע די אנדערע, האָבנ זײ זיכ געלאָזט לויפנ צו דער זאַמד־טרוקלקע, פאַרכאַפּנ אנ ערטל װו צו בראָטנ קאַרטאָפל. געגעסנ האָט מענ דעמ קאַרטאָפל, דעמ װײַסנ, װאָס צעשײט זיכ לײַכט — צוזאַלצנדיק, באַלעקנדיק זיכ. געשלונגענ האָט מענ גילדנ שמעקנדיק ברויט, פאַרטרינקענדיק מיט מאַלענע־טײ.

נאָכנ װאַרמעס איז קײנ קויכעס ניט צוגעקומענ. אַלצ אָפּטער אונ

אָפּטער האָט זיכ אָפּגעשטעלט די לאָפּעטע אינ ווארקעס הענט. אלצ מער אונ מער האָט זיכ געגלוסט פאנאנדערהייבנ זיכ.

אז ס׳האָט א ברומ געטאָנ דער הודאָק אפ „שאבאש“, איז ווארקע קימאט אומגעפאלנ אינ זאמד ארײַנ. עטלעכע מינוט איז זי געזעסנ, ניט רירנדיק זיכ, וועגנ גאָרניט ניט געטראכט.

אז זי האָט זיכ אומגעקוקט, האָט זי דערזענ: פונקט אזוי זײַנענ פארגליווערט נאסטיע אונ די איבעריקע מיידלעכ.

אָפּגערוט, זײַנענ די כאווערטעס צוגעגאנגענ צו איר.

— נו קומ, וואריע.

ווארקע האָט זיכ אופגעהויבנ אונ איז ארויסגעגאנגענ מיט די כאווערטעס אינ גאס ארײַנ.

ס׳איז פינצטער. ס׳רינט דער הימל, ס׳קווימשעט אונטער די פיס די צעקראָכענע ערד. די טיכלעכ ווערנ פיטשנאס אונ שווער. גיינ דארפ מענ ווײַט, דורכ דער גאנצער שטאָט. אונ באגינענ — נאָכאמאָל צו דער ארבעט. נאסטיע בייגט זיכ אָנ צו דער כאווערטע:

— וואריע, לאָמיר איבערנעכטיקנ אינ דער זאמד־טרוקלקע.

זיי קערנ זיכ אומ אינ צעכ ארײַנ. זיי גראָבנ אויס א נאָרע אינ הייסנ זאמד, קוועטשנ ארונטער הינטער זיכ די פיס, ניט ווײַט הודעט א טראנסמיסיע, סע שורשענ די רימענס, א נאכט־אומבײַט, נאסטיע באהאלט דעמ קאָפּ אינ ווארקעס קני, דרימלט, טרוימט:

— ס׳וואָלט איצט גוט געווענ זיצנ לעבנ א לאָמפּ, די הארמאָשקע זאָל א „סטראדאניעלע“ זינגענ. טענצ... קאָנפעקטנ...

זי האָט זיכ צוגערוקט נעענטער, צו דער סאמע ברוסט וואריעס, שעפּטשעט הייס:

— וואריע, איכ ווייס אנ אָרט אזאַ מינס. מירנ גיינ, אַ? א הארמאָשקע, לידער, פארבייסעכצנ קאָלערליי אונ קיינ געלט דארפ מענ ניט האָבנ. מע וועט נאָכ דיר געבנ געלט. קומ, וואריושע!

— געלט? פארוואָס איז?

— אָט אזוי־אָ, פארשטייסטו מיכ, — האָט נאסטיע זיכ געקנייטשט, — פאר די טענצ.

— א—א... — האָט ווארקע, אנשלאָפנ ווערנדיק, קוימ־קוימ ארויסגערעדט.

— וואריושע, קומ, איינער אליינ איז אומעטיק. קומ! סײַווײסײַ וועלנ מיר שטארבנ, לאָמיר כאָטש א הוליע טאָנ.

ניט פרעגנדיק וווהינ, האָט זי זיכ געלאָזט נאָכ דער אײַלנדיקער,

פלינקער נאסטיע. אונ גאר ווענ זיי האבנ זיכ אפגעשטעלט לעבנ דעמ הויכנ באקאנטנ פארקנ פונ אגנעסאיוס שענק, האט ווארקע דערקענט איר סאבאטשייעווקער קאנט. זי האט וועגנ גארניט באוויזנ א טראכט צו טאנ. נאסטיע איז פעסט, זיכער ארופגעלאפנ אפ די שטיינערנע טרעפלעכ, האט אופגעעפנט די טיר, א שלעפ געטאנ ווארקענ אינ א פינצטערנ קארידאר ארײַנ.

...די פענצטער זײַנענ מיט לאדנ פארשטעלט. א קעראסינ־לאמפ באלויכט א טיש, איבערגעקערטע פלעשער, א ראזנ פלעק אפ א ווײַסנ טישטעכ.

אינ ווינקל אפ א בעט, אפ א צעקנייטשטער קאלדרע זיצט ווארקע. איר קלייד איז ארופגעקראכנ אפנ רעכטנ אקסל, אנטבלויזט איר ברוסט. פונעמ האלדז צו דער ברוסט ציט זיכ א שמאלער אונ טיפער האראפל. ווארקעס פאנעמ, שטערנ, אויגנ, ליפנ האבנ פארגאסנ די פורביקע האר.

אפנ דיל, לעבנ ווארקעס פיס, פויזעט עמעצער, קושט איר קאלטע קני. זי קוקט אפ זײַנע וואנצעס אונ קאנ זיכ בעשומויפנ ניט דערמאנענ ווו זי האט אימ געזענ.

דער מענטש מיט די וואנצעס זוכט ווארקעס האנט. ער פרוווט זיכ אנטאנ א רינג אפ איר צעדראפטנ פינגער. דע רפינגער ווערט זיכ, דער מענטש מיט די וואנצעס קוועטשט אימ צונויפ צווישנ זײַנע קני. דער פינגער איז אײַנגעשפארט. דער מאנצבל ציט זיכ צומ טיש, נעמט א גלאז, טונקט אײַנ אינ בראנפנ ווארקעס האנט. דער רינג האט זיכ א גליטש געטאנ איבערנ ביינדעלע פונעמ פינגער, האט זיכ אוועקגעזעצט.

דער מענטש מיט די וואנצעס איז צופרידנ. ער נעמט ארויס פונ דער קעשענע א טיכל, וואס ברענט רעגנבויגנדיק, פאכעט מיטנ טיכל פאר ווארקעס אויגנ.

דאס טיכל שמעקט, שורשעט, ווי די פאפירלעכ, וואס זײַנענ צונויפגעדריקט אינעמ מאנצבלס צווייטער האנט.

ווארקע שטרעקט אויס די האנט צו די נייִנקע שורשעדיקע פאפירלעכ, באוועגט מיט די פינגער.

זי דערלאנגט ניט, ווײַל זי איז אפגעשוואכט, נייגט זי זיכ צומ בעט, פאלט אומ, כריפעט, פרווונדיק זיכ הוסטנ.

דערשטערנ איז בא ווארקענ היימ. מיט היציקע ליפנ שעפטשעט זי:

— א לימענע... א לימענע... אומבאדינגט א לימענע...

דער מענטש מיט די וואנצעס האט א קלאפ געטאנ מיטנ פוס אינ דער טיר אריינ, האט א געשריי געטאנ צום פינצטערנ שמאלנ קארידאר:

— א לימענע!

— א ל־י־מ־ע־נ־ע... — האט איבערגעכאזערט א שטיינערנ ווידערקאל.

— א ל־י־מ־ע־נ־ע... — האט זיכ עס אוועקגעטראגנ איבער די טרעפ, איבער די זאלנ, איבער דער קיכ, איבערנ קעמערל צו דעמ בופעטשיק.

— דעמ באלעבאס א לימענע! דער גאסט ווייערער פילט זיכ עפעס שלעכט, — האט א ווונק געטאנ דער קעלנער, באקומענדיק א גילדלעכנ קײַלעכ מיט צארטע קארע, אונ האט זיכ געלאזט לויפנ צוריק.

אופגעכאפט האבנ מיר זיכ איינמאל אינדערפרי אונ ניט דערקענט אונדזער ערד־שטיבל. די ווענט זײַנענ אויסגעשמירט געווענ מיט רוזע־געכצ־קרײַזנ. אינמיטנ די קרײַזנ איז אויסגעמאלט געווענ אנ עקלדיקע פיגור, וואס קריכט אפ אלע פיר. אונטער דער ארקע פונ די פיס אונ הענט האבנ זיכ געשטופט אונ געשמעקט הינט מיט שארפע פיסקעס.

אונטערנ בילד — אנ אופשריפט: „דאס איז גאלאדס ווארקע אונ אירע קלאווימ”.

גאנצ סאבאטשייעווקע איז זיכ צונויפגעלאפנ קוקנ. לעבנ דעמ ערד־שטיבל — א געלעכטער, א פײַפערײַ.

דער טאטע איז ארויסגעגאנגענ פונעמ ערד־שטיבל, געקוקט אראפ צו די אייגענע פיס, געגלאנצט מיט דער שארפ פונעמ לאפעטקעלע. ער האט שטומ־שווײַגנדיק אפגעריבנ דעמ געמעל אונ איז אײַלנדיק פארשוווּנדנ אינ דער ניִדעריקער טיר. ער האט אופגעוועקט די שוועסטער, צוגעווארט ביז זי וועט אנטאנ די שטיוועלעכ, אײַנדעקנ זיכ מיטנ שאל, דערנאכ האט ער אויסגערעכנט־פינקטלעכ, אנגעוויקלט אפנ פויסט זײַנעמ אירע לאנגע זײַדענע האר אונ האט א פרעג געגעבנ:

— ווו האסטו גענומענ די קליידער?

ווארקע האט דריבנע־דריבנע א קלאפ געטאנ מיט די ציינ, א פינטל געטאנ מיט די אויגנ, פארשטעלט די רויטע באקנ אונ אנגעהויבנ שעמעוודיק פארענטפערנ זיכ:

— טאטעלע, געקויפט, אפ מײַנ ווארט, געקויפט, אט גיט א פרעג בא נאסטיענ.

די פויסט האָט זיך אַ ריס געטאָן, טרוקן האָבן אַ טרישטשע געטאָן וואַרקעס האָר. דער פוס, וואָס איז באַשוכט מיט האָלץ, האָט צעקוועטשט די ברוסט. — זאָג, מיעסקייט וווּ האָסטו עס גענומען?

— געקויפט, טײַערינקער, זאָל איך אײַנגעזונקען ווערן, זאָל איך ניט אויפשטיין, געקויפט.

דער טאַטע האָט צוגעבויגן וואַרקעס קאָפּ שטײַף צו דער ערד, האָט אָנגעצויגן די האָר און אָנגעהויבן שלאָגן. ער האָט צעפּאַכט די שווערע פויסט און נאָך יעדן קלאַפּ האָט ער אַן אוויקע געטאָן, געציטערט האָבן די ווענט פונעם ערד־שטיבל, דער טיש אויף די קרומע פיס איז אונטערגעשפּרונגען, נאָר ניט געהערט האָט מען אונדזער וויינען און וואַרקעס קרעכצן.

דער טאַטע האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, האָט דערשראָקן אָפּגעווישט פון די הויזן די נאַס־געוואָרענע ביינדלעך פון די פינגער און אַ געשטילטער, אײַנגעהויקערט, ניט פינטלענדיק מיט די אויגן נאָכגעשפּירט נאָכן רויט־בלויען שטיק געשוואָלענעם צונג, וואָס האָט זיך ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג געקאָרטשעט צווישן וואַרקעס ציין. דער טאַטע האָט געפרעגט:

— נו, אַצינד וועסטו זאָגן?

דערציילט האָט וואַרקע ווי אַגאַנעסאָוו אַליין האָט איר געשענקט שטיוועלעך און אַ רובל און אוירינגלעך אַלס צוגאָב. דער גראָבער קאַצעוו האָט געקויפט אַ שאַל. עמעצנס הענט האָבן אַרײַנגערוקט דורכזיכטיקע זאָקן און אַ קופּערן רינגעלע. עמעצער האָט מעכאַבעד געווען מיט כאַלוואַ, געקושט אין די ליפּן און געקראָכן אויף די קני לעבן אירע קאַלטע פיס. ווער? זי האָט פאַרגעסן. נאָר דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען, זיך אָנגעשטויסן.

אַלץ האָט וואַרקע דערציילט דעם טאַטן. ער האָט זי מער ניט געשלאָגן. ער האָט איר געהאָלפן אויפהייבן זיך פון דער ערד, צוגעפירט זי צו דער טיר און צעצויגן, ווי אַ קלאָלע, אַרויסגערעדט:

— וואַש זיך אָרום און גיי אַוועק פון אונדזער שטוב, פאַרגעס, אַז ס'איז בײַ דיר אַ פאָטער פאַראַן, דו, פאַסקודנע גאַסנמויד.

און אומגעוואַשענע איז וואַרקע אַוועקגעגאַנגען. אויפן דיל איז געבליבן דאָס זײַדענע טיכל.

איך בין אַרויסגעשפּרונגען פונעם ערד־שטיבל, האָב זיך געלאָזט לויפן נאָך וואַרקען. זי האָט געשפּאַנט, ניט אומקוקנדיק זיך, אַ האָרבאַטע און קורצוווּקסיקע. דורכן יאַמסקע מאַרק, לעבן די אינזשעניער־קוואַרטאַלן, צוטוליענדיק זיך צום הויכן פּאַרקאַן פונעם זאַוואָד, גע־

שפאנט דורך די זאוואַד־פּוסטקעס, דורך די אָפּפאַל־ריוון, דורכן וואַלד, א פארלוירענע, אן עלנטע.

צו פאַרנאַכט צו האָט זיך וואָרקע אָפּגעשטעלט לעבן אוגאַנטעסאַווס נאַכט־היוז און האָט זיך ווײַגן עפּעס פאַרטראַכט.

איך בין צוגעלאָפן פון אַ זײַט, האָב שעמעוודיק אָנגערירט איר קאַלטע האַנט.

— וואַריע.

זי האָט זיך שאַרף א דריי געטאָן צו מיר, די ליפּן האָבן בא איר געציטערט.

— גיי אוועק, סאַניע.

און זי האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, איז פאַרשוווּנדן.

זי פלעגט נאָכדעם ארומבלאָנקען אפן שטאָט־מאַרק א שיקערע. געבאַוועט זיך מיט גאַנאַווים. געקראָכן אף בוידעמער נאָך וועש. גע־שטאַנען אף פינצטערע ראָגן, געפינטלט מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן, צוגעזאָגט פאַר א האַלב קערבל אומגעהערטע פאַרגעניגנס.

— אַז איך האָב שוין געהאַט פאַרלאָרן די גאַנצע פאַמיליע מײַנע, אַז איך בין געבליבן איינער אליין, האָב איך זי באַגעגנט אפן מאַרק. זי איז שעמעוודיק צוגעגאַנגען צו מיר, אירע האָר זײַנען געל געוואָרן, זײַנען אויסגעקראָכן. די באַקנביינער האָבן אַרויסגעשפּאַרט אפן בלייכן דאַרן פּנים. די ליפּן זײַנען צעשפּאָלטן געווען. מיט גרויע פינגער האָט זי געצופּט געלע קײַקעלעך וואַרעם ברויט און האָט זיי געשלונגען אַזוי ווי פייגל.

זי איז צוגעגאַנגען נעענטער צו מיר און האָט שטיל א זאָג געטאָן:

— סאַניע...

איך האָב ניט אויסגעהאַלטן — האָב זיך א וואָרף געטאָן צו איר. וואָרקע האָט א ציטער געטאָן, האָט זיך צוגעזעצט אף דער ערד און צוגעטוליעט מײַן קאָפּ צו איר פלאַכער ברוסט.

ארום אונדז האָט זיך צונויפגענומען א מאַרק־האַמוין.

— זע נאָר, ווי זי יאָמערט עס נעבעך, די אומגליקלעכע, — האָט זיך נעפּאַטשט איבער די פעטע קלובעס א ווײַבל, וואָס איז אָנגעלאָד־ מיט א שווערן קויש.

— דאָס זונעלע אירס האָט זי, זעט אויס, געפונען, — האָט, לאָזנ־דיק א טרער, זיך אָנגעשטויסן אן אלטיטשקע אין א שוואַרצ. טיכל.

— און עפּשער א שוועסטערקינד, — האָט זיך עמעצער אַרײַנגע־מישט.

וואָרקע האָט געגלעט מײַנע האָר, צורעכט געמאַכט מיר דאָס העמדל, אָפּגעווישט מיר די נאַסע אויגן, געטרייסט:

— מע דאַרף ניט, סאָניע, טײַערינקער. אָט אינגיכן וועט זומער זײַן, וועלן מיר ווידער מיט דיר לויפֿן אין וואַלד אַרײַן, באָדן זיך...

איך האָב זי מער ניט באַגעגנט. נאָר געזען האָב איך הונדערטער, וואָס זײַנען ענלעך אויף איר.

## זיבעטער קאַפּיטל

איך גיי דורך אַ הויכן וואַלד. אויף דעמבענע מאַסטבויימער הענגט דער הימל. טויטע וואָלקנדלעך פּלאָנטערן זיך מיט צעריסענע פֿליגל צווישן די צווײַגן. אַ ווילדער דעמב ציט זיך מיט טויזנט־הענטיקע צווײַגן צו די שמוציקע ניט געקעמטע פּאַטלעס פֿון די וואָלקנס.

ס'עס שרעקט מיך די דאָזיקע אָטעמלאָזע שטילקייט. איך ווייס, אַז אָט דאָרטן הינטער די שטאַמען־טורעמס באַהאַלט זיך אויס עפּעס אַ ווילדע חיה. איך פֿיל אָפּילע איר הונגעריקן, אומגעדולדיקן בליק אויף זיך. ס'האַכט זיך מיר, איך האָב שוין פֿאַרזוכט די שאַרפֿקייט פֿון אירע נעגל, זי האָט שוין אויף מיר אַן אָטעם געטאָן. זי האָט זיך צוגעגרייט צו הערשטיקן דעם לעצטן לופֿט־שלונג אין האַלדז מײַנעם. איך אַנטלויף, ראַטעווע זיך. און פּלוצלינג האָט דער וואַלד אויפֿגעהערט צו ביטרעווען. ער האָט זיך דערשראָקן, טאָמער וועל איך אַנטלויפֿן, ער האָט אַרויסגעלאָזט פֿון די הענט זײַנע דעם הימל, האָט זיך אַ צי געטאָן צו מיר.

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט און דערזען דעם זייד'נס קעצענע אויגן. די שאָטנס פֿון די ווײַעס האָבן פֿאַרשטעלט זײַנע האַרבאַטע סקולעס.

איך כאַפּ אָן די מאַמע, טוליע זיך צו איר. זי דעקט מיר אײַן דעם קאָפּ מיט די וואַרעמע דלאָניעס און שעפּטשעט מיר טרייסטנדיקע רייד. דעם זיידנס אויגן לאָזן זי אויך ניט שלאָפֿן. ער גיט אַכטונג אויף אונדז מיט דער מאַמען, וואָרט, דער טאַטע זאָל גיכער אַוועקגיין אויף דער אַרבעט. דעמלט וועט ער אויסבעטלען בײַ דער מאַמען בראָנפֿן.

מיר באַהאַלטן זיך אויס אין דער פֿינצטערניש פֿון דער רעדנע, קענען ניט זען דעם זיידנס אויגן.

אַז דער באַגינען וואַשט דורך דאָס פֿינצטערע פֿענצטער פֿון עמ ערד־שטיבל, שעפּטשעט די מאַמע:

— מאניע, א, מאניע, שטיי אופ, שטיי אופ, זונעלע.

דער טאטע שטייט אופ צוזאמענ מיט מיר. אפ דרײַ פארשוינ איז בא אונדז געבליבנ איינ פאָר שיכ. איצט טוט זיי אָנ דער טא־טע. איכ וויקל זיכ אײַנ אינ שמאטעס, פארדריי זיכ מיט שטריק, אונ מיר גייענ ארויס אינ יאנוואר־ווינט ארײַנ, אינ יאנוואר־פראָסט ארײַנ.

איכ גיי מיטנ טאטנ אפ דער דאָמנע. דאָרט וועט ער אָנשטאָט די שיכ אָנטאָנ הילצערנע קאָלאָדקעלעכ, אונ איכ וועל לויפנ אהיימ, ווו ס'וואַרט אפ איר רײַ די מאמע.

מיר אײַלנ זיכ. דער טאטע גייט אונ קוקט זיכ ניט אומ. איכ דארפ נאָכשפרינגענ גיכ, קעדיי ניט אָפצושטיינ פונ אימ. די שמאטעס אונ די שטריק האָבנ זיכ צעוויקלט, אָבער צורעכט צו מאכנ איז ניטאָ קיינ צײַט: דער טאטע וואַרט ניט. די אײַזנ־גאָלמעסערס שנײַדנ דינ מײַנע פאָדעשוועס. איכ הייב הויכ די קני.

אפנ זאוואָד טו איכ אָנ די שיכ. זיי זײַנענ גרויס.

אינ דער הײמ טוט די מאמע אָנ די שיכ אונ גייט אפנ מארק. דערנאָכ טו איכ זיי אָנ. ביזנ הודאָק נעמ איכ צונויפ קאָקס, קוילנ, אונ דערנאָכ לויפ איכ פונ דער האָמנע צו דעמ ערד־שטיבל, פונעמ ערד־שטיבל צומ וואלצ־צעכ, פונעמ צעכ ווידער אינ ערד־שטיבל ארײַנ.

אז דער טאטע פלעגט אוועקגיינ אפ דער ארבעט, פלעגט דער זיידע אָפלעבנ. ער האָט געוווּסט, אז ס'וועט צו אימ ווידער קומענ א שטיקל גאָרקיכ, שענקל, מארק. קריגנ פלעגט ער עס דורכ קאָלערליי ביטערע שטיקלעכ.

איינמאָל בינ איכ פארבײַגעגאנגענ לעבנ זײַנ בעט. ער האָט מיכ א כאפ געטאָנ באמ האלדז, א צי געטאָנ מיכ צו זיכ, איבערגעקערט אפנ בעט אונ גענומענ פײַניקנ: אראָפרײַסנ מיט די אײַזערנע נעגל די טשע־ריקעס פונ קאָפ, קוועטשנ מײַנ פארטשעריקט לײַב, גערעדט האָט ער דערבײַ:

— בעט די מאמע, זאָל זי געבנ אפ א האלב פלעשעלע, דעמאָלט וועל איכ דיכ אָפלאָזנ.

די מאמע האָט זיכ געזידלט, האָט געוויינט, נאָר דער זיידע האָט מיכ ניט אָפגעלאָזט, ביז זי האָט ניט געבראכט קיינ בראנפנ. אזוי האָט זיכ איבערגעכאזערט קימאט יעדנ טאָג. ווי נאָר איכ פלעג זיכ אמאָל פארטראכטנ, פלעגט מיכ דער זיידע א כאפ טאָנ אונ כיכיקענ; וואַרטנ אפ בראנפנ.

די מאמע איז פארמאטערט געוואָרנ. זי האָט שטילערהייט אויס־

געפּאַרקויפּט אירע העמדער, פלעגט גאַנווענען דעם טאַטנס פּאַרדינסט, דער זיידע האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקליבן שטאַרבן. די מאַמע האָט שוין אויפגעהערט צו וויינען. זי פלעגט פינטלען מיט די טרוקענע אָנגעצונדענע אויגן, צונויפקוועטשן אירע דינינקע ליפּן, ווי א גרעזעלע, און בעטן גאָט ער זאָל וואָס גיכער צושיקן אין ערד־שטיבל אַריין דעם טויט. אָבער דער טויט איז אַלץ ניט געקומען. איינגיכן האָב איך באַמערקט, אַז די מאַמע באַהאַלט זיך אויס פונעם זיידן אַפן אייוועלע אַרויף, ציט פונעם פלעשל דעם בראָנפן, דערגיסט דערנאָך מיט וואַסער און דערלאַנגט דעם זיידן. יענער פלעגט שוין ניט באַמערקן, פלעגט זשעדנע א שלינג טאָן אַלץ מיט איין זויג.

שפּעטער האָט דער זיידע אויפגעהערט צו יאָגן זיך נאָך מיר, ווייל די מאַמע פלעג פרייוויליק ברענגען בראָנפן, זי פלעג עס נאָר טיילן צווישן אים און זיך. אָט אַזוי טאַקע האָט זי זיך צוגעוווינט: אַפילע דעם טאַטנס קלעפּ האָבן זי ניט געקאָנט אָפּגעוווינען. קוים, קוים געקומען צו זיך נאָך די קלעפּ, הינקענדיק נאָך, מיט געשוואָלענע אויגן, פלעגט זי לויפן אין מאָנאָפּאָלקע אַריין. זי פלעגט זיך אָנשיקערן מיטן זיידן, זיך אַוועקזעצן צו אים אַפן בעט, און זיי פלעגן ביידע אָנהייבן זינגען:

...קיינעם איז ניט ערגער אַפ דער וועלט,
ווי דעם יאָסעמל!..

ביידע האָבן ווילד געוויעט, געקוקט מיט נאַסע אויגן אין עפּעס א ווייט אַזא, וואָס נאָר זיי ביידע ווייסן פון איר. מיר, די קינדער, זיינען געזעסן אַפן אייוועלע, הונגעריקע, און האָבן אויך געוויעט. פלעגט קומען דער טאַטע, אָפּשטעלן זיך בא דער שוועל, טעמפּ א קוק טאָן אַפ אונדז, א שפּרונג טאָן צו דער מאַמען און אָנהייבן שלאָגן. ער פלעגט ניט אַכטונג געבן, וווהין טרעפט דער פוס, די האַנט, די קני. און די מאַמע פלעגט גיט וויינען, גלייך ס'וואָלט איר גאָרניט וויי געטאָן. זי פלעגט ליגן אַפן דיל מיט צעפּאַטלטע האָר און אָן א סאָף איבערכאַזערן איינע און די זעלבע ווערטער.

ניט געשאַנעוועט האָט דער טאַטע אויך דעם קראַנקן זיידן. ער פלעגט אים שלאָגן, דעם ליגנדיקן, פלעגט סטאַרען זיך טרעפן אין די צעבראָכענע, ערטער און פלעגט פרייען זיך, אַז דער זיידע פלעגט קרעכצן.

לאַנג האָט דער טאַטע זיך געשטאַרקט, פלעגט זעלטן אַריינקוקן אין דער מאָנאָפּאָלקע. אַלע שאַבעס פלעגט ער אונדז וואַשן, פּאַרקע־

מענ די קעפּ, טריקענענ איבערנ אײװעלע די הײזלעכ. אָבער דערנאָכ האָט ער זיכ אויכ אונטערגעגעבנ.

ארויסראטעװענ פלעגט גארבוז. ער פלעגט ברענגענ פונ דער קאסע פונ קאָנזערװנ־טיקער הילפּ געלט, פלעגנ מיר זיכ שפּײזנ ביזנ באקומענ געהאלט. דער הארנער פלעגט טײטנ אפנ זײדנ אונ זאָגנ:

— היט זיכ, אָסטאפּ ניקאנאָראָװיטש, פאר אָט אזא סאָפּ.

דער טאטע פלעגט הערנ שטומ־שװײַגנדיק, פלעגט ניט איבערשלאָגנ. עטלעכע מאָל איז ער ערגעצ אװעקגעגאנגענ מיט גארבוזנ, איז ער דערנאָכ געװענ א קאפּעלע מילדער. אבער די גאר גײַע קלעפּ האָט ער בײַקומענ ניט געקענט.

די מאמע האָט פארשיקערט מיטנ זײדנ די לעצטע גראָשנס. ביזנ געהאלט־אויסצאָל איז נאָכ פארבליבנ א סאכ טעג. די מאמע האָט פארזעצט די שיכ. דער טאטע איז געקומענ צו לויפנ אהײמ א באָרוועסער אונ האָט לאנג געשלאָגנ די מאמע, דערנאָכ איז ער אלײנ אװעקגעלאָפנ אינ אגאנעסאָװס שענק. ער איז ניט געקומענ נעכטיקנ אהײמ, ניט דעמ טאָג, ניט אפ מאָרגנ. די מאמע איז מער ניט אויפגעשטאנענ פונ דער ערד. געלעגנ א שװארצע מיט אײַנגעקװעטשטע אויגנ. געדאכט האָט זיכ, אז אָט נאָרװאָס האָבנ זיכ פונ איר א הײכ געטאָנ קראָענ, נעװײלע־פרעסער.

מיטנ זײדנ האָט זיכ באנאכט געטאָנ עפּעס מעשונעדיקס. ער האָט פארדומפּנ געמרוקעט, געדרײט זיכ אונ צו באגינענ איז ער שטיל געבליבנ. אינדערפרי האָט גאנצ סאָבאטשײעװקע זיכ דערװוסט, אז געשטאָרבנ איז פונ איבערשיקערנ זיכ אָסטאפּ גאָלאָדים װײַב, אונ דעמ מעשוגענעמ ניקאנאָר האָט געטראָפנ א שלאָג.

אינ עטלעכע טעג ארומ איז דעמ זײדנס גרויס, לעבנסדראָרשטיק לײַב אינגאנצנ פארגליװערט געװאָרנ. אײדער ער האָט צוגעמאכט די אויגנ, האָט ער בלויז מיט די ליפּנ מיכ א רופּ געגעבנ אונ א שעפּטשע געטאָנ:

— סאניע, פארשעלט דײַנ טאטנ, דערהארגע אימ, אויב ער װעט דיכ שיקנ אפּ א זאװאָד, אָדער אינ א שאכטע ארבעטנ.

גארבוז, װאָס איז געשטאנענ לעבנ מיר, האָט כמורנע א זאָג געגעבנ:

— סאניע, זאָג דעמ זײדנ, אז דער זאװאָד האָט צו דערצו קײנ שומ שײַכעס ניט...

דערנאָכ האָט ניקאנאָר מיט זשעדנע אויגנ לאנג באטראכט דאָס

ערד־שטיבל. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפּ נאַרבוזנ, געוואָלט עפּעס זאָגנ אימ, נאָר ס'האָט באַ אימ קיינ ווערטער ניט געשטייַעט. ער האָט געקוקט אפּ אימ לאַנג אונ מוטנע, צונויפּדריקנדיק מיט די גליווערדיקע פּינגער דעמ הארנערס האנט. ביזנ סאַמע סאָפּ האָט ער זי ניט אָפּגעלאָזט.

ארומגעוואַשנ האָבנ ניקאַנאָרנ די קלאַגמוטערס פּונ די פּוילע רויענ. ניט די געזאָטענע וואַסער, ניט רייבעלקע האָבנ ניט געקענט אָפּוואַשנ די הויט, וואָס איז דורכ אונ דורכ דורכגעזאַפּט מיט קוילנ. געלעגנ איז דער זיידע אפּנ טיש אונ ס'האָט אימ קיינ אָרט ניט געקלעקט — האָט מענ אימ היגטער די פּיאַטעס אונטערגעשטעלט א טאַבורעט. די ברוסט איז בא אימ געשוואָלנ געווענ, דער בויכ איינגעבויגנ. לעבנ די שלייפּנ האָבנ זיכ אופּגעבלאָזנ בלויע קנופּנ פּונ די אָדערנ. געדאַכט האָט זיכ, אז אפּילע א טויטנ האָט אימ ניט פּאַרלאָזט דער האַס. שרעקלעכער פּונ אלצ איז געווענ דאָס אָפּענע מויל: פּונקט ווי ער וואָלט פּויל א געגעצ געטאָנ אונ אָט אזוי פּאַרבליבנ, גלאַנצנדיק מיט די שאַרפּע ציינ.

דאָס האָבנ די באַווייַנערנס פּאַנאַנדערגעריסנ אימ דאָס מויל. זיי האָבנ אימ אָנגעשטאָפּט אונטער די באַקנ דורכגעקאַכטנ פּאָליונ, קעדיי דער ביטערער רייעכ זאָל פּאַרטרייַבנ דעמ רייעכ פּונ בראַנפּנ.

דער ברודער קאַזימע איז ניט געווענ אפּ דער לעווייַע. מיט א וואָכ צוריק האָט מענ אימ פּאַרשיקט קיינ סיביר. אָט פּאַר וואָס: ווענ ס'האָט געהאַלטנ באַ אוועקשיקנ אפּנ דייַטשישנ פּראָנט די צווייטע פּאַרטיע נאָוואָבראַנצעס, האָט ער אינ וואַלצ־צעכ אופּגערייצט צומ שטרייַק די שמירער, די באַהעלפּער, די וואַלצער. ס'זייַנענ ארומגעגאַנגענ קלאַגנענ, אז אינגיכנ וועט מענ נעמענ אפּ מילכאָמע אויכ די דאָמנע־ארבעטער, וואָס האָבנ געארבעט אפּ לאַנדשוט. האָט דער שטרייַק ארומגעכאַפּט דעמ גאַנצנ צעכ, פּאַרכאַפּט דעמ דריבנע־סאָרטיקנ אונ דעמ פּאַרגרייט־סטאַנ. געדויערט האָט דער שטרייַק א וואָכ, קאַזימע איז געווענ דער פּאָרזיצער פּונעמ שטרייַק־קאָמיטעט.

ארויסגעטראָגנ האָט מענ דעמ זיידנ פּונעמ ערד־שטיבל פּאַרנאַכט. באַטאָג זייַנענ די מאַנצבלענ געווענ אפּ דער ארבעט, אינ דעמ שווערנ געשוואָלענעמ ניקאַנאָרנ האָבנ די סאָבאַטשייעווקער ווייַבער ניט געקענט אופּהייבנ, אפּילע מיט צוועלפּ הענט. ארויסגעטראָגנ האָבנ אימ דובניאַק, קאָוואַל, מאַרבוח, דער טאַטע.

פּונ דער קימאַט באַרעוועדער קאַנורע איז הינקעדיק ארויסגעגאַנגענ

פּאָלקאָנ. דער זקיינישער שוואַכער הונט האָט פּלוצעמ זיכ אָפּגעשטעלט, האָט מיט אַמאָליקער יונגער אַנליקײַט אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ זיכ נערויטשעט. צומ ערד־שטיבל איז צוגעגאַנגענ אַנ אָפּטייל פּאָליציי־לײַט.

די פֿאַרבידעשטע מענטשנ האָבנ שטיל אַראָפּגעלאָזט די טרונע אַפּ דער ערד. אַ פּאָליציי־מאַנ האָט זיכ אַ הרײַ געטאָנ די וואָנצעס אונ מיט אַ שטרענגנ קאָל אַ פֿרעג געטאָנ:

— ווער איז צווישנ אײַכ דער באַלעבאָס?

— איכ, — איז אַרויסגעטראָטנ דער טאַטע.

— גיי אינ שטוב אַרײַנ אונ איר אויכ, — ער האָט קאָסע, מיט אומצוטרוי אַ קוק געטאָנ אַפּ דער טרונע, באַפֿוילנ אַ יונגנ פּאָליציי־מאַנ: — גיב אַכטונג, פּיאָדערענקאָ, דערנאָכ וועלנ מיר אַ נישטער טאָנ...

ער האָט אַלעמענ אַרײַנגעטריבנ אינ ערד־שטיבל אַרײַנ. מע האָט אַלעמענ אויסגעטאָנ, באַזוכט. מע האָט זיכ געגראָבנ אינ אייוועלע, אינ בעט.

— וווּ זײַנענ אײַערע זונ קאָזמעס זאַכנ? וווּהינ האָט איר זיי אַוועקגעטראָגנ? — האָט דער קאָזאַק געוואָלט דערגיינ.

— שוינ לאַנג, אַז דער זונ וווינט ניט מיט אונדז, — האָט מיט שווערנ קאָל געענטפֿערט דער טאַטע.

דער קאָזאַק איז צוגעגאַנגענ צו מיר.

— אָט וועט דאָס באָכערל אַלצ ווי עס דאַרפֿ צו זײַנ דערציילנ אונדז. עמעס, גראָב פּופּיקל? וואָס בלאָזסטו אָנ די ליפּנ? גו זאָג: דער ברודער האָט געטראָגנ פּאַפּירנ ערגעצוווּהינ, אַ? עפּשער האָט ער זיי פֿאַרגראָבנ ערגעצ?

גאָרבוז קוקט אַפּ מיר מיט בריַענדיקע אויגנ, שווײַגט. איכ גע־דענק, ווי ער האָט מיר געגעבנ אַ פּעקעלע מיט עפּעס בלעטלעכ אַזעל־כע. אַוועקגעטראָגנ האָב איכ זיי אינ וואַלצ־צעכ אַרײַנ צו קאָזמענ. איכ שטוימ זיכ אָנ, אַז מע טאָר ניט ריידנ וועגנ דעמ, אונ צעעפּנ ניט די ליפּנ.

דער קאָזאַק גייט אַפּ. אומגעדרייט זיכ נאָכ אַ ביסל אינעמ ערד־שטיבל, גייענ די קאָזאַקנ אינ הויפּ אַוועק. דער סטראַזשניק באַפֿוילט, מע זאָל אַ זוכ טאָנ אינ דער טרונע. די קאָזאַקנ קערנ איבער, קרעכצנדיק, פֿאַרשטעקנדיק די נעזער, דעמ שטיינערנעמ ניקאַנאָרנ.

ניט געפֿונענ גאָרניט, שפּרינגענ זיי, לויטנ באַפֿעל פֿונעמ עלטסטנ,

ארופּ אפ די זאַמלענ אונ יאָגנ אזעק אינ שוואַרצנ ליקעלע ארײַנ. מע באַגלייט זיי שטומ־שווײַגנדיק, מיט צונויפגעדריקטע פויסטנ.

דער געלער, אָפּגעקראַכענער פאַלקאָנ איז צוגעגאַנגענ צומ זיידנ, וואָס ליגט שווײַגנדיק, האָט ארומגעשמעקט זײַנ באָרד אונ האָט זיכ יאָמערדיק צעוויעט.

גאַרבוז שטייט אינ פאַרטראַכטער, טאַפּטשעט צו מיטנ פוס די בלאָטע, הערט זיכ צו, ווי פאַלקאָנ וויעט, אונ זאָגט טרויעריק:

— אָט לעבט דער הונט, וויעט... לענגער פונ א מענטשנ לעבט זי, די כײַע — אונ זיכ ניט דערוואַרט אפ קיינ ענטפער, זאָגט ער אומבאַשטימט, גלאַט אינ דער וועלט ארײַנ: — י — אָ — א... אָט אזא איז אונדזער לעבעצ...



געקומענ פונ דער ארבעט, פלעגט דער טאַטע מיט אנ אראָפּגע־לאָזטנ קאָפּ אָפּשטעלנ זיכ לעבנ דער טיר. די פאַרוסינענע אָנגענעצטע הענטשקעס ציִענ די הענט צו דער ערד, אפ דער פלייצע וואַקסט אויס א האָרב, די אויגנ זוכנ עפּעס צעטומלט.

עפּשער זוכט אָסטאַפּ די טאָכטער זײַנע, נאָכ וועלכער ער פלעגט שטאַרצ ביגנייווע נאָכשפּירנ אַלע אָפּדערנאַכט, ווענ זי פלעגט זיכ פאַרקעמענ די האָר. אונ אצינד איז זי ניטאָ, געבליבנ איז נאָר א זײַדנ טיכל מיט אומפאַרשעמטער העלקײַט, באַמבלט זיכ אפנ בעט.

סע זוכט אָסטאַפּ דעמ פאָטער זײַנעמ אונטערנ לאָמפּ באַמ פּסאַל־טיר, די מאַמע באַמ שפּיגל, אָבער די באַנק איז ליידיק. ער זוכט געלעכטער אפ די לעבנסלאָזע ליפּנ פונ די קינדער זײַנע. אָבער קיינ געלעכטער איז ניטאָ. מיר ליגנ אפנ אייוועלע הונגעריקע. דעמ טאַטנ פלעגט אינ שרעק באַפאַלנ. קעדיי באַפרײַענ זיכ פונעמ אומעט, פלעגט דער טאַטע אנטלויפנ אינ דער מאָנאָפּאָלקע ארײַנ, אינ ביר־שענקל ארײַנ. אז גאַרבוז פלעגט באַגעגענענ דעמ טאַטנ, פלעגט ער זאָגנ:

— וועסט אימ ניט פאַרשיקערנ, וועסט אימ גיט פאַרמאָרדע־וועננ, דעמ אומעט דײַנעמ אונ דעמ האַס דײַנעמ, אָסטאַפּ גאָלאָד. א מאָדנער מענטש ביסטו. וואָס פאַר א שײַכעס האָט אהערצו דײַנ ערד־שטיבל, דאָס זײַדענע טיכל אָדער דאָס בעט. זוכ די שולדיקע אינ אנ אנדער אָרט. שטעל זיכ אוועק אפנ מעשופּעדיקנ ברעג פונ די פוילע רויענ, גיב א געשריי צו אַלע עקנ פונ סאָבאַטשייעווקע, נעמ צונויפ אַלע אירע אײַנוווינער. זאָל ארויסגיינ די שטאַרקע קוילנהאַקערס אונ

די צעקאַליעטשעטע שאַכטיאָרן, די קאַפּצאָנים און די גאַנאָווים, די פּראָסטיטוטקעס און די אַרבעטערנס, די מעטאַליסטן און די טעסלער, הייב הויב אוף דײַנע שווערע מאַזאָליעדיקע האַנט, שטרעק זי אויס צו דער פּוילער שאַכטע, צום בעלגישן זאַוואָד, צו די בלויע קוואַרטאַלן פון די פראַנצויזישע אקציאָנערן, זאָג שטרענג און האַרב: „דאָס האָבן זיי דול געמאַכט דעם טאַטן מײַנעם, געמאַכט אים פאַר א כּײַע, פאַר א גאַנעוו, פאַר א שיקער. זיי האָבן דערהאַרגעט מײַן מוטער, מײַן ווײַב, צוגענומען מײַן זון, געמאַכט מײַן טאָכטער פאַר א גאַסנפרוי, צוגעגרייט דעם טאַטנס שטעגעלע פאַר מיר, און מיט אײַך וועלן זיי טאָן דאָס זעלבע. אָבער מיר ווילן לעבן. וואָס פאַר א רעכט האָבן זיי צוצונעמען בא אונדז דאָס לעבן? לאָמיר אויפשטיין, באַוויירים!“ זאָג עס, אָסטאַפּ.

נאָר דער טאַטע פלעגט אוועקגיין אין ביר־שענקל, וואָס פלעגט טייקעף מיטאַמאָל שענקען אים פאַלשע פרייד. ער פלעגט פאַרטרינקען דעם פאַרדינסט, פאַרגעסן, אז ער האָט דרײַ הונגעריקע קינדער.

מיר זײַנען פאַרלאָזן געוואָרן אף זיך אַליין. קיינער האָט אונדז ניט געהאָדעוועט. קיינער האָט אונדז ניט געזשאַלעוועט, ניט געצערטלט. דער טאָג פלעגט זיך אָנהייבן מיט געשלעגן. מיטקע, וואָס פלעגט זיך אויפכאַפּן דער ערשטער, פלעגט שטילערהייט אָנטאָן דעם טאַטנס צעריסענעם פּידזשאַק און פּרוּוון זיך אומבאַמערקט פאַרשווינדן פונעם ערד־שטיבל. אָבער ניורקע מיט די לאַנגע הענט פלעגט אים א כאַפּ טאָן באַם קאָלנער. זי האָט אַליין געוואָלט אַרומדרייען זיך לעבן די קלייטן, אויסבעטלען באַם מאַרק־אוילעם א שטיקל ברויט, א קאָפּעקעלע. דער פּידזשאַק פלעגט ברענגען מיט זיך זאַטקײַט, דעריבער פלעגט מען זיך שלאָגן איבער אים. בא מיטקען אין די הענט פלעגן פאַרבלײַבן ניורקעס האַרטע פּאַטלעס האָר, און אירע נעגל פלעגן רויט ווערן פון מיטקעס צעדראַפּעטער הויט. דעם פּידזשאַק פלעגט נעמען דער, וואָס איז שטאַרקער געווען. מייסטנס פלעגט זיגן ניורקע. זי פלעגט אַרײַנשפּרינגען אין טאַטנס שמאַטע־פּידזשאַק און מיט א זעקעלע אף די אַקסלען אַרויסגיין נאָך רויב.

איך האָב זיי בײַדן פײַנט געהאַט. פײַנט געהאַט דערפאַר, וואָס זיי זײַנען שטאַרקער פון מיר, דערפאַר, וואָס זיי פלעגן מיר קיינמאָל ניט געבן דעם פּידזשאַק, דערפאַר, וואָס זיי האָבן מיך גערופן מאַמזער, קרעץ, פלעגן אָנריידן אף מיר דעם טאַטן, און יענער פלעגט מיך שלאָגן.

איך האָב אַליין באַדאַרפֿט זאָרגן וועגן זיך.

אַף יענער זײַט פּוילע רויען איז אַף אַ בערגל געשטאַנען דאָס שטעטהויז. דער הויף פֿונעם שטעטהויז, וואָס איז אַרומגעצוימט געווען מיט אַ הויכן פּאַרקן, איז צעטיילט געווען אַף אָפּגעצאַמטע טײַלעכלעך. דאָרט האָט מען געהאָדעוועט קעלבלעך, מאַזיירים און אויפֿעס צו דער שחיטע.

אָנגעטראָפֿן האָב איך אַף אַן אָרט, ווו מע האָדעוועט די גענדז. אינמיטן הויף האָט זיך געצויגן אַ שמאָל קאַרעטקעלע, וווּהין די שמײַסערס פֿלעגן אָנשיטן געקאָכטן זשמיר. כ׳פֿלעג זיך צוגאַטוועגנען צו דעם קאַרעטקעלע און זשעדנע אַ כאַפּ טאָן די שטעכיקע קאַשע. די גענדז פֿלעגן זיך אַ וואָרף טאָן אַף מיר און מיך פּיקן מיט די האַרבע שנאָבלען. האָב פֿלעג איך באַווײַזן ווי-ניט-איז אָנשלינגען זיך, קעדיי קענען לײַדן ביז מאָרגנדיקן טאָג. אין קיין שום אַנדער אָרט פֿלעג איך ניט גיין: כ׳וואָלט פֿאַרפֿאָרן געוואָרן. צום שטעטהויז פֿלעג איך דערלויפֿן, כאָטש געווען בין איך באָחועס און נאַקעט.

האָט מיטקע אויפֿגעהערט אַרײַנלאָזן מיך אין עהד־שטיבל אַרײַן, געפֿאָדערט געצאָלטס. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן ברענגען זשמיר אויך פֿאַר אים. דערזען, אַז ס׳לוינט, האָט ער אָנגעהויבן פֿאָדערן געצאָלטס אויך בײַ ניורקען. דעמאָלט האָבן מיר מיט איר זיך צונויפֿגערעדט קעגן אים. מיר פֿלעגן איינער דעם אַנדערן געבן דעם פּידזשאַק, און מיטקע פֿלעגט הונגערן.

דער טאַטע פֿלעגט קיינמאָל ניט ברענגען מיט זיך קיין קאָרקע ברויט, קיין קופּערנע מאַטבייעלע. פֿאַרקערט, מיר פֿלעגן אים נאָך צוהאָדעווען. אָפֿט פֿלעגט ער כניפּעדיק בעטן:

— ניורע, עפּשער איז דאָ אַ שטיקעלע ברויט?

ניורקע איז ניט געווען קיין זשעדנע. בײַ איר איז קימאַט שטענדיק ברויט פֿאַרגרייט געווען. זי פֿלעגט אַרויסנעמען דאָס זעקעלע, דערלאַנגען דעם טאַטן ברויט. איינמאָל האָב איך אין שטעטהויז געקריגן אַ גרויס שטיק טרעבוכע. מיר האָבן עס אַ שוואַנק געטאָן אַף דנאָ פֿון די פּוילע רויען, צעשניטן אַף שטיקער און אָפּגעקאָכט.

ניורקע האָט פֿאָרגעלייגט:

— מאַניע, טראָג אַוועק דעם טאַטעלע אַף דער דאָמבע.

איך האָב אָנגעטאָן דעם פּידזשאַק און בין אַוועקגעגאַנגען צום טאַטן.

אַזוי ווי הײַנט זע איך אים, אַ הויכן, אַ ברייטפּלייציקן. ער האָט

גענומענ א לאנגנ ברעכ־אײַזנ, צונויפגערופנ די ארבעטער אונ זײ האָבנ אָנגעהויבנ מיט צוועלפ הענט לעכערנ די „לעטקע", שאפנ אַנ ארויסגאנג פארנ טשוהונ.

פריִער פלעגט דער טאטע עס טאָנ אײנער אלײנ. ער פלעגט א נעמ טאָנ בא דער מיט ברעכ־אײַזנ, זיכ אָנבײגנ, ווי אפ א שפרונג, אָנציִענ דעמ האלדז, ווי א קאנאט, פארבײגנ דעמ גאנצנ קערפער אפ צוריק, אונ דערנאָכ, מיט דער ברוסט ארויסשלײַדערנ זיכ, מיטנ ברעכ־אײַזנ פאָרויס.

ס'פלעגנ קומענ קוקנ דערופ די אינזשעניערנ מיט זײערע ווײַבער, קוקנ וויאזוי דער האָרנער אָסטאפ „ציט זיכ" אײנער אלײנ אָנשטאָט צוועלפ הענט. דער מײַסטער האָט אימ צוגעגעבנ דרײַ רובל א כווידעש אונ האָט צוגעזאָגט נאָכ.

אָבער דאָס אלצ איז געווענ פריִער, אײדער דער טאטע איז געוואָרנ א באזוכער פונ דעמ בירשענק אינ די פוילע רויענ. אצינד האָט ער אָנגעווירנ דעמ קויעכ. ער האָט זיכ צעפאָכעט מיטנ ברעכ־אײַזנ, האָבנ זיכ פאר אימ צעוויגט די דאָמנעס, דער הימל ווערט פארנעפלט, פארגלוסט האָט זיכ אָסטאפנ זיצנ א ביסעלע, כאפנ דעמ אָטעמ, אָפשטעלנ די שיקרעס. מע טאָר אָבער גיט, מע דארפ ארבעטנ. האָט ער מיד, מעכאניש באוועגט מיט די הענט, די אויגנ האָט ער פארמאכט, קעדײַ ניט אומפאלנ מאכמעס קאָפדרײיעניש.

אויכ בא די איבעריקע ארבעטער האָט דאָס ברעכ־אײַזנ בלויז גע־דראפעט די אָפגעבריטע לײמ פונ דער „לעטקע" אונ ניט דורכגעשלאָגנ זי. צוועלפ הענט האָבנ זיכ באוועגט צעוואָרפנ, צעדרויבנדיק די קלעפ.

בוטילאָטשקינ, וואָס איז פאר די זאטע יאָרנ גראָב געוואָרנ (אצינד איז ער שוינ מײַסטער, איז טערוועז געווענ, ברוינ־בלויע פלעקנ האָבנ געטאנצט אפ זײַנע סקולעס. דער שמעלצ איז שוינ לאנג פארטיק. ווארטנ טאָר מענ קײנ אײנ מינוט ניט. ער איז צוגעשפרונגענ צו דער האָרנע אונ האָט זיכ צעקוויטשעט:

— וואָס איז עס מיט אײַכ, טײַערינקע, שלאָפנ זײַט איר געקומענ אפ דער דאָמנע? אונ דו, וואָס קוקסטו? — האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ אָסטאפנ, — נעמ זיכ, שלאָג אײנער אלײנ!

דער טאטע האָט א לעק געטאָנ מיט דער צונג די טרוקענע צעטראסקעטע ליפנ: ס'גלוסט זיכ טרינקענ אונ שלאָפנ. אונ דאָ שרײַט נודנע איבערנ אויער דער מײַסטער. אָסטאפ קוקט טעמפ איבער בוטילאָטש־

קינמ קאפ און טראכט וועגנ עפעס. עפשער האט ער זיכ דערמאנט די סטעפנ, וואס באמ אזאווער יאמ, ווו ער האט פארבראכט זײַנ יוגנט, עפשער האט ער זיכ דערמאנט יענע מינוטנ, ווענ ער איז געלעגנ אפ דער פלייצע אינ הויכנ גראז, צונויפגעלייגט די דלאניעס אינ א טרײַבעלע און געזוכט אינעמ ווײַס־הייסנ הימל זײַנ שטערנדל. דער אלטער טשאבאנ באקאריי פלעגט זאגנ, אז אויב מע געפינט בטאג דאס דאזיקע שטערנדל, קאנ מענ לויט דעמ דערוויסנ זיכ וועגנ דעמ גאנצנ אייגענעמ לעבנ. און אט, אציטר דארפ מענ זיכ שוינ וועגנ דעמ אייגענעמ לעבנ ניט דערוויסנ. פינפ און פערציק יאר דורכגעלעבט, מע דארפ נאכ לעבנ, נאר לעבנ גלוסט זיכ ניט.

איז נאגנדיק־אומעטיק געווארנ אסטאפנ. געגלוסט האט זיכ וויינענ, נאר ס'איז א ביזיונ פאר די מענטשנ. האט ער זיכ אוועקגעזעצט אינ זאמד ארײַנ און אראפגעלאזט דעמ קאפ. דער מײַסטער האט זיכ צעקוויטשעט, ווי כאפ געטאנ אימ בא דער ברוסט און געוואלט אימ אופהייבנ, אינ קאמ א שטופ געטאנ אימ, גראב אימ אויסגעזידלט.

דערזענ האט אסטאפ דעמ מײַסטערס פארשוואומענע אויגנ, זײַנ קורנאסע נאז, די ליפנ, וואס ליגנ אפנ קינ, דעמ געשוואלענעמ האלדזקנאפ, האט ער זיכ פלוצעמ דערמאנט, אסטאפ, ווי צענדליקער יארנ פלעגט אימ באליידיקנ דער דאזיקער מענטש.

אסטאפ פלעגט בא אימ קויפנ די ארבעט־העכערונג. כוצ דעמ פלעגט בוטילאטשקינ קומענ אפ די „קרעסטינעס”, אפ יאנטויוויימ. אז אסטאפ פלעגט פארגעסנ אימ רופנ, פלעגט דער דעסיאטניק העפלעכ דערמאנענ. אזויארומ פלעגט א פערטל סבירעס אוועק אפנ מײַסטער. געפרווט האט אסטאפ אמאל פארגעסנ צו באצאלנ אימ, נאר בוטילאטשקינ האט אימ אזוי צוגעקוועטשט, אז ס'איז אויסגעקומענ צו דערמאנענ זיכ. דאס האט ער, בוטילאטשקינ, ניט די דאמנע, אויסגעזויגנ די מוסקולנ, פארפינצטערט די אויגנ, אויסגעהוילט אסטאפס הארצ.

איז צומ הארצנ צוגעטראטנ האס, הויכ האבנ זיכ צערעדט אלע אוולעס. ער האט אופגעהויבנ די פויסט זײַנע אפ דעמ באלעבאס פריקאשטשיקס קאפ, א קלאפ געטאנ אינ די פעטע אויגנ, איבערגעקערט אימ אינ זאמד ארײַנ.

גארבוז, וואס האט געארבעט אפ דער שכײַנישער דאמנע, האט א רופ געטאנ די כאווײרימ. א כאפ געטאנ האבנ די דאמנע־ארבע־

טער דעמ גראָבנ מײַסטער, א האָרפ געטאָנ אימ אינ זאמד ארײַנ, צורו געלאָזט אימ ערשט דאַנ, ווענ ער האָט שוינ אופגעהערט צו בעטנ, מע זאָל אימ שאַנעווענ.

דערנאָכ האָט זײ גאַרבוז אוועקגעפירט אינ קאָנטאָר ארײַנ. זײ האָבנ געפאַקט אַנ אינזשעניער, פארשאָטנ אימ מיט פײַלעכצ אונ דורכגעקײַקלט אימ אפ דער טאַטשקע איבערנ גאַנצנ זאַוואָד צומ שלאַק-שופוי.

א טײל פונ די דאָמנע-ארבעטער האָט זיכ דערשראָקנ, אז מע וועט זיכ מיט זײ צערעכענענ, אונ האָבנ גענומענ דורכשלאָגנ די „לעטקע".

...די לײמ איז ראָז געוואָרנ, גענומענ ערטערווײַז בליִענ מיט מאָנבלעטעלעכ אונ האָט זיכ פלוצעמ דורכגעריסנ מיט פײַער.

אז די שטרײַקער האָבנ דערזענ דעמ פאַראַט, האָבנ זײ זיכ א וואָרפ געטאָנ צו דער דאָמנע, האָבנ ארויסגעריסנ די ברעכ-אײַזנס, די לאָפעטעס, צערויִנירט די גראָבנס, די זשאָלעבעס. דער טשוהונ האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ דער פײַכטער ערד, האָט א קלאָפ געטאָנ מיט אופרײַסנ, פאַנאַנדערשיטנדיק טויט.

איכ האָב דערזענ ווי, ראַטעווענדיק זיכ, אנטלויפט דער טאַטע, אָנכאַפנדיק זיכ באַ אַ אויג.

איכ האָב אוועקגעטראָגנ די טרעבוכע אהײמ, זי פארגליווערטע אונ א ניט אָנגערירטע.



אפנ דנאָ פונ די פוילע רויענ, צווישנ שטעכיקנ בערשטל פונ פאַראַיאָריקנ בוריאַנ, האָט פונ דער קלעפיקער שטינקענדיקער ערד זיכ דורכגעשלאָגנ א בלוי אונטערשנײ-בלימעלע.

איכ פלעג קומענ צומ בלימעלע, זיכ אוועקשטעלנ אפ די קני, קורצזיכטיק קוקנ אפ זײַנע שטערנדיקע בלעטעלעכ. פאַרזיכטיק זיכ אָנבײגנ איבערנ בעזנ-בלוי קעפעלע אונ אײַנאָטעמענ דעמ רײעכ זײַנעמ.

דורכזיכטיק, ווי א שפינוועבס-פעדעמל, ציט זיכ דאָס שטענגעלע ציטערדיק צו דער זונ. איכ זע אפ זײַנ שטאָמ אויסגעמאָטערטע דינינקע צווײַגנ. דאָס אונטערשנײ-בלימעלע וויל זשעדנע לעבנ, נאָר דער בוריאַנ לאָזט ניט. די טריבע וואַסערנ, וואָס לויפנ אפנ דנאָ פונ די פוילע רויענ, שווענקענ אונטער די שוואַכע וואָרצלענ. די מענטשנ באַגיסנ עס מיט פאַמויעס.

איכ באלייג די נאקעטע וואָרצלענ מיט שווארצער ערד, רײַס ארויס דעמ בוריאנ, צאמ ארומ האָט קווייטל מיט א שטיינערנעמ הרעבל, צאמ עס אָפּ פונעמ געל־שווימיקנ שטראָמ אונ פריי זיכ: דאָס בלימער־לע ווערט דערפרישט, צעפראלט זיכ. דאָס דאָזיקע בלימעלע, וואָס איז ענלעכ אָפּ וואָרקענ, איז איצטער מײַנ איינציקער פרײַנט אונ כאַ־ווער.

דעמ טאטנ האָט עס דעמאָלט אָפּ דער דאָמנע ניט דערהארגעט, די טשוהונ־פונקענ האָבנ אימ אויסגעברענט אַנ אויג. שפאנענ שפאנט ער מיט א זײַט, בייגט דעמ קאָפּ צו די אַראָפּהענגיקע אַקסלענ, ווי ער וואָלט זיכ צו עפּעס צוגעהערט. ער האָט פארמאכט מיט די אָפּ אייביק־דורכגעברענטע אויגנ־לעפּלעכ דאָס צעקוואליעטשעטע שווארצ־אַפּל, האָט זיכ פארכמורעט. ער שטארקט זיכ צעעפענענ דאָס גע־זונטע אויג ברייטער, ווי ער וואָלט געוואָלט עמעצנ איבערצײַגנ, אַז ער זעט אויסגעצייכנט אַלצ.

דער שטרײַק האָט זיכ פארענדיקט אָנ דערפאָלג. דעמ טאטנ מיט גארבוזנ האָט די פּאָליציי פארנומענ. אָבער די ארבעטער האָבנ זיכ ניט געוואָלט שטעלנ צו דער ארבעט, ביז מע וועט ניט באפרײַענ די ארעסטירטע אונ זיי צוגעמענ צוריק אָפנ זאוואָד.

געשטרײַקט האָט מענ דרײַ וואָכנ. דעמאָלט האָבנ די באלעבאטימ צוגעטראכט א שפּיצל. גארבוזנ אונ טאָלאָדנ האָט מענ באפרײַט, צוגע־נומענ זיי אָפּ דער ארבעט. אָבער ווי נאָר דער זאוואָד האָט אָנגע־הויבנ ארבעטנ מיט פולנ גאנג, האָט מענ זיי ארויסגעשלײַדערט אָפּ יענער זײַט טויער.

אומזיסט האָט זיכ גארבוז געפּרוווט ווידער אופהייבנ די מאסע. די מענטשנ האָבנ זיכ אויסגעהונגערט, זײַנענ פארמאטערט געווענ אונ זײַנענ ניט גענייגט געווענ צו קיינ נײַעמ שטרײַק.

איינמאָל איז גארבוז געקומענ צו אונדז א דערשלאָגענער, א פינצטערער, ענלעכ אָפּ א בעטלער. ער האָט דערציילט דעמ טאטנ וועגנ עפּעס ארעסטנ אינ דער אָרגאניזאציע אונ האָט גלײַכגילטיק פארענדיקט.

— איבגיכנ וועט מענ אונדז אויכ פארנעמענ.

פלוצעמ האָט ער זיכ אופגעהויבנ, א שלײַדער געטאָנ געלט אָפנ טיש אונ האָט א געשריי געטאָנ:

— ברענג, מאניע, אָפּ צו דערווארעמענ זיכ, ס'בריט!..

כ'האָב קיינמאָל ניט געזענ גארבוזנ באַ בראנפנ. אויכ איצטער האָט

ער געטרונקענ שלעכט, צונויפגעדריקט זײַנ גרויסנ קאָפּ מיט די דלאָ־ ניעס, שטיל געוויינט זיכ אונ גערעדט:

— אַנ אויסוועג, אַנ אויסוועג דאַרפ מענ געפינענ, אונ וואָס גי־ כער האָט מיכ אַ רופ געטאָנ צו זיכ, צונויפגעקוועטשט מיכ צווישנ די קני, געקלאַפּט אינ מײַנע ציינ מיט דער גלאָז, האָט אײַנ־ גערעדט.

— טרינק, מאַניע, ווערסט סײַוויסײַ פאַרפוילט ווערנ, זיי וועלנ דיכ ניט לאָזנ אויפהייבנ זיכ, די אויסוואורפנ. דו מײַנ נאָר ניט, אַז איכ בינ שוינ אינגאַנצנ... מאָרגנ וועל איכ ווידער שפּאַנענ מיט ניכטערע פיס. נו, טרינק...

דער טאַטע האָט זיכ געשאָקלט באַם טיש אונ האָט גע־ שעפּטשעט:

— מיקאָלאַ ניקאָלײַעוויטש, דו, הייקער, איכ וועל זיכ דערקלײַבנ, איכ וועל זיכ דערקלײַבנ צו דיר, איכ וועל דיר דערמאָנענ דאָס גאַנ־ צע לעבנ מײַנס.

געדאַכט האָט זיכ אים, אַז אינ אַלצ איז שולדיק דער מײַסטער מיט די מויז־אויגנ.

איכ געדענק דעמ טאַטנס לעצטנ טאָג. ער איז געקומענ אַהיימ, געשטאַנענ, ניט אויסטוענדיק זיכ, בײַ דער שוועל. מיר, די קינדער, זײַנענ געזעסנ אויפנ אויוועלע, הונגער האָט אונדז גענאָגט. מיר האָבנ געקוקט אויפ אימ ווי אויפ אַ פרעמדנ. מיר האָבנ געשוויגנ אונ מוירע געהאַט, ער זאָל ניט צוגיינ צו אונדז.

ער איז געווענ זייער שעמעוודיק שטיל אונ ניכטער. ער האָט אַראָפּגענומענ דאָס היטעלע אונ גענומענ עס טראָגנ פאַר זיכ, ווי מע טראָגט אַ ליכטל, היטנדיק זיכ פאַרנ אַקעגנדיקנ לופט־שטרעמל. ער האָט זיכ צוגעזעצט אויפ דער באַנק, אויסגעשטרעקט צו אונדז די האַנט, ווי ער וואָלט געבעטנ אַ נעדאָווע.

איכ האָב זיכ אויסגעבאַהאַלטנ הינטער גיורקעס פּלײצע. כ'האָב מוירע געהאַט פאַר דעמ דאָזיקנ פּאָנעמ, פאַר דעמ דאָזיקנ שרעקלעכנ גרויסנ אויג, פאַר די קרומע ליפּנ אונ פאַר די דורכגעברענטע קנייטשנ.

דער טאַטע האָט דערפילט אונדזער שרעק. אַ רגע איז ער גע־ זעסנ אַ צעקראָכענער, ענלעכ אויפ אַ געהאַנגענעמ, וועלכנ מע האָט אַרויסגענומענ פונ שלייפ. דערנאָכ איז ער אויפגעשפּרונגענ, פאַר־ שטעלט מיטנ אַרבל דאָס זעענדיקע אויג אונ איז אַנטלאָפנ.

אונ אינדערפרי איז צו אונדז צו לויפנ געקומענ גארבונ אונ שטי־לערהייט געזאָגט:

— איר וואָלט באדארפט גיינ דאָס לעצטע מאָל אפנ טאטנ א קוק טאָנ..

איכ האָב אימ דערזענ אפ דער גלעזערנער ווערא נדע פונעמ גראָבנ מייסטערס הויז. אהערצו האָט דעמ טאטנ דער האָס פארטראָגנ. אָבער דער פאָרזיכטיקער מייסטער האָט אימ דעמ האָס צעקנאקט. ער האָט אוועקגעלייגט אָפּטאפּנ אנ אָטעמ אפ די טעפיכ־שטעגעלעכ.

דער טאטע ליגט אפ דער ברייטער פלייצע, צונויפגעדריקט מיט דער האנט א ברעכ־אייזנדל מיט א שארפ שפיצעלע. דאָס ניט־פאר־האָרבענע אויג איז פארמאכט, אונ הויכ אופגעעפנט איז דעמ בלינדנס אויגנ־לעפל, ס'אנטפלעקט דעמ מוטנעמ שווארצאפל, וואָס האָט זיכ אָפּגעשטעלט.

ניט געענדערט האָט זיכ אונדזער לעבנ נאָכנ טאטנס טויט. מיר פלעגנ ניט ארויסגייג פונעמ ערד־שטיבל. זעלטנ ווענ פלעגנ גוטהאר־ציקע ווייבער פונ די פוילע רויענ ברענגענ אונדז עפעס עסנ. באטאָג אונ באנאכט פלעגנ מיר זיצנ אינווייניק איגעמ רוסישנ אויוונ, ווי די מאמע פלעגט אמאָל באקנ ברויט, קאָכנ באָרשטש, אויספארענ די לייז.

דאָס יאָר איז דער ווינטער געוועג א שנייִיקער אונ איז לייכט, אונטערטעניק אוועק. דאָס וואסער האָט באדעקט דעמ דנאָ פונ די רויענ, האָט זיכ אופגעהויבנ העכער, איז צוגעטראָטנ צו דעמ ברעג, ווו אונדזער ערד־שטיבל שטייט.

די ערד פונ סאָבאטשייעווקע איז אופגעשוואָלנ געוואָרנ פונ פייכט־קייט. פונעמ ערד־שטיבלס ווענט האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אָפּשיטנ גאנצע שטיקער. אינ ווינקל האָט זיכ באוויזנ ווייסער מאָכ, וואָס איז ענלעכ אפ גומי. מיר פלעגנ פונ אימ קייִקעלעכ צונויפקייקלענ אונ קייִענ, פארטרייבנ דערמיט דעמ הונגער־איבל.

מיטקע אונ ניורקע ליגנ אפנ אויוועלע, האָבנ צוגעצויגנ די בלויע קני צו די קינעלעכ, טרייסלענ זיכ פונ הוסט. מיט די הוסט־אופרייסנ רייסנ זיי אופ פלאסטנ סאזשע. זיי ליגנ שוינ עטלעכע טעג, הייבנ זיכ ניט אופ אונ בעטנ, איכ זאָל זיי א ביסעלע אָנווארעמענ. איכ ליג צווישנ זיי, אונ ס'איז מיר הייס, נאָר זיי בעטנ אלץ ווארעמקייט, אפילע אינ היץ.

באגינענ כאפ איכ זיכ אופ פונ קעלט. אפ מיינ פלייצע — אייזנ,

וואָס מע האָט נאָרוואָס געבראַכט פונ פראָסט. איכ דערקענ די שטילגעבליבענע ניורקעס. לעמ מײַנ צווייטער זײַט—מיטקע. ד יאַוויערנ זײַנע זײַנענ נאָכ ווארעמ, נאָר אפ די צעשלײַדערטע הענט זײַנענ אײַזקאַלט די נעגעלעכ.

סע שרעקט מיכ די אומגעוויינלעכע שטילקײַט. איכ וויל אַרויסשפּרינגענ פונ אײַוועלע, נאָר איכ געפינ ניט דעמ אײַוועלעס פינצטערנ אונ שמאָלנ האַלדז. ס'לאָזנ ניט די ווענט אונ מיטקעס אינ ניורקעס אויסגעצויגענע הענט אונ פיס.

איכ שרײַ, נאָר די נידעריקע טויבע סטעליע דערשלינגט די קלאַנגענ.

איכ קלאַפּ מיטנ קאָפּ אָנ די שטיינער, נאָר זיי גיבנ ניט נאָכ. איכ ווער אַנשוויגנ, אונ שטילקײַט דעקט מיכ אומבאַמערקט צו מיט אירע פליגל.

אופגעכאַפּט זיכ, האָב איכ דערפילט דעמ רייעכ פונ שעכטהויז.

איכ עפנ די אויגנ אונ זע אַ גרויע פּאַרוסינע. איכ האָב זי אַ וואָרפ אָפּ געטאָנ אונ זיכ אופגעהויבנ.

איכ בינ אפ אַ פּאָליציי־ליניייקע, אפ וועלכער מע פירט מייסימ, לעבנ דער שוועסטער אונ לעבנ ברודער. אַרומ אונ אַרומ — מאַרקאוילעמ.

די מענטשנ מיינענ, אַז מע קאָנ אופהייבנ אויכ ניורקענ מיט מיטיענ. אָבער בא ניורקענ מיט מיטיענ זײַנענ די קערפּערס הילצערנע, אונ שוואַרצע פלעקנ האָבנ זיכ אָוועקגעלייגט אפ די אויסגעמאָגערטע באַקנ. די ליניייקע האָט זיכ צעטראַכקעט. מיכ האָט מענ אָפּגעפירט צוריק אינ ערד־שטיבל אַרײַנ: עמעצער האָט מיר געגעבנ הייסע מילכ, אײַנגעוויקלט מיכ אינ אַ קאָלדרע.

סע שרעקט מיכ די ראַכוועס פונ דער כאַלופּע. ס'זײַנענ זייער ווײַט די סטעליע, די ברייטע ווענט, אונ איכ בינ אַזאַ קלייניקער.

איכ לויפ פונעמ ערד־שטיבל, ווייס אַליינ ניט וווּהינ.

איכ גיי דורכ סאָבאַטשייעווקע, פּאַרבײַ אַגאַנעסאָווס נאַכטהויז, איבערנ נידעריקנ ברעג פונ די פוילע רויענ אונ זע דאָס זעלבע אונטערשנייבלימעלע.

זײַנ צעבראָכנ שטענגעלע איז אומגעפאַלנ אפ דער פּאַרמיסטיקטער ערד. אָבער די קווייטנ ווילנ ניט פאַרמאַכנ זייערע בלויע שטערנ. זיי ציִענ זיכ צומ לעבנ, זיי ווילנ לעבנ.

# אכטער קאַפּיטל

„די מומע דורע" איז א נידעריקע, א גראָבע, ענלעך איז זי אַפּ א רעמבעגעם קלאָץ בא א קאַצעוו. אפנ בויך בא איר — א האָרב. סאָבאַטשייעווקע רעכט, אז דאָס נעמט זיך פונ פעטס. די ניט־פאַרגינערנס, די הענדלערנס פונ אונדזער מאַרק, פאַרזיכערנ, אז בא דער מומע דורע אינ בויך פּרוכפּערנ אונ מערנ זיך פּרעש.

געראָפנ האָט מענ זי דאָרע אלעקסאַנדראָווגע. נאָר אז זי האָט אנגענומענ דעם גלויבנ אונ די זיטנ פונעם מאַרק, האָט מענ איר א צונעמעניש געגעבנ „מומע דורעפּראָש".

די מומע האַנדלט מיט פירעזשקעס אינ מאַרק. זי שטייט אפנ סאַמע לעבעדיקנ ראָג פונ די פיש־ אונ באַקאַליי־רייענ. אַפּ אירע אַקסלענ, וואָס זײַנענ ענלעך אַפּ פּעסלעך, הענגט א קײַלעכיק יאָר א גראָבער לײַוונטענער שאַל. אפנ האַרבאַטנ בויך — אנ אײַזערנער קאַסטנ. די מומע זשמורעט די אויגנ, בלאָזט זיך אָנ, שלינגט לופט, זעצט זיך א ביסל צו אַפּ די פיס אונ געוואַלדעוועט איבערנ גאַנצנ מאַרק:

— פירעזשקעס, פירעזשקעס, געפּרעגלט אַפּ פּוטער, אונ דער האָניק איז א מעכײַעדיקגוטער...

זי האָט מיך געפּאַקט אינ די פּוילע רויענ, אַוועקגעפירט מיך אינ איר כאַלופּקעלע, וואָס שטייט באַמ סאַמע ברעג סאָבאַטשייעווקע אונ האָט א זאָג געטאָנ:

— וועסטו, הייסט עס, זײַנ בא מיר א פּלימעניק. איך בינ אויך, ווי א יעסוימע.

זי האָט מיר באַוויזנ די אָפּגעבליאַקעוועטע פאָטאָגראַפיע פונ א גאַנצ בינטל קינדער. זי האָט א כליפּע געטאָנ:

— אלע זײַנענ אויסגעשטאָרבנ. איינע אליינ בינ איך געבליבנ, ווי א שטענגעלע אינ פעלד.

זי האָט צעשמירט די טרערנ מיטנ פאַרשמאַלצעוועטנ שאַל אונ האָט שטרענג צוגעגעבנ:

— רופנ זאָלסטו מיך דאָרע אלעקסאַנדראָווגע.

זי האָט גענומענ לערנענ מיך, וויאַזוי מע דאַרפ זינגענ וועגנ די פּירעזשקעס. ס'פלעגט זיך בא מיר גאָרניט באַקומענ. איך פּיפּשטשע, בלאָז זיך אָנ, פאַרמאַך, ווי זי אייצעט מיר, די אויגנ — אומזיסט אונ אומנישט. איך שטיי אינמיטנ דער כאַלופּע מיט אנ אויפגעהויבענעמ קאָפּ, אונ וויע, טראַכט ניט וועגנ דער מומע דורע, ניט

וועגנ די פירעזשקעס. איכ קענ ניט טראכטנ. ס'גלוסט זיכ מיר גאָר ניט, ס'טוט מיר גאָרניט ניט באנק. ס'דאכט זיכ מיר, דאָס גאַנצע לעבנ מײַנס לעב איכ איינער אַלײנ און ס'איז בא מיר ניטאָ און קײנמאָל איז בא מיר ניט געווענ ניט קײנ מאַמע, ניט קײנ טאַטע, ניט קײנ שוועסטער, ניט קײנ ברודער. איכ קענ ניט לויפנ, איכ קענ ניט לאכנ, איכ האָב פארגעסנ, ווי מע וויינט.

די מומע איז בארויגעז. פונדעסטוועגנ נעמט זי מיכ מיט מיט זיכ אפנ מארק. דאָרטנ פרווט זי זיכ גאָר אפ א נײַעמ אויפנ לערנענ מיכ. זי הייבט אָנ אלײנ און דערנאָכ שטופט זי מיכ:

— כאפ אונטער.

מיר גוואלדעווענ מיט צוויי שטימענ. זי ווערט פלוצעמ אנשוויגנ און איכ שרײַ איינער אלײנ.

נעמט זיכ צונויפ אנ אוילעמ, מאכט כויזעק פונ מיר, קויפט אָבער גערנ די פירעזשקעס. די מומע איז צופרידנ.

אײנגיכנ האָב איכ אָנגעהויבנ ארויסגײנ איינער אלײנ מיט א צינענעמ קאסטנ אפנ מארק, און דאָרע אלעקסאנדראָוונע האָט אינ דער הײמ געגרייט די פראָדוקציע.

אָבער מײַנ האנדל איז געגאנגענ שלעכט. איכ פלעג ברענגענ די פירעזשקעס אהיימ ניט פארקויפט. די קונים פלעגנ מוירע האָבנ פאר מײַנע טשעריק־הענט, פאר מײַנע געלע אויגלעכ, פאר מײַנ האַרקײַט און פאר מײַנ פיסק אינ פרישטשעס.

דערוווּסט זיכ וועגנ דער סיבע, האָט די מומע געזאָגט, דערשראָקנ און בעטנדיק:

— וועסט מיר קאליע מאכנ די גאנצע פראָדוקציע מײַנע... קלײַבסט זיכ שטארבנ. ברענג מיכ ניט ארײַנ אינ קײנ הויצאָעס אפ א לעווײַע, טײַבעלע, איכ בינ אנ אָרעמע אלמאָנע, זוכ זיכ אויס א קרעפטיקערנ פארשוינ.

זי האָט מיר ארײַנגערוקט עטלעכע קאלטע פירעזשקעס און האָט שטײַפ צוגעמאכט די טיר.

איכ בינ געשטאנענ באדעקט מיט רעגנ־טרערנ. אונטער די פיס צעקריכט די ערד. איכ האָב ניט וווּהינ צו גײנ. האָב איכ זיכ אוועקגעזעצט אפ א שטײנ, ארײַנגערוקט דעמ קאָפ צווישנ די קני און בינ פארגליווערט געוואָרנ. כ'האָב אופגעהויבנ דעמ קאָפ. זע איכ דער מומעס האָרב און איכ הער:

— וואָס־זשע זיצסטו?

איך קוק אפ די פראַש־ליפּן און זאָג:

— דאָרע אַלעקסאַנדראָווגע, אז איך וועל זיך קלײַבן שטאַרבן, וועל איך אײַך זאָגן, און וועל פריִער אָוועקגיין.

זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם קאסטן, האָט זיך צעוויינט און צע־טומלט גערעדט:

— אוי, גאָטעניו, נו וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן?

זי האָט מיך ווידער אַרײַנגעלאָזט אין איר ערד־שטיבל.

באַנאַכט פלעג איך צונויפנעמען הייצוואַרג, באַטאָג הייצן דאָס אייוועלע מיט סטרוזשקעס, מיט מיסט, מיט קאָקס, און אויך אי־בערקערן די פאַרוויטלטע זײַטן פון די פירעזשקעס, וואָס די מומע פלעגט מאַכן אַף א לאַנגן טיש.

דאָרע אַלעקסאַנדראָוונע האָט געהאַט א שלעכטן זיקאָרן: פון צײַט צו צײַט פלעגט זי פאַרגעסן אַנצוקאָרמענען מיך. ס׳פלעגט אויסקומען זאָרגן אַליין וועגן זיך. אַז זי פלעגט זיך שטאַרק פאַר־קוקן אין איר אַרבעט, פלעג איך א כאַפּ טאָן פונעם טיפן אײַזער־נעם בלאַט א פירעזשקע, וואָס זיצט אין פוטער, און ביגנײַווע, שטיקלעכווײַז וואַרגן זיך מיטן טייג. אָט אַזוי האָב איך געלעבט. די מומע דורע איז צופרידן, בלויז פון צײַט צו צײַט קוקט זי זיך צו צו מיר, און אין אירע אויגן זע איך אומרו און באַגער צו וויסן, צי וועל איך נאָך לאַנג דורכלעבן. דערמלט שעפּטשע איך בלויז מיט דער צונג:

— פראָש... פראָש... פראַש.

זי שטויסט זיך אָן, פאַרלאַשטשעט מיך מיט הייסע, דורכגע־פרעגלטע פירעזשקעס.



אָנגעקומען איז א טאָג, א וווּנדערלעכער טאָג פאַר די פוילע רוי־ען. לעבן לעבט סאָבאַטשייעווקע שוין א פערטל יאָרהונדערט, און אַזא טאָג האָט זי נאָך ניט געזען.

ס׳איז שוין אינגאַנצן ליכטיק געוואָרן, נאָר די מומע שלעפט מיך ניט אַראָפּ פון געלעגער, און אַליין אַרבעט זי אויך ניט. זי האָט אָנגעטאָן דעם יאָנטעוודיקן קאַפּאָט, האָט זיך לאַנג געוואַשן מיט האָפּטיקער זייף, האָט זיך אַרומגעפּוצט באַם בלינדן שפּיגעלע און ערשט דערנאָך צוגעגאַנגען צו מיר, א צאַרטע און א גוטע.

— סאָניע, א, סאָניע, שטיי אוף.

איך קוועטש שטאַרק צונויף די אויגן־לעפּלעך, ריר זיך ניט אונ טראַכט:

— „וואָס־זשע איז עס היינט פאַר א יאָנטעוו?".

און די מומע וועקט:

— סאָניע, שטיי אויף, אַניט וועסטו פאַרשלאָפן די גאַנצע סימ־כע דיינע. דער ברודער דיינער קאָזמאַ האָט זיך אויף דער סלאָבאָדקע באַוויזן.

דער ברודער קאָזמאַ? יעגער, וואָס פלעגט פון דער ארבעט שטענדיק ברענגען א שטיק ברויט און אין טאָג פון געהאַלטן־אויס־צאָל שטענדיק קויפן לאַנגע קאָנפעקטן?

ער איז דאָך אָבער פאַרפאַלן געוואָרן. פאַרמאַך איך צוריק די אויגן, פריי זיך, וואָס די מומע דערציילט עפּעס צו מיר א געשריי געטאָן, האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אוועק־געגאַנגען.

איך גלויב ניט, אז מע קאָן סאַפּראָלסאָפ אויסשלאָפן זיך ווי עס דאַרף צו זיין. איך וויל אנשלאָפן ווערן, נאָר דער שלאָף קומט ניט. איך פאַרגעס זיך און דערפיל אויף שטערן א הייסע האַנט.

ס'דאַכט זיך מיר, אז די באַבע זינגט איבער מיין קאָפּ לידער. כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט און זע: עס שטייט איבער מיר א פרעמדער מאַנצביל און לאַכט. ער דערוואַרט זיך ניט ביז איך וועל זיך אויפהייבן פונעם שטרויענעם מאַטראַץ, ער נעמט מיך אַרום און קיצלט מיך מיט דער שטעכיקער באָרד. צוגעטוליעט מיך צו דער ברוסט, גייט קאָזמאַ ארויס פונעם ערד־שטיבל. ער איילט. אויך גאַנצ סאָבאַטשיי־עווקע איילט. אלע זיינען ארויס אין גאַס ארויס. אַנגעטאָן דאָס סאַ־מע בעסטע, דאָס, וואָס מע פלעגט ארויסנעמען פון די קופערטן נאָר אין די יאָר־יאָנטויווים.

וואָס־זשע איז עס היינט פאַר א יאָנטעוו? פאַרוואָס־זשע איז עס סאָבאַטשייעווקע ניט שיכער? פאַרוואָס שעלט זי ניט אין דער מאַ־מענס אַריין, צעבלוטיקט ניט קיין פיסקעס? פאַרוואָס גייען זיך ניט צונויף אויף מעסער־שטעכן די שאַכטיאָרן און מעטאַליסטן?

— רעוואָלוציע!

— רוסלאַנד איז אָן א קייסער!

— אָט וועט עס א לעבעדיג זיין, א?

סאָבאַטשייעווקע האָט זיך צונויפגעזאַמלט לעבן אַנאַנעסאָווס שענק און האָט אויף עפּעס געוואַרט.

אפנ שטייניקעמ גאנעקל האָט זיכ אופגעהויבנ דער ברודער. ער האָט מיכ אופגעהויבנ איבערנ אוילעמ אונ א געשריי געגעבנ:

— כאווײרימ, גיט א קוק אפ דעמ דאָזיקנ יינגל! מע רופט אימ פארזעעניש, ער האָט מוירע צו קוקנ אפ מענטשנ. ער קענ ניט לאכנ. דאָס איז מײַנ ברודער. אונ מיט וואָס זײַנענ בעסער אײַערע קינ־דער? מיט וואָס זײַנענ בעסער אײַערע שוועסטער? מיט וואָס זײַנענ מיר אליינ בעסער?

ווער האָט אונדז געמאכט פאר פארזעענישנ?

זיי!

ווער האָט בא אונדז צוגענומענ אונדזער געלעכטער?

זיי!

דער ברודער האָט מיכ אראָפּגעלאָזט אפ דער ערד. ס'האָט אימ איבערגעשלאָגנ דער האָרגער גארבוז:

— כאווײרימ, מירנ פאָדערנ אנ ענטפער פאר אונדזערע לעבנס. מירנ זיי א נעמ טאָנ באמ גאָרגל, מירנ נעקאָמע נעמענ.

גארבוז האָט נאָכ ניט באוויזנ צו ענדיקנ, האָט דער קוילנהאקער קאָוואל א כאפ געטאָנ א שארפ־שפּיציקנ שטיינ אונ אָנגעהויבנ צע־קלאפנ די לאָדנס פונ שענק.

— צעקנאק אפ שטיקער דאָס בירהײַזל, מאכ כאָרעוו דאָס נאכט־הויז, קוילנהאקער קאָוואל!

קוק, מע העלפט דיר, אט רײַסט דײַנ ווײַב מיט די נעגל די אײַ־זערנע טיר.

ניכער, ניכער כאָרעוו מאכנ די דאָזיקע פארשאָלטענע נעסט!

א פארוויכערטער שמיד מיט א האָרבאטנ וואלצער האָבנ ארויס־געבראָכנ די טיר פונעמ שענק. דער האמויז איז ארײַנ אינ די סקלאדנ. ס'האָבנ זיכ צעקלונגענ פלעשער, ס'האָט זיכ צעגאָסנ ביר פונ די צעקלאפטע פעסלעכ. ערגעצ פונ הינטער א ווינקל איז ארויס־געפלויגנ א פלאמ־פויגל אונ ס'האָט זיכ צעקנאקט אינ פלאמענ אגאנצע־מאָוום איינגנטומ, צעשלײַדערט האָבנ זיכ פונקענ איבער די פוילע רויענ.

ס'ברענט דאָס נעבטיקע לעבנ, קאָזמעס, קאָוואלס, גארבוזס, דאָס לעבנ פונעמ גאנצנ דאָר זייערנ.

— אָ, שטארקער, שארפער פלי אופ, צעפלאטער זיכ, האָס! פיר כאָבאטשייעווקע אפ די בלויע קווארטאלנ פונ די אקציאָנערנ.

דער האָרנער גארבוז האָט אופגעהויבנ די האנט, רופט אהינ, הייזעריק איז ער פאר צאָרנ.

ניט אָפּגעשטעלט האָט זיך סאָבאַטשייעווקע, קיין ציטער ניט גע־טאָן, ניט פֿאַרלאָזנדיק דעם טראָט, ווען אונטער דער הונגעריקער פֿעוואַל־זון האָבן אַ גלאַנץ געטאָן קאָזאַקישע שווערדן. און נאָר דאַן, ווען ס'איז געוואָרן נאַס און קלעפּיק פֿון בלוט אונטער די פֿיס, האָט סאָבאַטשייעווקע זיך אַ לאָז געטאָן אָפּ צוריק. זי האָט צעטומל־ליק אָפּגעטראָטן.

איך האָב געזען, ווי דער ברודער איז אומגעפֿאַלן. איך בין גע־לאָפֿן פֿאַרבײַ די פֿוילע רויען און האָב ניט געוווּסט וווּהין די פֿיס טראָגן מיך. קיינער האָט מיך ניט באַמערקט. איך בין געלאָפֿן, גע־זוכט נאָרבוזן. איצטער איז ער אין איינע אייניציקער געבליבן בײַ מיר.

## ניינטער קאַפּיטל

דער פֿליגלדיקער האָט מיך געפֿונען אין ווילדגראָז אָפּ דער פּאָסט־קע, וואָס לעבן דעם וואָקזאַל, וווּהין ער האָט געבראַכט אַ שווערן לאַ־קירטן טשעמאָדאַן. ער האָט שוין אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ שטיק אײַזן איבערן אייזערנעם ניקעלירטן שלאָס, ווען ער האָט לעבן זיך דער־הערט מײַן שטילן קרעכץ.

איך האָב דערזען איבער זיך אַ ציגײַנערישע באָרד, דערפֿילט אַ האַנט, וואָס הייבט מיר מילד אויף דעם קאָפּ, גיט מיר טרינקען פֿון אַ פֿלאַש. איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס נעכטן איז געווען.

אַ הונגעריקער און אַ פֿאַרטעכענער האָב איך געשפּאַנט און אַליין ניט געוווּסט וווּהין איך שפּאַן.

אַז ס'האָט זיך פֿאַרגלוסט עסן, האָב איך זיך צוגעשאַרט צו אַ „מעשאָטשניק‟, וואָס האָט געדרעמלט אָפּ אַ ציסטערנע פֿון אַן אַקאַרשט־אָנגעקומענעם צוג.

איך האָב צעשניטן זײַן הרייענדיקן זאַק און אונטערגעשטעלט די קעשענע אונטער דעם שטראָם ווייץ, וואָס האָט געפֿינקלט, ווי גאָל־דענע שטערן.

דער ספּעקולאַנט האָט אופֿגעעפֿנט די אויגן, האָט אַ כאַפּ געטאָן מײַן האַנט. ער האָט צונויפֿגערופֿן די כאַווײַרים, און צוועלף פֿויסטן האָבן געבראַכן און געקנאַטן מײַן קערפּער, וואָס איז געבליבן שטום שוין פֿון די ערשטע קלעפּ. זיי האָבן זיך שנעל צערעכנט מיט מיר.

דער „מעשאָטשניק" האָט געמיינט, אז איך בין געשטאָרבן, ער האָט מוירע געהאט איבערלאָזן דעם טויטן קערפּער אַף די רעלסן, האָט ער מיך פאַרשלעפּט צו דער פּוסטקע און מיך אַרײַנגעוואָרפן אין ווילדגראָז.

דאָ טאקע האָט מיך דער פּליגלדיקער געפונען.

ער האָט מיך אריבערגעטראָגן אין זײַן צימער. ער האָט באַשמירט מײַנע דראַפּלען און בײַלן, געפּוייעט מיך מיט מילך, צוגעלייגט נאסע טיכעלעך. ער איז שאָענלאָנג געזעסן בא מײַן צוקאָפּנס.

לעבן אים זע איך א יונגעלע פון מײַן וווּקס. ס'האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, קוקט אַף מיר מיטביידע אויגן און שווײַגט. דער שוואַר־צער רופט אים מיט א מעשוגעדיקן נאָמען — לעוואָנע. איך קער־ווע זיך אַף פונעם ניט אָנגענעמען בליק און צי זיך צום פּליגלדיקן.

ער לייגט ארויף די האַנט אַף מײַן שטערן און פרעגט, ווער בין איך, פוגוואַנגען, ווי רופט מען מיך.

איך פאַרמאַך די אויגן און בלויז מיט מורמל פון ליפּן דערצייל איך וועגן דעם נעלן ניקאַנאָר, וועגן סאָבאַטשייעווקע. דער שוואַר־צער מענטש שאָקלט באַפרידיקט מיטן קאָפּ, שמייכלט ווייך און זאָגט:

— ווער ניכער געזונט. די אַרבעט בעינקט נאָך דיר.

אינגיכן איז ער אַוועקגעגאַנגען, איבערגעלאָזט מיך מיטן בייזן יינגעלע. לעוואָנע האָט זיך צוגעזעצט בא מײַן בעט מאַטראַץ און גאַר אָן סינע געפרעגט:

— ווי אַלט ביסטו?

— עלף יאָר, — האָב איך געענטפערט.

— מיר איז, דאַכט זיך, אויך אַזוי פיל. איך לעב שוין מיטן פּליגלדיקן א יאָר צײַט.

— ווער איז עס דער פּליגלדיקער?

דאָס יאַטל קוקט אַף מיר מיט אומצוטרוי.

— ווייסט ניט? אָט דער דאָזיקער שוואַרצער פעטער. — דער־נאָך האָט ער זיך אָנגעבויגן און געגומען שעפּטשען: — פאַרשטיי־סטו מיך, מיר גייען מיט אים אַ שפּרינגערײַ,* מיר זײַנען נאָך קיין איין מאָל ניט אַרײַנגעפאַלן. ווער ניכער געזונט, וועט ער דיך אויך אויסלערנען.

---

* שפּרינגערײַ—דאָס באַרויבן דירעס.

דער פֿליגלדיקער האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט, איך זאָל געזונט ווערן.

ער האָט געוואָלט מאַכן מיך פֿאַר זײַנעם אַ „קאַריש:* ערשט ניט לאַנג איז פֿון אים אַנטלאָפֿן זײַנער אַ גוט־געלערנטער געהילף.

איך בין נאָך ניט פֿעסט געשטאַנען אויף די פֿיס, ווען דער פֿליגל־דיקער האָט געבראַכט אַ פֿערטל עמער סאַמאַהאָן, ברויט, אוגערקעס, געטריקנטע שוואָמען.

— חײַנט איז בײַ אונדז בײַ זאַר,** מירן באַשפּריצן דײַן גע־בורטסטאָג, — האָט געזאָגט דער פֿליגלדיקער, באַוויזנדיק צעבראָכע־נע געלע ציין.

סאַמאַהאָן האָט ער געשלונגען גלעזערווײַז. לעוואָנע האָט זיך נאָך די ערשטע שלונגען אויסגעוואַלגערט אויפֿן דיל און איז געלעגן פֿאַרוקט אונטערן בעט. דער פֿליגלדיקער האָט מיר צוגעטראָגן די גלאָז און האָט מילד געזאָגט:

— טרינק, באָכערל, וויפֿל דו קענסט, דערנאָך וועסטו געווינט ווערן.

ער האָט אַרומגענומען מיט לאַנגע ציטערנדיקע הענט מײַן אַקסל, זיך אָנגעבויגן צום אויער און געשעפּטשעט:

— עך, פּאַצאַן, איך וועל דיך מאַכן פֿאַר אַ לײַט. אַ מענטש וועל איך זײַן, אויב איך וועל דיך ניט מאַכן פֿאַר אַ לײַט. אַ זשוליק ערשטער סאָרט וועסטו זײַן. דו האָב נאָר קיין מורא ניט. שלאָג קע־סיידער. דרייסטער. אָט איך, אשטייגער, — דער פֿליגלדיקער האָט אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן און האָט אַ ווונק געטאָן מיטן אויג, — צוואַנציק יאָר גאַנווע איך און ס׳געלינגט. און אַלץ נאָר דערפֿאַר, ווײַל איך האָב קיין מורא ניט.

אַז ס׳איז ליידיק געבליבן דאָס צווייטע „פֿערטל” סאַמאַהאָן, האָט דער פֿליגלדיקער זיך אויפֿגעהויבן און האָט אָפּגערוקט דאָס פֿאַרהענגל אויפֿן פֿענצטער. די שויב איז געווען פֿעט און שוואַרץ. ער האָט אַ זאָג געגעבן שטיל און פֿײַערלעך:

— נו, קום.

לעוואָנע האָט זיך אונטערגעגאַרטלט מיט אַ זאַק, דער פֿליגלדיקער

---

* קאַריש—געהילף, כאַווער.

** באַזאַר—הוליאַנקע.

האָט אַרײַנגעדרוקט אונטער די הויזנ אַנ אָנגעשלײַפטע ברעכ־אײַזנדל, אונ מיר זײַנענ אַרויסגעגאַנגענ אַרונטערנ שוואַרצנ אונ ווײַטנ הימל, וואָס איז באַזעצט מיט קעצענע אויגנ פונ שטערנ.

אַפ דער גאַס איז שטיל אונ פוסט. אַפ יענער זײַט פאַרקנ ווויעט א הונט. ס׳הערט זיכ ווי בײַ דעמ פליגלדיקנ דרײַבט זיכ דאָס בויכ־קנעפּל פונ די הויזנ אינעמ אײַזנ פונעמ ברעכ־אײַזנדל. ער שפּאַנט מיט היפּשע טריט אונ גלײַכ. איכ שפּאַנ נאָכ אימ, פאַרשטײ ניט די געהײמניספולקײַט פונ דער רײַזע. דער פליגלדיקער בײגט זיכ אָנ, דערקלערט:

— ס׳וועט בײַ אונדז ניט געדויערנ: אײנס, צוויי — אונ פאַר־טיק. נאָר גיב אַכטונג, פּוצעווע ניט אונטער.

ס׳הייבנ בײַ מיר אָנ ציטערנ די ליפּנ, מיסטאמ פונ נאַכט־פײַכט־קײַט.

מיר שטעלנ זיכ אָפּ בײַ א שטיבל, וואָס איז אַרומגעצאַמט מיט אײַזערנע שטאַכעטנ. דער פליגלדיקער קוקט זיכ אַרומ, שפּרינגט שנעל אַריבער איבער די שטאַכעטנ אונ שטרעקט פונ דאָרטנ אויס די הענט. לעוואָנע איז אַלײנ אַריבערגעקראָכנ אונ האָט זיכ שוינ גע־לאָזט אינ דער טיפ פונעמ הויפ, אויסגעצויגנ דעמ קאָפּ, ווי ער וואָלט אַרומגעשמעקט.

מיר זײַנענ עטלעכע מאָל אַרומגעגאַנגענ אַרומ הויז. דערנאָכ נעמט דער פליגלדיקער סאַפּקאָלסאָפּ אַרויס דאָס ברעכ־אײַזנדל, שפּאַנט צומ פענצטער.

עפּעס האָט טרוקנ אונ קלינגעוודיק א קנאַק געטאָנ אונטער זײַ־נע הענט. בײַ מיר האָט זיכ פאַרדרײט דער קאָפּ, האָב איכ זיכ צו־געזעצט. דערנאָכ האָב איכ דערזענ איבער זיכ א בײז פּאָנעמ, דער־הערט א בײז שיפּעניש. מע האָט מיכ געזידלט פאַר מײַנ לאַנגזאַמ־קײַט, מע האָט מיכ געאײַלט גיכער ענדיקנ די אַרבעט.

איכ האָב זיכ אַרופגעשטעלט צומ פליגלדיקנ אַפ דער פּלײצע. ער האָט מיכ אויפגעהויבנ אַפ די אַקסל אונ איכ האָב דערזענ אַנ אָפּנ פענצטער־פאַרטקעלע. איכ האָב דורכגערוקט דעמ קאָפּ אינ פענצטערנ לאָכ אונ האָב דערפילט, ווי דעמ פליגלדיקנס שטאַרקע הענט העלפנ מײַנע דאַרע קלובעס דורכקוועטשנ זיכ אינ דער פרעמדער וווינונג אַרײַנ.

אָט אַזוי האָט זיכ אָנגעהויבנ מײַנ נײַ לעבנ.



גילדענע טעג האָבנ זיכ באמ פליגלדיקנ אָנגעהויבנ. ער פלעגט קימאט ניט ארויסגיינ פונ זײַנ „מאלענע"*. די גאנצע ארבעט איז געפאלנ אפ מיר מיט לעוואָנענ.

אפדערנאכט פלעגנ מיר אינצווייענ ארויסגיינ אפ געיעג. בא לעוואָנענ הינטערנ פאס — א ברעכ־אײַזנדל, בא מיר — א זאק. צוגעגאנגענ צו דער קווארטיר, וואָס מיר האָבנ פריִער אָנגעמערקט, פלעגט לעוואָנע ארײַנשטעקנ דעמ שארפנ שפיצ פונעמ ברעכ־אײַזנדל אינעמ אויער פונעמ שלאָס. מיט פיר הענט פלעגנ מיר אָנקוועטשנ אפנ הייבער, אינ דער נאכט־שטילקײַט פלעגט זיכ דערהערנ א קנאק.

לעוואָנע פלעגט אויסבאהאלטנ דאָס ברעכ־אײַזנדל הינטערנ העמדל, אוועקשטעלנ זיכ אפ וואכ. איכ עפנ אופ די טיר. די זשאווערדיקע טיר וויעט אונ סקריפעט, ס'דאכט זיכ מיר, אז דאָס קערט זיכ מיר דאָס הארצ איבער. איכ לאָז די טיר א ברייט־צעעפנטע. טאָמער וועט מיר אויסקומענ פלוצעמ אנטלויפנ, גרייט איכ זיכ צו אנ אנדער ארויסגאנג: איכ צעעפנ דאָס פענצטער אינ גאס ארויס.

כ'האָב אָנגעהויבנ זשעדנע ריינ מאכנ די קווארטיר. ס'גלוסט זיכ מיר האָבנ טויזנט זעק. איכ וואָלט אינ זיי פארנומענ דאָס דאָזיקע אומגעזעענע רײַכטומ אינגאנצנ.

אינ בופעט זע איכ אנ איידל שיינ גלעזעלע. איכ פרוו די טירלעכ. זיי זײַנענ פארשלאָסנ.

לעוואָנע דערוואַרט זיכ ניט אפ מיר, גייט ארײַנ אינ דער קווארטיר, אײַלט מיכ. איכ גיב אימ אוועק דעמ שווערנ זאק אונ מיר גייענ אוועק.

אינ דער מאלענע האָט מענ אפ אונדז געוואַרט. דער פליגלדיקער האָט באוויזנ צו ברענגענ א קאַינ** אפ צו פארקויפנ אימ די רויב.

ער האָט געבראכט אנ עמער סאמאהאָנ, געקראָגנ קאָקאַינ, אָנגעשמעקט זיכ. א פרייליכער אונ א גליקלעכער, נעמט ער מיכ ארומ, שווערט זיכ בא זײַנ קאָפ, אז ס'איז נאָכ בא אימ קיינמאָל ניט געווענ אזא דרייסטער אונ געשעפטלעכ־ערנסטער קאָריש, ווי איכ.

אונ אָט אזוי שטענדיק: א פרעמדע קווארטיר אונ א זאק; אנ איבערקויפער אונ געלט; סאמאהאָנ אונ לידער.

---

* מאלענע—געהיימע גנייווישע קווארטיר.

** קאַינ—איבערקויפער.

פונ שיכּרעם זײַנענ מײַנע אויגנ טונקל געוואָרנ, די וויִעס זײַנענ ארויסגעפאלנ. כ'האָב אָנגעהויבנ ערגער זענ, די פים האָבנ אָנגעהויבנ ציטערנ. ס'האָט זיכ מיר אַלצ אָפטער אונ אָפטער געלוסט ליגנ אומבאוועגלעכ.

אונ דער פליגלדיקער האָט געזוכט פאר מיר אַלצ נײַע אונ נײַע איניאָנים. ער ניצט פלינק אויס מײַנ קאַס, פארגייסט דעמ אומעט מײַנעמ מיטנ בראַנפנ, וואָס האָט אומגעבראַכט מײַנ פאמיליע.

איכ וויל אָבער ניט גיינ אפנ זײַדנס אונ אפ דער מאַמעס וועג. איכ געדענק נאָכ דעמ האָרנער גאַרבוז, מײַנ ברודער קאָזמעס צאָרנדיקע אויגנ. איכ געדענק זיכ אנ אופגעהויבענעמ איבערנ האַמוינ, איכ פיל, ווי ס'פלאַטערט דעמ ברודערס האַנט.

האָב איכ מיט לעוואָנע זיכ צעזויפגערעדט קראַנק ווערנ. מיר האָבנ זיכ אוועקגעלייגט, שטיפ זיכ ארומגענומענ אונ האָבנ געציטערט אונטער דער קאָלדרע. ס'האָט זיכ מיר געדאַכט, אז איכ מאַכ זיכ, נאָר כ'בינ קראַנק געוואָרנ אינדערעמעסנ. דער קערפער האָט ניט אויסגעהאַלטנ די שרעקלעכע אָנשטרענגונג.



איכ ליג אינ עפּעס א טויבנ אונ פינצטערנ אָפגרונט. דער קאָפּ טוליעט זיכ, ווי א דערפרוירנ הינטעלע, צו די פים. דורכ דעמ פײַכט־געוואָרענעמ אָנטאָנ בריט דער צעמענטענער דיל מיט אײַז מײַנע זײַטנ.

אונדזער שטאָט גייט איבער פונ הענט צו הענט. אַט צו מאַכנאָ, אַט צו מאַרוסיענ, אַט צו די פאַרטיזאַנישע טיילנ. מיכ, דעמ קליינינקנ, באַמערקט מענ ניט. קיינער דאַרפ מיכ ניט האָבנ. איכ פּלאָנטער זיכ נאָר צווישנ די פים.

איכ זע דעמ פליגלדיקנ. ער איז ניט צופרידנ, וואָס מיר ליגנ אזוי לאַנג. נישטאָ ווער ס'זאָל ברענגענ בראַנפנ. ס'וועט אינגיכנ ניט זײַנ פאר וואָס צו קויפנ קאָקאַינ. ער שטייט איבער אונדז מיט צונויפגעדריקטע פויסטנ. ער זידלט זיכ, בעט, שלאָגט מיכ מיטנ שטיוול אינ א זײַט אַרײַנ.

נאָר מיכ שרעקט עס ניט. איכ גלייב ניט, אז דאָס אלצ איז אינדערעמעסנ. ווי פונ ערגעצ פונדערווײַטנ קוק איכ אפ מײַנ לעבנ.

משוגעדיק איז עס, מײַנ לעבנ. ס'טוט מיר ניט באַנג. איכ בינ קאַלטבלוטיק צו דעמ. איכ ווער זיכ ניט, איכ שווײַג.

דעמ פליגלדיקנס ווײַסע אויגנ האָבנ זיכ אָנגעגאָסנ מיט כיורעש. ער שטייט א רעגע ניט אנטשלאָסנ, צעטומלט. איכ קריג ראַכמאָנעס אפ אימ. איכ פּרווו זיכ אופהייבנ, נאָר איכ פאַל צוריק אָנ קויכעס. דער פליגלדיקער גייט אוועק.

— דו, שקעט, פאַרוואָס־זשע שווײַגסטו? — הער איכ א קלאָגע־דיק קאָל.

איכ הייב אופ די אויגנ. ס׳איז לעוואָנע. ער קוקט ארײַנ אינ דער טיפ פונ מײַנע שווארצאפּלענ אונ וויל באמערקנ לעבנ אינ זייער גלע־זערנער ליידיקײַט. ער קוועטשט מיר מיט דער קני די ברוסט, סטא־רעט זיכ צווינגענ מיכ צו עטעמענ, רוקט מיר ארײַנ צווישנ די ציינ א שטיק ברויט.

איכ קומ ביסלעכווײַז צו זיכ, באטראכט דעמ פרײַנט מײַנעמ אזוי, ווי איכ וואָלט אימ דאָס ערשטע מאָל אפ מײַנ לעבנ דערזענ. א שטראַל פונעמ קאנעצל ליגט אפ לעוואָנעס שמאטעס. אפנ קאָפּ זײַ־נעמ א שווערע קוטשמע האָר, וואָס זײַנענ ענלעכ אפ פלאמיק־אויס־געריבענעמ קופּער. זיי האָבנ זיכ צעשאָטנ אפנ שטערנ זײַנעמ מיט גאָלדענע שפּריצנ, זיי זײַנענ זיכ צעלאָפנ איבער די באקנ אונ האָבנ זיכ אויסגעבאהאלטנ הינטערנ שמאטקעלע אפנ האלדז.

איכ האָב צעקײַעט דאָס ברויט אונ שטיל־שטיל א פרעג געגעבנ:

— פונ וועלכנ קאנט ביסטו?

— א סאָבאטשייעווקער, — האָט לעוואָנע געענטפערט אונ האָט זיכ א רוק געטאָנ צו מיר מיט די ווארעמע קני.

— א סאָבאטשייעווקער?

— איכ בינ ניט פונ אײַער סאָבאטשייעווקע. איכ בינ פונ מײַנ אייגענער, פונ דער יוזאָווקער. פאראנ א שטאָט יוזאָווקע, האָסט גע־הערט? דער טאטע האָט אפ דער צענטראלער שאכטע געארבעט. אונ די מאמע האָט געשיקערט, געבליאדעוועט אונ אָפט געשלאָגנ מיכ איי־בער די אויגנ. כ׳האָב א סאכ מאָל געקלאָגט זיכ פארנ טאטנ, אונ ער, אזוי ווי א שמאטע, ער אייצעט מיר נאָר: „דו גיב איר, דער נעווייַ־לע, איבער די הענט”. האָב איכ טאקע אזוי געטאָנ. כ׳האָב זי גע־פאקט הינטערנ קעלער, א שטופּ געטאָנ אינ גרוב ארײַנ, צוגעקוועטשט פונ אויבנ מיטנ דעקל. אז דער טאטע איז געקומענ, האָב איכ אימ אלצ דערציילט, האָט ער עס געגעבנ א ברומ אונ זיכ א לאָז געטאָנ צומ קע־לער, נאָר פונ דאָרט — קיינ זיפצ, קיינ פּיפּס ניט. האָט ער עס מיכ א שלײַדער געטאָנ, האָט ער עס מיכ גענומענ טרעטנ מיט די פיס...

לעוואָנע האָט א ביסל געשוויגנ, באטראכט מיכ, אונ שטיל פאַרגעזעצט:

— ואנטיאָפנ בינ איכ יענע נאכט אונ מער טאקע זיכ ניט אומגעקערט.

דער טרוקענער קנויט פונעם קאנעצל האָט געהאלטנ באם דער־טליִענ, האָט צום לעצטנ מאָל א פינטל געטאָנ, איז פארשוואונדנ. לע־וואָנע האָט זיכ געפֿילט ענדיקנ:

— געלאָזט האָט מיר דער טאטע זײַנ אָנדענק אפנ גאנצנ לעבנ...

ער האָט אָנגעטאפט אינ דער פינצטער מײַנ האנט, צוגעלייגט זי צו זײַנ פוס. איכ האָב דערפילט טיפע שראמענ אונ זיכ אָנגעשטויסנ, אז לעוואָנע שעפטשעט:

— ער האָט זיי מיר איבערגעהאקט...

די האנט מײַנע האָט ער ניט ארויסגעלאָזט, געהאלטנ זי פאַר־זיכטיק, מוירע געהאט א ריר צו טאָנ זיכ, אָנווערנ זי. ער האָט א פרעג געגעבנ:

— דו האָסט דערציילט, אז גערופנ האָט מענ דיכ פארזעניש. שלעכט. ווייסט, גיב זיכ א נאָמענ „הייליקער". אויגנ בא דיר, ווי בא די הייליקע אפ די איקאָנעס.

מיר האָבנ א ביסל געשוויגנ. לעוואָנע האָט זיכ עפעס דערמאָנט, האָט מיכ ארומגענומענ אונ אנ אופגערודערטער געזאָגט:

— דו ווילסט עפעס קײַענ?

איכ האָב א טרייסל געטאָנ מיטנ קאָפ.

ער האָט מיכ ארויסגעשלעפט פונעם בעט, א שלעפ געטאָנ מיכ דורכנ צימער אינ הויפ ארײַנ.

— קום, לאָמיר „באשיסנ" דעמ אײַז־קעלער אינ בופעט אפנ וואָקזאל.

איכ האָב אונטערגעהויבנ לעוואָנענ צום פענצטער פונעם אײַז־קעלער, אונ אליינ בינ איכ געבליבנ אפ דער וואכ.

אינ צוואנציק מינוט ארומ זײַנענ מיר מיט לעוואָנענ שוינ געווענ צוריק אפ דער מאלענע, געריכנ געפרוירנ באזער־פלייש אונ היימ זיכ ארומגענומענ, פארטרײַבנדיק פונ זיכ די קעלט.

איכ האָב ארײַנגעשטעקט די ציינ אינ פלייש ארײַנ אונ האָב גע־ציטערט פונ הונגעריקער אופגערעגטקײַט. דאָס ערשטע מאָל אפ מײַנ לעבנ עס איכ באזער־פלייש. ס'וואונדערט מיכ דער טאמ אונ איכ פיל וווייטעק, ווענ גרויסע שטיקער גייענ דורכ דורכנ שמאָלנ איבערגע־טריקנטנ שלונג.

## צענטער קאַפיטל

דעמ גריכ איז אומעגלעכ צו פאַקנ. ער האָט איבערגעקליגט לעוואָנענ, ער נאַרט מיכ אָפ אונ אינגיכנ וועט ער מיסטאמ גאָר פאַרשווינדנ ווערנ מיט זײַנ גראָבנ בײַטל. דאַנ וועל איכ בלינד ווערנ, איכ וועל אָנגווערנ דאָס לאָשנ פאַר קאַס אונ ביזויענ, איכ וועל זיכ אומהענגענ.

דעמ דאָזיקנ זשוואַוונ ספעקוליאַנט האָבנ מיר באַגעגנט אָפנ ראָסטאָווער מאַרק. ער האָט צונויפגעקויפט אָפנ מאַרק גאָלדברוכ אונ זילבער. איכ מיט לעוואָנענ אונ דעמ פליגלדיקנ האָבנ זיכ גיכ געלאָזט צו די גרינס־רייענ אונ מיט א ווינקל אויג באַמערקט דעמ בײַכיקנ בײַטל. לעוואָנע האָט זיכ אָפגעשטעלט פאַרציטערט אונ האָט א שעפטשע געטאָנ:

— א נעווײלע וועל איכ זײַנ, אויב איכ וועל ניט אויסבורזשויעווענ דעמ דאָזיקנ נעגער.

דער פליגלדיקער האָט שטיל־שטיל געשמייכלט. ער האָט צו מיר א ווינק געטאָנ. אונ אַז לעוואָנע איז אָפגעגאַנגענ אַנ א זײַט אַרײַנ, האָט ער היציק גענומענ שעפטשענ:

— הייליקער, זײַ ניט קיינ שויטע, לאָז ניט, לעוואָנע זאָל בײַ דיר אויסכאַפנ אַזאַ רויב. מיט וואָס איז ער בעסער פונ דיר?

איכ שווײַג. וואָס זאָל איכ זאָגנ דעמ פליגלדיקנ, אַז ער איז באַלעבאָס איבער מיר אונ שאַפט זיכ מיט אַלע מײַנע באַגערנ.

לעוואָנע האָט זיכ אַרומגעוואַשנ, האָט מיט א דראָט פאַרצויגנ דאָס שמאַטעס־אַנטאָנ, האָט שפיגלדיק אָפגעריייניקט זיכ באַ א באַקאַנטנ אײַסאָר די קאַלאָשנ אונ איז ניט אָפגעשטאַנענ פונעמ האַרבאַטנ גריכ, וואָס אינעמ הויכנ קאַראַקולענעמ היטל.

אָבער דער ספעקוליאַנט האָט מוירע געהאַט פאַרנ אוילעמ. ווי נאָר ס'פלעגנ צו אימ נעענטער צוגיינ א דרײַ, פיר מענטשנ, פלעגט ער אוועקגיינ אָפ א פרײַ אָרט אונ פונ דאָרטנ, מיט אַנ אויסגעצויגענעמ קאָפ, מיט דרעמלדיק־צוגעמאַכטע אויגנ באַטראַכטנ דעמ מאַרק.

לעוואָנע האָט זיכ לעבנ אימ אַרומגעדרייט אָפ קאָלערליי אויפאַנימ. ער האָט זיכ געמאַכט פאַר א שוועבעלע־פאַרקויפער, פאַר האַלב געלט די סכוירע אימ פאַרקויפט, געריייניקט אימ די שטיוול פאַר א ניט דערויכערטנ פאַפיראָס, נאָר דער גריכ פלעגט אינ לעוואָנעס אָנ־

ווענדהײַט ניט אַרויסנעמענ דעמ טײַסטער. ער האָט צופעליק א קוק געטאָנ איג לעוואָנעס אויגנ, זיכ דערשראָקנ פאר זייער שארפנ גלאנצ אונ פונ דעמלט אָנ מיט אופמערקזאמער אָנגעשפּיצטקײַט געהיט זיכ פארנ באַרוועסנ.

לעוואָנע האָט אָנגעהויבנ, ווי א קאצ, פונ הינטער א ראָג נאָכ־שפּירנ נאָכנ גריכ.

איינמאָל האָט דער ספעקוליאנט פונדעסטוועגנ ארויסגענומענ דאָס געלט. לעוואָנע האָט א דריי געטאָנ מיטנ טרוקענעמ פּוס אונ האָט זיכ א יאָג געטאָנ צו אימ. נאָר דער גריכ האָט זיכ באַצײַטנס אויס־געקערעוועט, איז בלייכ געוואָרנ אונ האָט צוגעדעקט דעמ טײַסטער.

לעוואָנע איז מיט ביזויענ אָפּגעטראָטנ. אזא פאל האָט נאָכ מיט אימ קיינמאָל ניט געטראָפנ אינ זײַנ גנייווישער פּראקטיק.

לעוואָנעס דורכפאל האָט מיכ געפרייט.

איכ האָב צורעכט געמאכט אָפ דער ברוסט דאָס העמדל אונ האָב א זאָג געטאָנ גלײַכ אונ שטיל:

— לעוואָנע, איכ וויל אויסבורזשויעוונ דעמ גריכ!

ער האָט געוואָלט עפּעס א זאָג טאָנ, נאָר בידעש האָט אימ דאָס קאָל דערוואָרגנ. איכ האָב קיינ צײַט ניט געהאט צו ווארטנ, ביזווא־נענ ער וועט אָנהייבנ ריידנ. דער גריכ האָט זיכ געלאָזט ערגעצ־וווּ־הינ אוועקגיינ.

כ׳האָב נאָכגעשפּירט נאָכנ גריכ א גאנצע וואָכ אונ קיינ איינ מאָל זיכ ניט באוויזנ פאר זײַנע אויגנ. איכ בינ מיט אימ געפאָרנ אינ טראמווײַ, אָפ א שיפ, צוויי טעג געזעסנ מיט אימ אינ א טעפּלוש־קע פונ א פּראכט־צוג לעמ דער סטאנציע טיכאָרעצקאיא, ווארטנדיק ביז מע וועט אופשטעלנ דעמ וועג נאָכ א קאטאסטראָפע. אונ כ׳האָב קיינמאָל ניט געזענ דעמ גריכ מיט פארמאכטע אויגנ.

אפנ זיבעטנ טאָג האָט ער נאָכגעגעבנ. באנאכט, סאמע לעבנ דער סטאנציע קאווקאזסקאיא האָט זיכ בא אימ צעוויגט דער קאָפ, האָבנ זיכ אראָפּגעלאָזט בא אימ די לאנגע נאָז אונ ליפנ. איבער פרעמדע קעפ בינ איכ דורכגעקראָכנ צומ גריכ. ווי אינ אנ אייגענער קעשענע ארײַנ האָב איכ גענומענ קריכנ נאָכנ געלט, זיכ צוגערירט צו דעמ ווײַסנ לעדער פונעמ טײַסטער. א קילבלעכער ציטער אונ בלויז איינ געדאנק: „ער וועט זיכ אופכאפּנ, צי ניט?".

דער טײַסטער איז שוינ געווענ בא מיר אינ די הענט, ווענ דער גריכ האָט זיכ אופגעכאפּט. ער האָט, נאָכ גאָרניט ניט פארשטייענ־

דיק, געקוקט אפ מיר גלײַכ, ניט פינטלענדיק, מיט גרויסע שטומע אויגנ.

אז דער גריב האָט פארשטאנענ, בינ איכ שוינ דורכגעשפרונגענ דורכ דער שמאָלער טיר פונ דער טעפּלושקע. נאָכ מיר האָט זיכ געריסנ דעם גריבס קרעכצ.

אופגעכאפּט האָב איכ זיכ אפ דער ערד, אונטער א שירעמ פונ „וועלפישע יאגעדעס". דעמ רעכטנ פוס מײַנעמ האָט, דאכט זיכ, עמעצער פארגראָבנ אינ דער ערד אריַנ. בײדע הענט האָבנ צונויפגעדריקט דעמ שטאמפּירטנ לעדער פונעמ טײַסטער.

היצקענדיק, אזוי ווי לעוואָנע, ווארעמענדיק דעמ טײַסטער מיט דער ווארעמקײַט פונ דער ברוסט, האָב איכ זיכ חערשלעפּט אפ דער סטאנציע און אינ דרײַ טעג ארומ האָב איכ אינ ראָסטאָוו פאנאנדערגעלייגט פארנ פליגלדיקנ דאָס געלט. אונ דאָנ האָב איכ צומ ערשטנ מאָל דערזענ ווי לעוואָנעס אויגנ זײַנענ נאַס. מיט לאנגע נעגל האָט ער ווי מיט א גאָפּל געדראפּעט די ניט געוואַשענע באקנ.

דער ראָסטאָווער האפנ האָט נאָכ קײנמאָל ניט געוווּסט פונ אזא קיבעך. מיר האָבנ אײַנגעקויפט א סאכ פיש בא די שיפער, סאמאָהאָנ בא די שענקערס, האָבנ געהוליעט אונ געלאכט עטלעכע טעג. נאָר לעוואָנע איז ניט געווענ בא דער האָזיקער סודע. ער האָט ניט אריבערגעטראָגנ די שאנד אונ איז פארשוווּנדנ.

דער פליגלדיקער האָט געטרונקענ אָנ א סאָפ פאר מײַנ געזונט אונ האָט ביטרע אונטערגעוויינקען. אינגאנצנ שיקער געוואָרנ, האָט ער מיכ ארומגענומענ אונ גענומענ בארימענ זיכ:

— הייליקער, פלינק האָב איכ עס אײַכ צונויפגערייצט אזוי ווי די הינט. פארוואָס־זשע האָט איר זיכ ניט געהרויזשעט, א? פײַנ האָסטו באארבעט לעוואָנענ, ווי מע באארבעט א „פרײַער".

אָ, לעוואָנע! ווהינ ביסטו אוועקגעגאנגענ? דער האָזיקער מענטש מיט די פולע צײנ האָט בא מיר צוגענומענ דעמ לעצטנ פרײַנט.

איכ רײַס ארויס די גלאָז באמ פליגלדיקנ. איכ שלאָג מיט דער גלאָז איבער דער נאָז, איכ קער איבער דעמ טיש אונ אנטלויפ.

איכ זוכ לעוואָנענ אפנ וואָקזאל.



א רעגנ גייט באטאָג אונ באנאכט. די קוסטעס בעז אינעמ אײַזנבאנ־גאָרטנ האָבנ פארלוירנ די בלעטער, שטייענ מיט ארומגעצופּטע צווײַגנ, זײַנענ פארשפּיגנ מיט בלאָטע.

דער װאָרעמער זומער איז אַנטלאָפֿן. מיר האָבן אָנגעװױרן אונדזער נאַכטלעגער.

צום װאָקזאַל קאָן מען ניט צוטרעטן: ס'איז מעסוקן־שטרענג, אַן אַבלאַװע נאָך אַן אַבלאַװע. מע שיקט אַװעק אין די קינדער־הײַזער. איך מיט לעװאָנען זוכן פֿינצטערע װינקלען. אַצינד זײַנען מיר פֿאַרקראָכן אין דער הײצקאַמער אױף דער סטאַנציע, האָבן דורכגעלעבערט אַ דורכנעגנעלע סאַמע אונטערן דאַך און װאָרעמען די פּלײצעס לעבן די ציגל פֿונעם קעסל.

מיטן פֿליגלדיקן האָבן מיר זיך שױן לאַנג געזעגנט, מיט מיר איז נאָר דער אַלטער פֿרײַנט לעװאָנע. באַגעגנט האָבן מיר זיך מיט אים אַזױ װי פֿרעמדע. ער האָט קאַלט אַ דריק געטאָן מײַנע פֿינגער און ניט אױפֿגעהױבן די אױגן־לעפֿלעך, װאָס זײַנען אײַנגעפֿאַלן מאַכמעס שלאָפֿלאָזיקײַט.

דער װינט פֿאַרטראָגט צו אונדז געדיכטע רעגן־טראָפּנדלעך, באַשפּריצט די ברוסט מײַנע. איך קערעװע זיך אױס צום קעסל. דאָס רעקל רױכערט זיך מיט האַמפּ. שלאָפֿן גלוסט זיך ניט. די פֿײַכטקײַט איז פֿאַרקראָכן אין די בײנער און אין מוֹיעך אַרײַן. דער קאָפּ איז װי געשװאָלן געװאָרן, אין די אױגן — זאַמד. איך דערמאָן זיך אָנעם פֿרילינג אין די פּױלע רױען, אַן אײװועלע, אין װעלכן ס'זײַנען געשטאָרבן מיטקע און ניורקע, און דער פּאָליצײ־ליניײקע.

מײַנע זכרונות רײַסן זיך איבער: עמעצנס העמט, אַזױװי האַקנס, כאַפּן מיך אָן בײַ די פֿיס און שלעפּן מיך אין לאָך אַרײַן. איך שרײַ. ס'הײבט זיך אָן אַ געשלעג. דאָס זײַנען געקומען די גרױסע „בעדער"* אַרױסטרײַבן אונדז. קאָם צעפּלאַמט זיך. איך בײַס עמעצנס האַנט. מע האָט אונדז אַרױסגעשלײַדערט. מיר שטײען אױף דער גאַס אונטערן רעגן. אױבן שאָקלען זיך שיכּור לאַמטערנס.

לעװאָנע ליגט פֿאַר גײן אין לאָקאָמאָטיװ־דעפּאָ, צום הײצער, װאָס נרײט פֿאַר די לאָקאָמאָטיװן טרוקענעם זאַמד אױף אַן אײװועלע.

מיר האָבן דעם אַלטן אװעקגעגעבן דעם נאָנצן טאַבעק אונדזערן און דאָס געלט, האָט ער אונדז אַרײַנגעלאָזט ביז אינדערפֿרי צו זיך אױפֿן הײסן אױבערבעט.

איך צװינג זיך פֿאַרמאַכן די אױגן, נאָר די אױגן זײַנען געשװאָלן. די לעפֿלעך מאַכן זיך ניט צו. דער שלאָף קומט ניט צו מיר.

---

* „בעדער"—װאָקזאַל־אײַנװױנער.

לעוואָנע שעפּטשעט:

— הייליקער, דו שלאָפסט? היי־לי־קער!

איכ דריק צונויפ לעוואָנעס פינגער.

ער גיט אפ מיר אנ אָטעמ מיט סאמאָהאָנ.

— ווילסט א שמעק טאָנ, א?

לעוואָנע האָט אוועקגעלייגט דעמ קאָפּ אפ מײַנע פּיס, בענקט:

— אונ אינ טאשקענט איז איצט... זונ, דיניעס, ווײַנטרויבנ...

— געוועזנ בינ איכ דאָרטנ פאראיאָרנ, כ'האָב דאָרטנ ווײַנטרויבנ אזוי ווי קערלעכ געגעסנ. איכ בינ א באָרוועסער ארומגעגאנגענ אונ בינ געשלאָפנ אינ גראָז. קיינ ווינטער איז דאָרט ניטאָ. די זונ פארגייט אפילע באנאכט נייט.

— לעוואָנע, לאָמיר פאָרנ קיינ טאשקענט.

לעוואָנע האָט זיכ אָנגעהויבנ דרייענ, האָט זיכ דערפרייט.

— מירנ פאָרנ, מירנ פאָרנ!

באנינעג זײַנענ מיר אינ די אקומוליאטער־קעסטלעכ אונטער די וואגאָנעס פונ א שנעלצוג ארויסגעפאָרנ צומ זוניקנ לאנד.



א לאנגער אונ שמאָלער צימער. א טיר — צוויי מענטשנ די הייכ. ס'גייט ארײַנ א פרוי מיט אנ אופגעהויבענעמ קאָפּ. די האָר אירע האָבנ דעמ קאָליר פונ פארלעגערטנ שניי. לעוואָנע האָט איר א נאָמענ געגעבנ — מאכשייפע. זי פארוואלטעט מיטנ אופנעמ־פונקט פאר פארוואָרלאָזטע קינדער. אינעמ אופנעמער האָט מענ אונדז באזעצט אפ דער צווייטער וואָכ פונ אונדזער רײַזע צומ זוניקנ לאנד. אינ אָרענבורג האָט מענ געמאכט אנ אָבלאווע אונ מע האָט אונדז גענומענ געפאנגענ.

מע האָט אונדז פארשפארט אינ א דרײַגאָרנדיקנ הויז, וואָס איז ארומגעצאמט מיט א הויכער שטיינערנער וואנט. עסנ גיט מענ אונדז דרײַ מאָל א טאָג. אינדערפרי — הייסע וואסער אונ א שטיקל ברויט, באטאָג — א גרויע זופּ, אפדערנאכט — צוגעפארבט געזאָטנס. איכ קענ ניט שלאָפנ מאכמעס ליידיקײַט אינ מאָגנ. ס'איז מיר לאנגווײַליק אינ די דאָזיקע טרוקענע צימערנ. כ'וויל אוועק צומ זוניקנ זאטנ לאנד.

ווארמעס פלעגנ מיר עסנ אינעמ קעלער פונעמ הויז. דער קעלער איז געווענ האכווערדיק, ווי א פעלד. דער אופנעמ־פונקט פלעגט מיט־

 709—8

אמאָל אוועקזעצנ זיכ בא די טישנ. אז מע האָט פארטיליקט די זופּ, האָב איכ אופגעהויבנ דעמ אויסגעלעקטנ טעלער אונ האָב א זאָג געטאָנ צו די שכייגימ בא מיינ טיש:

— לאָמיר בעטנ נאָכ.

מיר גייענ אינ א האמוינ אינ קיכ ארײַנ. מיר בעטנ ניט, נאָר מיר פאָדערנ מיט אויסגעשטרעקטע טעלער.

— גיסט!

ס'הילכנ די טישנ פונעמ נאַנצנ קעלער, ס'קלינגט אליומיני אינ די דעמבענע ברעטער.

— גיס!

נאָר די קעכערס האָבנ ניט וואָס צו גיסנ, אלצ איז פאַנאַנדערגעטיילט. איכ צעפּאָכע זיכ אונ גיב א וואָרפ דאָס טעלערל אינ די גלעזערנע ווענטלעכ פונ דער קיכ. דער הונגעריקער אופנעמ־פונקט האָט זיכ אופגעהויבנ. ס'האָבנ א טרישטשע געטאָנ די דעמבענע קאָלאָנקעלעכ פונ די טישנ, ס'האָט זיכ צעשאָטנ אפ פיצ־פיצלעכ האָס פיכ־גנפעס.

איכ פיר דעמ האמוינ צו די סקלאדנ. מיר צעקלאפנ די פארציננעווטע טירנ אונ צעקנאקנ די גאָלעט־קעסטלעכ. מיר רײַסנ די זעק מיט ווײַסע קאנאדער גרויפּנ. מיר שלינגענ זיי גיריק.

אצינד — דערלאנג אונדז פרײַהײַט! מיר גיבנ זיכ א וואָרפ צומ טויער. מיט אומגעריכטער אונטערטעניקײַט צעעפענענ זיי זיכ אונ מיר ווערנ בלינד פונ די קאַסקעס אפ די פאָזשארניקעס, די קאסקעס, וואָס גילדנ זיכ אפ דער פּראַסטיקער זונ. ס'גיבנ זיכ אפ אונדז א לאָז וואַסער־שטראָמענ, בליצ־שנעלע ווי קוילנ. מיר לויפנ צוריק.

די הויפט־בונטארנ האָט מענ צונויפגעבונדנ בא הענט אונ בא פיס אונ אוועקגעלייגט אזוי ווי מייסימ אינ צוויי רייענ אפ שטרויענע מאטראצנ אינ א צימער, וואָס איז ענלעכ אפ א טורמע־קאָרידאָר.

קימאט א מעסלעס איז צו אונדז קייגער ניט נעקומענ. סאָפּקאָלסאָפ האָט זיכ באוויזנ די „מאכשייפע" מיט אירע באדינער. זי האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אפ די קני אונ האָט גענומענ בעטנ גאָט, ער זאָל פארגעבנ די גרויסע זינדיקער — די אופשטענדלער פונעמ אופנעמפונקט. זי האָט באפוילנ, מע זאָל אונדז צעבינדנ. נאָר קיינער האָט זיכ ניט אופגעהויבנ פונעמ מאטראצ.

איכ ליג אינ ווינקל אונ ציטער פאר צאָרנ. איכ שווער ארויסצורײַסנ מיטנ וואָרצל די גראָע האָר פונ דער אמעריקאנער מאכשייפע.

איך באַדאַרף האָבן פֿרײַהייט. איך קען ניט לעבן מיט אַ האַלבן שטיקל ברויט. איך וויל סאַמאַהאָן, פֿעטע דישן ווורשט, קאָטלעטן מיט קנאָבל, וועלכע ס'פּאַרקויפֿן די וואָקזאַל־הענדלערנס.

איך גיב זיך אַ וואָרף צו לעוואָנען.

— לעוואַנע, לאָמיר אַנטלויפֿן!

מיר האָבן צוגעטראַכט אַ דרייסטן און שווינדלעכן פּלאַן. אין דער טיף פֿון הויף איז געשטאַנען אַ קאַמער מיט צעקלאַפּטע פֿענצטער. אַלע נאַכט פֿלעגט מען אַהין ברענגען פֿון אַלע גאַרנס די פֿאַרוואָרלאָזטע, וואָס זײַנען געשטאָרבן פֿון טיפֿוס, און באַגינען פֿלעגט מען זיי אַוועקפֿירן.

די דאָזיקע קאַמער וועט אונדז באַפֿרײַען. מיר האָבן באַדאַרפֿט שטאַרבן.

אַז אַלע עטאַזשן זײַנען שטיל געבליבן, אַז ס'האָבן זיך אויסגעלאָשן די לעצטע קאַגעצלעך, האָבן מיר זיך אויפֿגעהויבן פֿון די מאַטראַצן אָפּ צו גיין שטאַרבן.

קימאַט אַ גאַנצע נאַכט זײַנען מיר געקראָכן צו דער קאַמער. איינעם נידעריקן גאַרן זײַנען מיר שיר ניט אַראָפּ אָפּ אַ דערציִערן, נאָר מיר האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן הינטער דער טיר. סאָף נאַכט זײַנען מיר שוין געווען אין קאַמער, לעבן די טיפֿוס־מתים, וואָס וויַסן זיך ווי שטרוי. מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צום ווײַטן ווינקל און האָבן אייגנס דעם אַנדערנס צוגעדריקט די קין־באַקן, כדי זייער קלאַפּערײַ זאָל אונדז ניט אַרויסגעבן.

צו אינדערפֿרי צו האָבן אַלץ אָפּטער געקלאַפּט די טירן פֿון קאַמער. מע האָט אַרײַנגעטראָגן נײַע אַנטוווינער, באַגינען האָבן זיך שליטעלעך צעסקריפּעט און צוויי שטומשווײַגנדיקע מענטשן, האָבן אָנגעהויבן אָנלאָדן זייער סחורה.

מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין דער ערשטער ריי. אין אַ מינוט אַרום האָבן אַ קלאַפּ געטאָן די טויערן פֿונעם אויפֿנעם־פּונקט. מע האָט אונדז אַוועקגעפֿירט דורך דער שלאָפֿנדיקער שטאָט. איך ליג קימאַט אויפֿן דנאָ פֿונעם שליטעלע. עמעצנס האַנט ליגט בײַ מיר אויפֿן האַלדז און דריקט דעם אָטעם, פֿרירט דאָס בלוט.

איך וויל זיך איבערקערן, געפֿינען לעוואָנעס וואַרעם לײַב, נאָר איך האָב מורא אַרויסגעבן זיך.

און דער שליטן קריכט אַלץ נעענטער און נעענטער צום עק אָרענבורג, צום בעסוילעם. נאָך עטלעכע שפּאַן — וועט זיך דער שליטן

אָפּשטעלנ. שװארצ־כמורנע מענטשנ װעלנ אונדז אפּדערגיכ ארײַנװארפֿנ אינ א גרוב אונ װעלנ אװעקפֿאָרנ נאָכ דער צװײטער רײ.

מיר זײַנענ געקומענ צו פֿאָרנ. מענטשנ אינ פּעלצלעכ האָבנ א רימ געטאָנ די רעדנע. איכ הײב אופֿ דעמ קאָפּ, שװער זיכ, אז איכ לעב נאָכ, אז מע דארפֿ מיכ ניט ארײַנװארפֿנ אינ גרוב ארײַנ.

די פּעלצלעכ האָבנ אָנגעהױבנ צײלעמענ זיכ, האָבנ געװאָרפֿנ דאָס פֿערד אונ אנטלאָפֿנ פֿונעמ בעסוילעמ. איכ בלײַב אײנער אלײנ צװישנ די צלאָמימ.

לעװאָנע רופֿט זיכ ניט אָפּ. איכ פּרוװ זיכ געפֿינענ אימ צװישנ די מײסימ, נאָר איכ דערפֿיל, אז ס'זײַנענ מיר אָפּגענומענ די הענט.

איכ װיל אופֿשטײנ אונ לױפֿנ, רירנ זיכ ניט די פֿיס. איכ צעעפֿנ דאָס מױל, קעדײ א געשרײ צו טאָנ, נאָר אױכ דאָס קאָל איז פֿארשװונדנ.



לעבנ דער שטײנערנער װאנט פֿונעמ אופֿנעמ־פּונקט האָט זיכ אָפּגעשטעלט אנ אװטאָמאָביל. אפֿ זײַנ הױכנ ראדיאטער האָט א שװאָנ מיט בײגיקע פֿליגל, מיט אױסגעצױגענעמ דיגעמ האלדז געשטרעבט אראָפּצורײַסנ פֿונ די פֿיס די שטאָלענע פּענטעס אונ ארופֿלײַענ.

א שאָפֿער אינ א געלנ קאָמבינעזאָנ אפֿ פּוכיקנ פֿוטער האָט אױסגעשטרעקט א האנט אינ א שנײ־װײַסער הענטשקע אונ האָט צעפֿראלט די טירלעכ פֿונ דער אװטאָמאָביל־קארעטע.

אפֿנ צוקערדיקנ שנײ איז װײכ ארױסגעשפּרונגענ א הױכער מאנצבל אינ פֿוטער. אונטערגעהױבנ מיט אײנ האנט דעמ גלאנצנדיקנ צילינדער, האָט ער די אנדערע לאקײיִש אױסגעשטרעקט אינ דער קארעטע ארײַנ. ס'האָבנ זיכ ארױסגעזעצט צװײ פֿרױענ איבער די אױערנ פֿארװיקלט אינ פֿוטער.

דאָס איז געװענ יענע קאָמיסיע פֿונ דער אמעריקאנער געזעלשאפֿט „ארא", אפֿ װעלכער מיר האָבנ ארױסגעקוקט אזױ פֿיל שלאָפֿלאָזע נעכט אונ הונגעריקע טעג. ס'האָט זיכ ארומגעטראָגנ א קלאנג, אז זײ װעלנ אָפּקלײַבנ די סאמע קרעפֿטיקע אונ זײ אװעקפֿירנ קײַנ אמעריקע.

אפֿ די פֿיס מײַנע זײַנענ נאָכ פֿארבליבנ שפּורנ פֿונ דער בעסוילעמ־נאכט. מע האָט מיכ דערמלט קימאט א פֿארפֿרױרענעמ געפֿונענ צװישנ די צלאָמימ.

ס'איז אויסגעקומענ נאָכאמאָל קוקנ אפ דער מאכשייפע אונ דולדנ די פריִערדיקע אָרדענונג.

אומעט נאָגט. גאנצע טעג זיצנ מיר אָנ ארבעט. אונ קיינער ווייסט ניט ווענ וועט זיך די געפענקעניש ענדיקנ.

באנאכט טרוימ איך וועגנ אמעריקע, איך גלייב, אז מע וועט מיך נעמענ. איך בינ א קרעפטיקער. איך ווארט אפ דער קאָמיסיע, ווי אפ א גליקלעכער גנייווע, ווי אפ א פאָרציע קאָקאִינ. אונ אָט איז זי ענדלעך געקומענ צו פאָרנ!

די קאָמיסיע איז שטרענג, זי פארבראקעוועט אָנ א שיר. פונעמ גאנצנ אונטערשטנ גאָרנ האָט מענ אָפגעקליבנ א פיר צענדליק. נאָר איך גלייב אינ מײַנע געיארשנטע מוסקולנ. אז ס'איז געקומענ מײַנ ריי, האָב איך זיך מונטער אוועקגעשטעלט פארנ לאנגנ אמעריקאנער, וואָס מיט ברילנ, אינ ווײַסנ כאלאט, — ניט פארטרײַבנדיק פונעמ פאָנעמ דעמ פריידגעלעכטער, האָב איך ארויסגעשטעלט די ברוסט, ווי איך וואָלט געבעטנ: נאט, קלאפט.

דער לאנגפיסיקער האָט א דריי געטאָנ מיט א טרײַבעלע לעבנ מײַנע אויגנ, האָט אריבער די ברילנ א קוק געטאָנ אפ מײַנע אָפ־געקראָכענע פיס, האָט א שטופ געטאָנ מיך אינ בויך, א קלאפ געטאָנ אונטער די קני אונ זיך ארויסגעקערעוועט צומ ווײַטערדיקנ, א וואָרפ געטאָנ צו די ווײַסע כאלאטנ, וואָס האָבנ זיך געשטופט הינטער זײַנ פלייצע, אנ אומפארשטענדלעך וואָרט.

די אלטיטשקע אנדרעיעוונע, אונדזער ניאנקע, האָט מיך א שטופ געטאָנ אינ פלייצע, האָט מילד א זאָג געטאָנ:

— קומ, זונעלע, טויגסט ניט, טײַערינקער, פאר אמער־ריקע.

כ'האָב געשפאנט איבערנ פינצטערנ קאָרידאָר אונ געטראכט, אז איך האָב א טאָעס געהאט, האָב ניט דערהערט ווי עס דארפ צו זײַנ, כ'האָב מוירע געהאט א פרעג טאָנ בא אנדרייעוונע דעמ עמעס. אז איך בינ געקומענ אינ מײַנ שמאָלנ צימער, דערזענ די פארשפריצטע ראמענ, די פארשפיגעלטע מאטראצנ, די באמאָלטע ווענט, האָט ווײַ־טעק זיך צוגעקײַקלט צומ האלדז.

— וועל איך, הייסט עס, ניט פאָרנ קײַנ אמעריקע?

— וועסט ניט פאָרנ, טײַערינקער, וועסט ניט פאָרנ, א קראנקער ביסטו.

איך וואלגער זיך אומ אפנ דיל. איך וויל מיטנ קאָפ צעקנאקנ די

ברעטער, קלאַפּ אַרויס די ליים פֿון די שפּאַלטן. אַנדרײעװנע פּרוּװט זיך אײַנהאַלטן מיך, שעפּטשעט מיר אױפֿן אויער:

— װער אַנשװיגן, שװיטע! כ'װעל דיך אײַנגאָרדענען קײַן אַמעריקע.

מיר האָבן זיך מיט איר אַראָפּגעלאָזט אין הויף אַרײַן. אויסגעטאָן האָט מיך אַנדרײעװנע הײל־נאַקעט, אַרײַנגעװאַלגערט אין אַ בערגל שנײ און גענומען רײַבן מײַן קערפּער מיט שנײ. אויסגעפּוצט האָט זי מיך אין בלוט מיט מילך. דערנאָך אויסגעװאַשן מיך מיט קאַלט װאַסער, מיט האָריקע לײַלעכער צעריבן די הויט און מיך אונטערגערוקט דער מיד־געװאָרענער קאָמיסיע.

דער לאַנגפּיסיקער האָט, אָנקװעלנדיק, אַזש אַ קלאַפּ געטאָן איבער די בריענעדיקע קלובעס און מיך אַלײן אַװעקגעפֿירט אין גרױסן צימער, װוּ מע האָט באַזעצט אַלע אָפּגעקליבענע.

אָפּדערנאַכט האָט מען אונדז אַװעקגעזעצט אױף פּראַכט־אױטאָמאָבילן און אַװעקגעפֿירט אױף דער סטאַנציע, װוּ ס'האָט געװאַרט אַ ספּעציעלער צוג.

מיטן אױפֿנעם־פּונקט האָט זיך קײנער ניט געזעגנט, קײנער האָט זיך ניט אומגעקוקט אױפֿן קאָרפּוס, װאָס איז גרױס אַזױ װי אַ רעגן־װאָלקן.

אין די װאַגאָנעס איז ליכטיק. אױף די פּאָליצעס — װײכע מאַטראַצן, טרישטשעטשיקע לײַלעכער, פּוכענע קישעלעך. װעטשערע האָבן מיר געגעסן — רײַזקאַשע, װאָס איז באַשאָטן מיט צוקער אין ראָזן סיראָפּ, ברױט אַמעריקאַנער, שנײ־װײַסע, לופּטיק.

באַנאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט אַמעריקע. איך שטײ צװישן קװײטן. ס'לױפֿט אַ טײַך, װאָס איז ענלעך אױף אַ מילך־װאַסערפֿאַל; שטערן פֿאַלן װי אַ רעגן, און אױבן איז געבליבן הענגען די שמוציקע ערד.

אױפֿגעװעקט האָט מיך אַ טרומײט און פּױק־קלאַפּערײַ. דאָס האָט די אַלטע גערופֿן צו דער פֿרימאָרגן־טפֿילע. נאָכן איבערבײַסן האָט זי אונדז אַװעקגעזעצט אױף די אונטערשטע פּאָליצעס אין אַ שטרענגער רײ, האָט אונדז אויסגעגלײַכט די פּלײצעס, אַלײן האָט זי זיך אַװעקגעזעצט אױף אַ באַמבוקן בענקל און אָנגעהױבן איר דראָשע:

— ...גרױסע זינדיקער זענט איר, שװאַרצע זײַנען אײַערע הערצער, אײביק בעטן דאַרפֿט איר באַם אױבערשטן. זאָל ער דאָס בלוט און די נשמה און דעם מוח אײַערע לײַטערן, אױף אַ נײַעם װעג אַװעקשטעלן. פֿאָרן פֿאָרט איר אין אַ גן־עדן־לאַנד. דאָרט װעט איר לײַכ־

טער אויסקויפן אײַערע זינד, איר וועט ווערן האָרעפּאַשנעס לײַט: שאָפערן, אוויִאַטערס, שלאָסערס, מאַשיניסטן שאַכטיאָרן.

שלאָסערס? שאַכטיאָרן? איך דערמאָן זיך סאָבאַטשייעווקע, דאָס ערד־שטיבל, דאָס פענצטערל. דורכן דאָזיקן פענצטערל האָב איך געזען, ווי אַזוי באַגינען גייט אַפ דער אַרבעט אַ שלאָסער. ער האָט געשווינדלט ווי אַ שאָטן, ווי אַ געשפענסט. איך דערמאָן זיך דעם טאַטן, ווי אַזוי ער האָט זיך דאָרט אַפ דער האָמנע אַ כאַפ געטאָן באַם אויסגעברענטן אויג און ווי אַזוי ער איז מיטן אָפענעם שוואַרצאַפל געלעגן אַפ דער ווערענדע באַם מײַסטער.

די זעלבע נאַכט האָב איך צעבראָכן די וואַגאָנ־שויב און זיך אײַנגעטונקען אין דער נאַכט־פינצטערניש, וואָס לויפט אַקעגן דעם צוג. אינדערפרי האָב איך זיך דערשלעפט צו אַ סטאַנציע. ס'האָבן מיך צוגענומען די רויטאַרמייער פונעם פאַנצער־צוג — „דאָנבאַסער פראָלעטאַריער", וואָס אַפ די וואַגאָנעס זײַנען איז מיט ווײַסער פאַרב אָנגעשריבן געווען: „דערלאַנג דעם פוילישן פראָנט! 1920".

די רויטאַרמייער האָבן מיך ניט באַשוכט און ניט באַקליידט:

באַ זיי אַליין איז אונטערן שינעל געווען נאָר דאָס הוילע העמד. און די בײַכער זײַנען באַ זיי מיט רימענס פאַרצויגן געווען. זיי האָבן מיר נאָר פאַרדרייט אַ ציגײַער מאַכאָרקע און אַרײַנגעלאָזט מיך אין זייערע אָרעמס.

אַז ס'האָבן אַ קלאַפ געטאָן און זיך אַ ריר געטאָן די טעפלושקעס, האָב איך אַ שעפטשע געטאָן: „בלײַב געזונט, אומעריקע". אַ רויטאַרמייער מיט אַ שטעכיקער באָרד האָט מיט סטרופעוואַטע הענט מיך שטאַרקער צוגעקוועטשט צו זײַנע זײַטן, האָט מיך אַ וויג געטאָן ווי אין אַ וויגעלע און מיט אַ באַס־שטימעלע אַ ברום געטאָן:

— שלאָף, שלאָף, פיסטאָלעט!

אײַנשלאָפנדיק, קוק איך אינעם באַוואַקסענעם פּאָנעם און דערקען די דינע און בלויע ליפן און, אַז זיי צעעפענען זיך, דערקען איך דאָס שוואַרצע צײַנלאָזע מויל. איך גיב אַ געשריי פאַר כידעש און פרייד. די וואַרעמע הענט דריקן מיך נאָך שטײַפער צו צו זיך און איך דערהער אַ מורמל:

— כעווּרע, צעקבאַקט זאָלט איר ווערן, נאָר מע דאַרף אומבאַדינגט קריגן דעם באָכערל עפעס צו פאַרבײַסן. לעבעדיקער!

## עלפטער קאַפּיטל

נאַכט. אַ טויבע, שטילע, כמאַרנע נאַכט. אין די זומפּן, אין די וואַלד־געדיכטענישן פונעם בײַסראַנטיקן פּאַס.

ס׳לויפט אויף די רעלסן דער גרינער פאַנצער־צוג „דאָנבאַסער פּראָלעטאַריער“. ער יאָגט אָן פײַערן, צוגעדעקט די סיגנאַל־פײַערן מיט שוואַרצע דיסקן. געבליבן זײַנען פון הינטן די סטעפּעס, די פּיר־העגטיקע ווינטמילן, די קורגאַנעס. אַרום און אַרום פון אַלע זײַטן האָט פינצטערער וואַלד אויסגעשטרעקט זײַנע צווײַגן צום צוג. איך הער, ווי ער שורשעט מיט די בלעטער.

ערגעץ ניט ווײַט שרײַט אַ סאָווע.

פון די זומפּן ווייעט מיט קילקײַט און מיט פײַכטקייט. איך פאַר־שפּיליע דעם קאָלנער און טוליע זיך נעענטער צו צום לאָקאָמאָטיװ־קעסל. ס׳גייט צו מיר צו דער מאַשיניסט באַגאַטיריאָוו. ער באַוועגט מיט די שוואַרצע וואָנצעס, גלעט זיי מיט דער ברייטער פאַרגרעבטער דלאָניע, זשמורעט די אויגן און באַווײַזט געדיכטע ווײַסע ציין.

— אײַ, אײַ, ס׳אַרא ביזויענע, סאַנקע איז פאַרפרווירט געוואָרן; און עפּשער האָסטו זיך פאַר די פּאָליאַקן דערשראָקן, אַ?

איך באַווײַז ניט אָפּצוענטפערן. ס׳קלינגט דער טעלעפאָן. דער דעזשורנע קאָמיסאַר נעמט דאָס טרײַבל, הערט, קלאַפּט צו מיטן קנאַפּל און באַפעלט עפּעס באַגאַטיריאָוון.

איך בין שוין צוגעווינט צום פאַנצער־צוג, צום קאָמאַנדיר גאַר־בוז. כ׳האָב ליב געקראָגן דעם אייביקן אומרו, מיט וועלכן ס׳זײַנען פול מײַנע טעג און נעכט. איך האָב אַ סאַך אַרבעט. איך רייניק קאַר־טאָפל אין קיך, איך העלף באַשמירן דעם לאָקאָמאָטיוו. איך טראָג צו וואַסער די קוילנוואַרפער־באַדינער. מע רופט מיך סאַניע. און אַז מע וויל מיך אַ צערטל טאָן, זאָגט מען:

— קינדעלע סאַניע, קום אַהער.

מײַן קערפּער האָט זיך אָפּגערייניקט פון דער קרעץ. די אויגן האָבן אויפגעהערט וויינען. כ׳האָב זיך אויסגעלערנט לאַכן. אויף מײַן גרינעם היטל — אַ העל־רויטער שטערן, וואָס פאַרנעמט דעם גאַנצן שטערן מײַנעם. איך טרוים וועגן אַ שאַשקע. גאַרבוז האָט מיר גע־זאָגט, אַז אָט, ווי נאָר מיר וועלן צעקלאַפּן די פּאָליאַקן, וועל איך אומבאַדינגט באַקומען אַ שאַשקע.

הײַנט וועט מיסטאָמע זײַן אַ גרויסע שלאַכט, איך גיי דורך די

פולמאַנ־וואַגאָנעס, קיינער שלאָפט ניט. לעבנ די קוילנוואַרפער ליגנ די רויטאַרמייער מיט פולער אָנלאַדונג. לעבנ די פיס זייערע דרייענ זיכ קוילנווײַנ, אַזוי ווי שלאַנגענ, די קויל־סטענגעס. ס׳גלאַנצנ מאַט די נעזער פונ די קוילנוואַרפער. ס׳איז דושנע. אַלע לעכער, פענצטער, ליוקנ זײַנענ פאַרשטעלט, פאַרהאַקט. די קילער פונ די קוילנוואַרפער זײַנענ אָנגעפילט מיט קאַלטנ קוואַל־וואַסער. איכ לייג זיכ אַוועק לעבנ די סטענגעס. איכ זע ווי א רויטאַרמייער לאָזט אַראָפ די האַנט אינ אַנ עמער אונ מיט דער נאַסער דלאָניע דערפרישט ער זיכ דעמ שטערנ, צעשפיליעט זיכ דעמ קאָלנער.

טרוקנ האָט זיכ צעקײַקלט, צעהילכט א קלונג אינ וואַגאָנ אונ טייקעפ נאָכ אימ א קאָמאַנדע פונ א הייזעריק קאָל:

— שטילער גאַנג! אָפשטעל! צוגרייטנ זיכ!

צעיאָגט האָבנ זיכ די מענטשנ לעבנ די קוילנוואַרפער. דער לאָ־קאָמאָטיוו האָט ווײַטנדיק מיט קאָנטרדאַמפ, זיכ אָפגעשטעלט. איכ בינ אַרײַנגעגאַנגענ אינ דער הייסער, אָנגעגליטער בודקע פונעמ מאַ־שיניסט; דאָס העמד מײַנס איז מיטאַמאָל נאַס געוואָרנ. דער שווייס האָט באַגאַטיריאָוונ פאַרגאָסנ די אויגנ. ער האָט קוימ־קוימ אָנ עפנ געטאָנ דאָס פאַנצערל פונעמ פענצטער, האָט עפעס באַטראַכט אינ דער פינצטערניש.

אַפ יענער זײַט פענצטער — שאַ־שטיל. אינעמ אייוועלע ווילדע־וועט דער פלאַמ, טרישטשעט די קוילנ. אונ עפשער ברעכנ זיכ די צווײַגנ הינטער די ניט פאַרזיכטיקע פיס פונעמ לאָקער דאָרט, אינ וואַלד?

דער דעזשורנע קאָמיסאַר איז ווי צוגעשמידט געוואָרנ צו דער שפאַרונע. אָנ אָטעמ הערט ער וואָס רעדט דער וואַלד. דערנאָכ גייט ער צו צומ טעלעפאָנ, קלינגט, נאָר ער דערשרעקט זיכ פאַרנ רויש, קימאַט שעפטשענדיק, הייבט ער אָנ א געשפרעכ מיטנ קאָמאַנדיר פונעמ פאַנצער־צוג — גאַרבוז.

— ס׳איז שטיל. קיינ שום פאַרדעכטיקס באַמערקט מענ ניט. לויט מיר נאָכ זײַגענ מיר שוינ אינ נאַקנ באַמ פײַנט. מיר זײַנענ דורכ צוויי מאָל אַזויפיל, וויפל מיר האָבנ גערעכנט. וואָס? א פאַסט־קע? מע פאַרנאַרט אונדז? וואַרטנ?

באַגאַטיריאָוו גייט צו צומ קאָמיסאַר. ער בעט א דערלויבעניש צו באַטראַכטנ דעמ לאָקאָמאָטיוו. דער קאָמיסאַר גיט איבער די באַ־קאַשע דעמ קאָמאַנדיר אונ דערלויבט טייקעפ.

דער מאשיניסט־געהילפ נעמט דעמ שליסל, א העמערל, א מאסליאנקע, עפנט די פארוקערס פונ דער פארפאנצערטער טיר, לאזט זיכ איילִיק אראפ אפ דער ערד אונ גיט מיכ א רופ.

דער וואלד שטייט סאמע איבער אונדזערע קעפ, בייגט זיכ מיט די שפיצנ, רוישט צארנדיק, פארלירט טרוקענע בלעטער, אזוי ווי בייזע אנמעכטיקע טרערנ.

שרעקלעכ, אזוי ווי אינ א מעסע, שמייכלענדיק, שאקלט דער געהילפ מיטנ קאפ אפנ וואלד, ער פארקריכט אונטער די פאנצערס, קלאפט מיטנ העמערל, דערנאכ רופט ער מיכ צו צו זיכ אונ זאגט אומרויִק:

— די אקס־לאגערס האבנ זיכ אנגעווארעמט, אזש מע קאנ פלייש אפקאכנ. מע דארפ אפשוואכנ די פעסטיקונג, פארגיסנ. דערלאנג אהער דעמ מאזוט.

איכ לויפ. נאר אינ דעמ זעלבנ אויגנבליק ווערט דער וואלד באלויכטנ מיט בליצנ פונ שיסערייַ.

דער געהילפ איז ארויסנעקראכנ פונ אונטער דעמ לאקאמאטיוו אונ אייַלט זיכ צומ לייטערל, נאר ניט דערלאפנ עטלעכע שפאנ, שטעלט ער זיכ אפ, בייגט אויס די ברוסט, צעברעכט די פיס, אונ אנ א געשריי וואלגערט ער זיכ אומ אפ דער פלייצע.

איכ שפרינג ארופ אפנ טרעפל פונעמ לאקאמאטיוו. עמעצער גיט מיכ א כאפ בא די האר, שלעפט מיכ אריינ אינ בודקע. איכ פאל אפנ דיל אונ טייקעפ פארהאקט זיכ היגטער מיר די אייַזערנע טיר. עס קנאקט דער פארוקער. באגאטיריאוו קוקט אומרויִק אונ פארלוירנ אפ מיר אונ שרייַט צומ קאמיסאר, מע זאל שיקנ מענטשנ נאכ זייַנ געהילפ.

דער קאמיסאר קערעוועט ניט אויס דעמ קאפ, הערט דאס כריפעניש אינ טעלעפאנ־טרייַבל אונ טאקט אפ:

— גוט, כאווער קאמאנדיר!

באגאטיריאוו פאדערט ווידעראמאל, מע זאל ראטעווענ זייַנ געהילפ.

דער קאמיסאר הערט ניט. ער קוקט פארבייַ באגאטיריאווס קאפ אונ גיט א באפעל:

— פולנ גאנג אפ צוריק!

באגאטיריאוו שטייט, גיט זיכ קיינ ריר ניט.

— פולנ גאנג צוריק, — כאזערט שטילערהייט איבער דער קאמיסאר.

באַגאַטיריאָוו גייט פּוילבלעכ אָפּ פונ דער טיר, דאַנ שרײַט קלינגעוודיק דער קאָמיסאַר:

— דאָס לעצטע מאָל — פולנ גאַנג אָפּ צוריק.

באַגאַטיריאָוו הייבט אָנ אײַלנ, דרייט דעמ הויבער, אונ דער צוג רוקט זיכ אָפּ צוריק.

דער קאָמיסאַר גייט צו צו מיר, דערלאַנגט א לאָפּעטע, זאָגט שטיל:

— העלפ, סאַניע.

איכ וואַרפ אײַנ אײַוועלע אַרײַנ קוילנ מיט דער לאָפּעטע. וואָס איז מעסוקנ גרויס, העכער פונ מיר, איכ פּאָמפּע וואַסער. ס'איבלט מיכ, ס'איז מיר פינצטער אינ די אויגנ. איכ זע ניט די מאַנאָמעטערס, ניט די מעגטשנ.

צײַטנווײַז, ניט אויסהאַלטנדיק, לאָז איכ זיכ אַראָפּ אָפּנ דיל. באַגאַטיריאָוו וויל מיר העלפנ, נאָר איכ הייב זיכ אופּ צוריק, וואַרפ די קוילנ, פּאָמפּע דאָס וואַסער.

דער קאָמיסאַר רעדט דורכנ טעלעפאָנ. הערנדיק דעמ קאָמאַנדיר, קוקט ער אָפּ מיר אונ שאָקלט באַגיטיקנדיק מיטנ קאָפּ. סאָפּקאָלסאָפּ באַפוילט ער:

— שטילער גאַנג! אָפּשטעל!

גאַרבוז אַליינ קומט צו לויפנ צומ לאָקאָמאָטיוו. ער באַמערקט מיכ ניט, רעדט מיטנ קאָמיסאַר אונ מיט באַגאַטיריאָוונ. ווי פילט ער עס ניט, אַז דאָס האָב איכ, טאַקע איכ די גאַנצע צײַט געהאָדעוועט דעמ לאָקאָמאָטיוו?

איכ אונ באַגאַטיריאָוו לויפנ באַטראַכטנ די מאַשינ. דערזענ די אָנגעגליטע אַקס־לאַגערס, בעט איכ בא גאַרבוזנ עטלעכע מינוט אָפּ רעמאָנט. דער קאָמאַנדיר באַפוילט:

— וואַרטנ ביזנ סיגנאַל! ביז אונדזערע פּוסגייער וועלנ זיכ צונויפציִענ אונ אונדזער גאַנצע קייט וועט זיכ אויסגלײַכנ — אָנ אָפּשטעל! — דערנאָכ אָנגריפ!

דער קאָמאַנדיר גייט אַוועק. באַגאַטיריאָוו פּרוּווט אַפילע ניט דערווידערנ. ער קענ דעמ כאַראַקטער פונ דעמ דאָזיקנ מענטשנ. באַגאַטיריאָוו גיט מיר א שליסל, א העמערל, דערקלערט מיר, וויאַזוי צו רעמאָנטירנ דעמ אַקס־לאַגער אונ אַליינ לויפט ער צומ לאָקאָמאָטיוו. איכ הער פונ דאָרטנ דעמ קאָמיסאַרס באַפעל:

— שטילער גאַנג פאָרויס, אָנ ראַש! צוגרייטנ פולנ דאַמפּ־דרוק, סע שטייט פאָר א פאָרסירטער דורכלויפ.

איכ שטײ צעטומלט. איכ װײס, אז אויב איכ װעל ניט צורעכנ מאכנ דעמ אקס-לאגער, װעלנ מיר צעקאליעטשענ די אקס פונעמ לאָקאָמאָטיװ. נאָר אויב באַגאטיריאָװ װעט אראָפּגײנ אראָפּ און װעט רעמאָנטירנ, װעט זיכ אָפּשטעלנ די גאנצע אָנגרײַפנדיקע קײט. און דאנ, װער װײסט, װאָס דאנ קאָנ טרעפנ.

איכ באשליס פעסט אומבאדינגט אײנער אלײנ צורעכט מאכנ דעמ לאגער.

... דער לאָקאָמאָטיװ האָט זיכ גערירט, דורכ דער טיר האָט א קוק געטאָנ באַגאטיריאָװ. ער בעט זיכ:

— אינ גאנג, סאניע, פארטשעפּע זיכ בא דער ראמ און ארבעט...

הינטער באַגאטיריאָװנ שטײט דער קאָמאנדיר. די ליפּ איז בא אימ אראָפּגעהאנגענ. ציטערט. ער זעט, אז איכ בינ בלויז אינ װײַסנ העמד, נעמט ער אראָפּ זײַנ גרינ העמד און װארפט מיר ארופ אפ די אקסל.

— אזוי איז טונקעלער — װעט מענ ניט באמערקנ. — און ער שטופּט מיכ קימאט אָפּ פונעמ לאָקאָמאָטיװ.

איכ בינ אראָפּגעפאלנ אינ א גראָבנדל. די פײַכטע ערד האָט זיכ א ריר געטאָנ אונטער מיר װי א קישנ. אונטער די הענט האָבנ זיכ צעשורשעט בלעטער.

אינמיטנ לאָקאָמאָטיװ-גאנג טשעפּע איכ זיכ אָנ אינעמ פאנצער פונ לאָקאָמאָטיװ, גליטש זיכ דורכ ארונטער די פאנצערלעכ. װי נאָר דער לאָקאָמאָטיװ שטעלט זיכ אָפּ אפ א סעקונדע, קלאפּ איכ מיטנ העמערל, פארגיס דעמ לאגער. געענדיקט דעמ רעמאָנט, גיב איכ זיכ א װאָרפ אפ דער ערד און ניט אײַנגעהאלטנדיק די דולע פרײד, לויפ איכ צומ לײטער, בײג זיכ אפילע ניט אָנ.

באַגאטיריאָװ באפוילט:

— צעהײצ דאָס אײװעלע מיט װײַסנ פלאמ. פּאָמפּע אָנ װאסער, באגיס מיט שמירעכצ די קאָלבנס.

ער האָט פארגעסנ, אז ער רעדט מיט סאנקענ, װעלכנ מע רופט „קינד". ער האלט מיכ פאר זײַנ װירקלעכנ געהילפ. װעט, הײסט עס, קײנער בא מיר אצינד שױנ ניט אָפּנעמענ דעמ שטערנ און איכ װעל נאָכ באקומענ א שאשקע? איכ װעל באקומענ!

דורכ דער שפּארונע פונעמ פארפאנצערטנ פענצטער זע איכ, װי דער טאָג װערט געבוירנ. די שיסערײַ װערט ניט אנשװיגנ. מיט פולנ גאנג טראָגנ מיר זיכ אינ נאקנ פונ די װײַסע פּאָליאקנ.



א וואַרעמער מילדער אָוונט. פרילינגדיקע דעמערונג. דער פּאַנ־צער־צוג לויפט איבער די רעלסן פונ מיזרעכ־בוסאַרע. מ'האָט אונדז אַריבערגעוואָרפנ פונ פוילישנ פראָנט אָפּ צו ליקווידירנ די באַסמאַ־טשישע באַנדעס, וועלכע האָבנ פאַרפלייצט דאָס דאָזיקע לאַנד, וואָס איז איצט ענלעכ אָפּ א מידבער. מיר זעענ ניט קיינ צעאַקערטע פעל־דער, באַנגעגענ ניט קיינ קעמלענ, קיינ טשערעדעס. סע שווינדלענ דורכ פאַרביי אונדז צעוואָלגערטע אַריקעס, וועלכע מע האָט. געבויט יאָרנלאַנג, אַריקעס, וואָס האָבנ געשפּייזט דאָס גאַנצע פאָלק.

אינצווייענ מיטנ רויטאַרמייער פיאָדאָראָוו ליגנ מיר, רוענ נאָכ דעמ אומבייט. ער קוקט אומעטיק אָפּ די טרויעריקע פעלדער, זיפצט שווער אונ קלאָגט זיכ.

— סאַניע, אינ אונדזערע טאַמבאָווער קאַנטנ, ווו ס'בושעוועג די אַנטאָנאָווצעס, טוענ זיכ איצנד אויכ מיסטאָמע קאַלערליי שרעקנ.

פיאָדאָראָוו האָט א ביסל געשוויגנ, דערנאָכ שטיל א פרעג גע־געבנ:

— אונ מיט וואָס וועט זיכ דאָס פאָלק שפּייזנ? וואָס וועט עס קייענ? אָ, הינט!

ער ליגט לאַנג שטומ־שווייגנדיק, נעמט מיכ אַרומ אונ שעפּטשעט:

— אינ דאָרפ האָב איכ א ווייב, דריי קינדער, א קו, א ביקל... פינפ יאָר שוינ ניט געזענ זיי. פרילינג־צייט — מע דאַרפ זייענ, אונ ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל זייענ. עכ!..

איכ האָב ניט קיינ ראַכמאָנעס אָפּ פיאָדאָראָוונ, איכ פאַרשטיי ניט זיינ אומעט, זיינ בענקעניש. דער ווינט ריזלט שטיל, פאַלט אָפּ דער ברוסט אונ באַוועגט זיכ א צערטלעכער, פוילער אונ קילער.

ס'איז גוט! איכ ליג, אונ קיינער טרייבט מיכ ניט אַוועק פונ דער אוונטערישקייט, איכ בינ גלייכבאַרעכטיקט, איכ טראָג אַזא שטערנ אונ אַזא גימנאַסטיאָרקע, ווי אַלע איבעריקע קריגסלייט: קיינער רופט מיכ שוינ מער ניט „קינד", אונ ערשט ניט לאַנג איז מיינ עקזיסטענצ אינעמ אָפּטייל גאָר געזעצלעכ געוואָרנ.

דער קאָמאַנדיר פונעמ פאַנצער־צוג גאַרבוז האָט אינעמ באַפעל וועגנ אַרויסגעבנ נייע אַמוניציע דערמאָנט מיינ פאַמיליע.

אַז איכ באַגריס זיכ מיטנ קאָמאַנדיר, גיב א קלאַפּ מיט די אָפּ־צאַסנ, צונעטוליעט פוס צו פוס אונ שטאַלטנע אויסגעצויגנ, מיט דער האַנט אונטערנ האַשעק, לאַכט שוינ ניט גאַרבוז, נאָר געשעפּטלעכ אונ

ערנסט ענטפערט ער מיר אָפּ. אפנ לאָקאָמאָטיוו פונעמ פאנצער־צוג בינ איכ דעמ מאשיניסט באָנאטיריאָווס אנערקענטער געהילפ. | איכ גיב איבער אונ נעמ אופ די אומבייטנ. מעסלעסנוויַז האלט איכ אויס די וואכ.

...אינ פולמאנרוואנאָג גייט ארייַנ באָנאטיריאָוו. ער גייט אָנגעבויגנ אונ א צעפּאטלטער, שרייַט צו מיר איינמיטנ גאנג, ניט אויספערווענדיק זיכ:

— סאנקע, צומ אומבייַט.

...איכ הייב זיכ אופ, גיי נאָכ באָנאטיריאָוונ, כידעש זיכ ניט, וואָס מע רופט אונדז ווידער צומ אומבייַט נאָכ דעמ, ווי מיר האָבנ שוינ אָפּגעהעזשורעט א מעסלעס. דאָס טרעפט אָפּט, קימאט פאר יעדנ ערנסטנ קאמפ. דער צווייטער מאשיניסט איז ווייניק געניט, אונ דער קאָמאנדיר טרויט אימ ניט.

אפנ לאָקאָמאָטיוו דערוויסנ מיר זיכ, אז דער נייַער מאשיניסט איז קראנק. ער פיבערט, קאָרטשעט זיכ לעבנ דעמ רעגוליאטער, וויינט פאר קעלט. זייַנע ליפּנ זייַנענ בלוי, די באקנ זייַנענ געל געוואָרנ, דער קאָפּ טרייסלט זיכ, ווי בא א געליימטנ. אינ די הענט זייַנע האלט זיכ ניט אייַנ דער שליסל, פונ די ליפּנ שפּרינגט ארויס דער פּאפּיראָס, ער בעט זיכ, מע זאָל אימ וואָס גיכער אוועקלייגנ אינ בעט אריַיַנ, ארופווארפנ אפ אימ מאטראצנ, קאָלדרעס, קעדיי ער זאָל זיכ כאָטש א ביסינקעלע אָנוואָרעמענ.

באָנאטיריאָוו נעמט איבער דעמ לאָקאָמאָטיוו, וואָרטשעט שטילערהייט, ס'זאָל ניט דערהערנ דער אלטער אומבייַט:

— דער פארשאָלטענער צייַנלאָזער, לאָזט ניט אָפּרוענ.

פאר מיר האָבנ באָנאטיריאָוו קיינ מוירע ניט. ער ווייסט, אז איכ האָב געזענ וויאזוי ער האָט הייַנט איינדערפרי אויסגעביטנ קעראָסינ אפ רייַזבראָנפנ בא א פארדעכטיקנ מענטשנ אינ א כאלאט. אפדערנאכט האָט ער געוואָלט ביגגייווע, אונטער דער קאָלדרע אויסטרינקענ דעמ בראָנפנ, נאָר מע האָט אימ געשטערט.

וועגנ זיינ לייַדנשאפט צו בראָנפנ ווייסט שוינ פונ לאנג דער קאָמאנדיר גארבוז. איכ געדענק ווי נאָכ אפנ פוילישנ פראָנט האָט ער דערזענ, וויאזוי באָגאטיריאָוו זופט פונעמ טשייַניק־נעזל. דער מאשיניסט האָט זיכ פארלוירנ, האָט זיכ צעהוסט אונ ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ מיטנ טשייַניק. ער האָט זיכ ניט אנטשלאָסנ ארויסצונעמענ דאָס נעזל פונ מויל, מוירע געהאט, אז גארבוז זאָל דערשפירנ דעמ

סאמאהאַנדרייעכ, האָט ער זיך גענילט אויסצולייזדיקן דעם טשײניק, אוי בערגעקערט אים און אויסגעטרונקען ביזן דנאָ.

גארבוז האָט זיך אָנגעשטויסן, און שטיל, אָן ראש א רופ געטאָן באָגאטיריאָוון צו זיך אין זײַן ענגער קאמער. קיינער האָט זיך ניט דערוווּסט, צוליב וואָס איז באָגאטיריאָוו געגאנגען צו גארבוזן און וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. אויב מיר האָט עס באָגאטיריאָוו ניט דערציילט, אז איך האָב אים געפרעגט, האָט ער אראָפגעלאָזט דעם קאָפּ און אָן כיישעק געענטפערט:

— ווייס איך וואָס, וועגן דער מאשינען האָבן מיר גערעדט.

באָגאטיריאָוו האָט זיך לאנג געשטארקט, ניט געטרונקען פונעם סאמע פוילישן פראַנט אָן, נאָר דאָ, איצטער, אין אזיע, האָט ער ניט אויסגעהאלטן.

דער צוג גייט מיט פולער שנעלקײַט. מיר אײַלן. איבערפרי וועט אונדז מעגלעך אויסקומען באגעגענען זיך מיט איבראהים־בעקס רײַטער.

דאָס גרינס האָט זיך געענדיקט נאָך באטאָג. מיר פאָרן אין סטעפּ, דורך זאמדן. די טרוקענע זאמדן פון דער וויסטע קאראקום גייען צו ביז צו דער סאמע אײַזנבאן־ליניע.

עס לויפט אונדזער צוג. די וויסטע שיט מיט זאמד. הינטער אונדז בלײַבט א רויך־עק פון א זאמד־ווירבער.

באָגאטיריאָווווישט דורך די פארשטויבטע אויגן, קלאָגט זיך:

— ניט צו זען וווּהין מיר פאָרן, אויב מיר וועלן אפ עפּעס ארופליען, וועלן מיר זיך אפ פיצ־פיצלעך צעקנאקן, ס'וועט פון אונדז קיין זייכער ניט בלײַבן.

און טייקעף טאקע, ווי ער וואָלט געוואָלט פארווירקלעכן באָגאטיריאָווס געוויִנס, איז דער לאָקאָמאָטיוו הויך אונטערגעשפרונגען מיט די פאָדערשטע רעדער. באָגאטיריאָוו האָט זיך א כאַפּ געטאָן בא דער ראַם. איך בין אומגעפאלן און האָב דערזען אונטער בודקע אָנגעבויגן ווי אַן איבערגעקערטע ברעט פון א הוידלקע, דאָס אײַזן־עלע איבערן קאָפּ, דערהערט געשרייען, קרעכצן, שיסערײַ — און פארגאנגען אין כאלאָשעס.

אופגעכאפּט האָב איך זיך צווישן א הרודע בראָכווארג. די פיס זײַנען גאַנץ. איך טאַפּ זיי אומרויִק אָן — זיי זײַנען גאַנץ. לעבן ליגט די מאסליאנקע. פון איר נעזל לויפט אפ מײַנע פיס דער מאזוט. איך וויל זיך אָפּרוקן און קאָן ניט. ס'גלוסט זיך טרינקען. קוים, וואָס איך דריי מיט דער געשוואָלענער צונג. אין מויל איז הייס און שטויביק.

— וואסער...

ס'איז שטיל. סאמע אף די אקסל האָט זיך אוועקגעזעצט א גע־דיכטע בוכארער נאכט. אין דער וויַיטער הויכער טיף פלאטערן די מיזרעך־שטערן. נידעריקער פון די שטערן לויפט, דרייט זיך דער בלוי־ער טײַך פונעם באַגינען און פאַלט אַראָפּ אין א שוואַרצן אָפּגרונט פון גרינס. צעשטערנדיק די שטילקייט, האָט גאָר נאָענט און קלינגעוודיק זיך צעהירזשעט און אומגעדולדיק פערד. ס'האָט אים אָפּגעענטפערט א צווייט פערד, א דריטס. איך הער בוילעט דאָס קלינגען פון צימלען, דאָס סקריפּעניש פון נייַקע זאָטלען און מענטשישע קוילעס, אומבאַ־קאַנטע, היציקע, הויכע געשרייען.

עמעצנס א האַנט, א גרויסע, מיט שוואַרצע גוליעס שטילט אײַן מײַן שעפּטשעניש.

— שווײַג, שטילער!

איך דערקען גאַרבוזן. ער קוקט זיך אום, זוכט.

— פאַראַן נאָך עמעצער?

— קיינער ניט.

ער הייבט מיך אויף פון דער ערד, צווינגט מיך אַרומנעמען זײַן האַלדז און קריכט. איין האַנט שלעפּט זיך בא גאַרבוזן נאָך, א פוילבלעכע און א דאַרע. זײַנע אַקסל זײַנען צענעצט. איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז מאַכמעס בלוט. ס'איבלט מיך.

מיר זײַנען אַרײַנגעקראָכן אין א זאַמד־גרוב, געלאָזט הינטער זיך דעם צעבראָכענעם צוג. אַרומגענומען איינס דאָס אַנדערע, ליגן אין גרוב צוויי רויטאַרמייער. לויט די גראָע האָר דערקען איך באַגאַ־טיריאָוון און לויט דעם הוילן געגאָלטן קאָפּ פּיאָדאָרוון... זיי קרעכצן. גאַרבוז באַפוילט:

— הייבט זיך אויף, לעבעדיקער!

דער קאָמאַנדיר קריכט איבערן וועגטל פונעם גרוב אַרויף־צו. מיר דראַפּען זיך נאָך אים. אין די אויגן אַרײַן שיט זיך און גיסט טרוקענער אָנגעוואַרעמטער זאַמד.

אַרויסגעקראָכן פון גרוב, קריכט גאַרבוז איבער דער וויסטע, נאָך אים קריכן מיר. באַהאַלטן זיך אויס הינטער די אָנשיטן פון די באַרכאַנעס. זיי האַטעווען אונדז ניט פונעם ווינט. ער יאָגט, דער ווינט, איבער דער וויסטע, ער שמײַסט זי מיט זײַנע טלאָען, הייבט אויף זאַמד, יאָגט אים אונטער מיט די פליגל, דרייט זיך, פלימט אין דולן טאַנץ.

די באַרכאַנעס הייבנ זיכ אופ אַזוי ווי לעבעדיקע. זיי רוקנ זיכ אָנ אפ אונדז, פאַלנ ווי אַ וואַנט אפ די קעפּ אונדזערע, אפ די פּלייצעס, פאַרשיטנ אונדז. די ציינ, די אויגנ, דער האַלדז זײַנענ פול מיט זאַמד, וואָס איז טרוקנ און הייס, ווי ניט אָפּגעקילטער אַש.

גאַרבוז האָט אופגעהערט צו באַוועגנ זיכ. ער האָט צוגעדעקט דעמ נאַקנ מיט די הענט און איז אַנשוויגנ געוואָרנ. באַגאַטיריאָוו און פּיאַדאָראָוו שטייענ אפ די קני, דרייענ זיכ, ווי אַ דריידל, אפ איינ אָרט. ווײַזט אויס, זיי שרײַענ, נאָר צו מיר דערגייט בלויז אַ קראַנקער און כריפּעדיקער קרעכצ.

דער וויכער ווערט שטילער. גאַרבוז האָט זיכ גענומענ באַוועגנ, האָט זיכ אומגעקוקט אפ אונדז, האָט ווידער גענומענ קריכנ, שאַרפ פאַרקערעוועט אפ רעכטס.

אָבער ווי נאָר מיר רירנ זיכ, הייבט זיכ דער וויכער ווידער אופ און פּאַטשט אונדז מיט זאַמד. הודעט, שלעפּט אונדז איבערנ מיד־בער, קערט אונדז איבער מיטנ שטערנ אַראָפּ, מיט די סקולעס אַראָפּ, צופּט די הויט מיט האַרטנ זאַמד.

מיר קריכנ אַראָפּ אינ אַ טיפנ גרוב. דאָ איז שטיל און קיל. איכ קוק זיכ אום און דערקענ די ווענט. פונדאַנענ האָבנ מיר אָנגעהויבנ אונדזער געלויפ.

גאַרבוז דראַפּעט זיכ אײַנגעשפּאַרט אַרופ, ציט אויס די לאַנגע הענט. דער ווייכער שיט־זאַמד גייט זיכ פאַנאַנדער פאַר זײַנע צו־נויפגעדרייטע פינגער, קריכט אַראָפּ, ציט גאַרבוזנ נאָכ זיכ. ער הייבט זיכ אופ און קריכט ווידער. דער זאַמד וואַרפט אימ ווידער אַראָפּ. נאָכ איינ פּרווו — און ווידעראַמאָל דער דנאָ.

סאָפּקאָלסאָפּ בלײַבט גאַרבוז אָנ קויכעס. ער פאַלט אַוועק אפ דער פּלייצע מיט ברייט צעשלײַדערטע הענט. דער זאַמד פאַרשיט אימ די ברוסט, שורשעט איבער דער האַרטער שוינ לאַנג ניט געגאָלטער באָרד. לעבנ אימ, שוואַרצע און שטילע, ליגנ באַגאַטיריאָוו און פּיאָ־דאָראָוו. איכ קריכ צו צו זיי, גיב זיי אַ רופ. זיי שווײַגנ. איכ דראַ־פּע זיכ איבער דער וואַנט פונעמ גרוב.

גאַרבוז גיט קוימ־קוימ אַ ריר מיטנ האַלדז, רופט מיכ, שעפּטשעט:

— סאָניע... דערקריכ... סטאַנציע... גיב צו וויסנ, די בריק... באַסמאַטשעס... אופגער...

גאַרבוז האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט אפנ זאַמד און איז אַנשוויגנ גע־וואָרנ. ניט אופעפענענדיק די אויגנ, האָט ער אָפּגעשפּיליעט די קאָבו־

דע, מיר זײַ אַרײַנגערוקט, אַ שווערע, אײַנגעוואָרעמטע. ער האָט זיכ געזעגנט, קוים־קוים צוגערירט זיכ צו מײַנ אַקסל מיט ציטערדיקע פינגער. איכ האָב אַרומגענומענ באַטאַטיריאָוו און פּיאָדאָראָוו.



ס'האָט שאַריעט, ווענ איכ בינ דערקראָכנ צו דער סטאַנציע, ווו כ'איז געשטאַנענ אַ רויטאַרמייִשער אָפּטייל.

איכ בינ געלעגנ אַפנ דיל, איבער מיר איז געשטאַנענ אַפ די קני דער נאַטשאַלניק פונעמ גאַרניזאָנ, אַ מענטש מיט קופּערנע סקולעס, מיט קאַלטע אויגנ. איכ האָב אימ דערציילט וועגנ דעמ פּאַנצער־צוג, וועגנ די באַסמאַטשעס, וועגנ דער קאַטאַסטראָפע, וועגנ דעמ וויכער, וועגנ טאַרבוזנ, באַגאַטיריאָוו און פּיאָדאָראָוו.

מ'האָט צו דעמ אָרט פונ דער קאַטאַסטראָפע אַוועקגעשיקט אַנ אָפּטייל רויטאַרמייער.

## צוועלפטער קאַפּיטל

אַפ אַ פאַרוואָרפענער קליינינקער סטאַנציע, ווו דער אויסלענדישער עקספּרעס האָט זיכ אָפּגעשטעלט אָנעמענ וואַסער, זײַנענ אינ וואַגאָנ אַרײַנ צוויי נײַע פּאַסאַזשירנ.

זיי זײַנענ געקומענ פונ דער סטעפּזײַט. אינ דער פינצטערניש אונטערנ וואַגאָנ האָבנ זיי צוגעוואַרט. ביז דער צוג וועט זיכ רירנ, און דערנאָכ האָבנ זיי פלינק און שנעל זיכ אַרופגעכאַפּט דורכנ אײַזערנעמ לייטער אַפנ דאַכ אַרופ, קעדיי אומגעבעטענערהייט אַרײַנגיינ אינ די שטילע קופּע.

דאָס זײַנענ געווענ דער באַנדיט־אַטפּליִער „פליגלדיקער“ און איכ, דער „הייליקער“, זײַנ קאַריש. מיר האָבנ זיכ ווידער באַפרײַנדעט מיט אימ פאַראַיאָרנ פרילינג אינ מיטל־אַזיע. אַוועק פונעמ פּאַנצערצוג־אָפּטייל, האָב איכ באַגעגנט דעמ פליגלדיקנ. איכ בינ בײַ אימ אָפּגעווענ אַ ביסל, ניט געוווּסט וואָס טוט מענ ווײַטער און דאָס צעגיינ זיכ מיט אימ אָפּגעלייגט ביז אַ פּאַסיקנ פאַל.

און דערווײַל שפּאַנענ מיר מיט אימ צוזאַמענ איבער די צוגנ. אַ גאַנצע נאַכט האָבנ מיר געוואַרט אַפנ עקספּרעס אַפ דער פאַרוואָרפענער סטאַנציע. געקומענ זײַנענ מיר אַהער נאָכ באַטאָג.

ס'פאלט א שניי. דער האלב פונעמ וואגאנ איז געשמידט מיט פראסט. איכ פיל דורכ די שויב דעמ אײַז. אײַנגעטאנ בינ איכ אינ א פאסקעוואטנ נאכט־אנצוג און אינ א לײַלעכ — דער דאזיקער מאס־קאראד איז ספעציעל צוליבנ קאנדוקטער.

איכ לאז זיכ אראפ אפ דער פלאטפארמ, וואס פארייניקט דעמ אינטערנאציאנאלנ וואגאנ מיטנ באגאזש־וואגאנ. איכ קלײַב צו שליס־לענ און ווי א שאטנ גליטש איכ זיכ דורכ אינ אפטרעט אריינ. כ'האב אפגעטרייסלט דעמ שניי פונעמ לײַלעכ, זיכ דערוואַרעמט, גע־צוימט די ציטערניש, א קוק געטאנ אינ שפיגל אריינ און א שפאנ געטאנ אינ קארידאר. קײנער ניטא. אפגעציילט צוויי קופע, שטעל איכ זיכ אפ באמ דריטנ, גיב באלעבאטיש א קנאק מיטנ שליסל און צעעפנ ווייכ די טיר, טונק זיכ אײַנ אינ בעז־טונקל. איכ וואַרט, אז אט באלד וועט זיכ אופהייבנ עפעס א קאפ, און ס'וועט מיר אײַנ־קומענ צו דערקלערנ, אז איכ האב פארבלאנזשעט. דער נאכט־קאס־טיומ און דער לײַלעכ וועלנ ניט ארויסרופנ קײנ כשאדימ.

אבער די בעטנ האבנ קײנ סקריפ ניט געטאנ.

אונטערזוכנ די קעשענעס פונ די אראפגענומענע פאסאזשירישע אנטאנס, אראפקריגנ פונ דער פאליצע דעמ סאמע סאלידנ טשעמא־דאנ — דאס אלצ געדויערט אײנ מינוט. מיטנ פריערדיקנ וועג קער איכ זיכ אומ צו דער פלאטפארמ, ווו ס'וואַרט אפ מיר דער פליגל־דיקער. מיר גיבנ א וואַרפ דעמ טשעמאדאנ אינ שניי אריינ און צע־שיידנ זיכ מיטנ צוג.

אונטער די געדיכטע טענענביימער האבנ מיר געעפנט דעמ כא־לידנ טשעמאדאנ. אינ אימ האבנ מיר געפונענ א קופע שײַנע ביכער, א האריקנ האנטוכ, א גרויסנ אויסוואל צײַנ־פאסטע, א קאמפלעקט זשורנאלנ און א שאכטעלע שאקאלאד־באמבאנטשיקעס.

דער שניי פאלט ווי א געדיכטער טעפיכ אפ דער ערד, דער ווינט מישט די זשורנאל־בלעטלעכ, און מיר זיצנ אלצ איבערנ צעעפנטנ טשעמאדאנ. איכ קוק ביגנייווע אפנ פליגלדיקנ, ער שטייט אפ די קני, די אויגנ־לעפלעכ האט ער אראפגעלאזט איבער די טיפע אויגנ, די ליפנ האט ער אויסגעבאהאלטנ, וואַרט אפ עפעס. די קוטשעראווע ניט געגאלטע באָרד זײַנע צעווייט דער ווינט.

ער האט זיכ א בייג געטאנ צו מײַנ זײַט. ניט געעפנט קײנ אויג, פרעגט ער שטיל:

— ס'איז מער גארניט ניטא, הײליקער?

בא מיר אין די קעשענעס ליגנ צוויי זייגערס, א שווערער פארטציגאר און א גראבער פאקעט. נאר איכ טרייסל מיטנ קאפ אפ ניינ.

— און אינ „באראכלא” האסטו גארניט ניט געפונענ?

— גארניט.

האט דער פליגלדיקער א שפרונג געטאנ, ארייננגעשטעקט די נעגל מיר אינ האלדז אריינ, די אויגנ פארשפריצט מיר מיט סלינע.

— דו, נעוויילע, „פארנאטשענ” ווילסטו? רייכ ווערנ?

ער האט א ריס געטאנ מיינ פוטערנ אויערדיק היטל און א פאדער געטאנ:

— לייג אוועק דעמ כיילעק!

איכ האב זיכ דערמאנט אנ מיינע פריערדיקע איניאנימ מיטנ פליגלדיקנ. איינמאל האבנ מיר „געקויפט” אינ אנ אינטערנאציאנאלנ וואגאנ א טשעמאדאנ מיט גילדענע און זילבערנע לייכטער. דעמאלט האב איכ באקומענ אט־וואס: זיכ אנ אופהער געווארעמט אינ דער „מאלענע”, געשמעקט קאקאינ, געגעסנ פירעזשקעס און מיט אלצדינג האט ער זיכ באניצט. איכ האב ארויסגענומענ די זייגערס, האב מיט זיי א גלאנצ געטאנ און ארויסגעפעריש געזאגט:

— איכ וועל גיט געבנ, זוכ זיכ אנ אנדער קאריש.

האבנ מיר זיכ אינמיטנ דער וויסטער נאכט גענומענ האנגלענ. געשטאנענ ברוסט קעגנ ברוסט, שטומ־שווייגנדיקע, שיקערע.

געוואלט האט דער פליגלדיקער מיכ נעמענ מיט בלאטער ביטרעדיקייט. ער האט זיכ פלוצעמ צוגעזעצט, ארויסגעשליידערט די הענט צו מיינע פיס, א צי געטאנ מיכ צו זיכ.

מיר זיינענ צוזאמענ אומגעפאלנ. עפעס האט מיכ פארטויבט, זע איכ שלעבט דעמ פליגלדיקנ. האכט זיכ, ער וויל זיכ אופהייבנ; ער קריכט אפ דער ברוסט, מיטנ קין און מיטנ קאפ מעסט ער די שטרעקע, וואס טיילט אונדז פאנאנדער...

— ניינ, ניינ, פליגלדיקער, איכ האב ניט פארגעסנ דעמ לאקאמאטיוו פונעמ פאנצער־צוג. מיכ פרייט ניט דער אפיומ־דרייעכ.

# דרײַצעטער קאַפּיטל

איכ עפנ אופ די אויגנ. איכ פיל ניט מײַנ קערפּער, כאָטש איכ זע, אַז דער קערפּער ליגט אינ א בעט פאַרבונדנ מיט מאַרליע, אינ לײַלעכער, א לאַנגער אונ א דינער. איכ באַטראַכט זיכ פונ דער זײַט. איכ זע א װײַסע אונ גלאַטע ברוסט, אָפּגעדעקטע הענט מיט גלאַנצנדיקער הויט. ריינע אונ טרוקענע פיס.

איכ טאָפּ ארום אופמערקזאַמ יעדנ מוסקול מײַנעמ, באַקענ זיכ מיט זיי. דער פריִערדיקער קערפּער מײַנער איז ניט אזא געווענ. דאָס העמד פלעגט קיינמאָל ניט פאַרשטעלנ די ברוסט ביזנ האַלדז. מאַכמעס שניי, ווינט, רעגנ, שטויב, זונ זײַנענ אינ דער הויט אַרײַנגעדרונגענ לילאָווע פלעקנ. די פינגער, די דלאָניעס זײַנענ באַדעקט מיט שניטנ. די פיס זײַנענ ווי אָנגעטאָנ אינ גרויע זאָקנ. כ'האָב זיכ דאָס גאַנצע לעבנ מײַנס ניט געוואַשנ: קיינ צײַט ניט געווענ.

ס'איז זויבערקײַט אינ אַט דעמ צימער. קעגנ מיר — א ברייטער פענצטער. אָפּ יענער זײַט פענצטער — שניי, גראָוואָס אַראָפּגעוואָרפענער פונעמ הימל. ווײַטער — א הויכער וואַלד.

ס'איז ארוימ א העלע זונ. ס'טוט ווײ צו קוקנ אָפּ איר. די פּאַרהאַנגענ, וואָס פאַלנ אַראָפּ מיט שטילע, שטילע כוואַליעס, זײַנענ ווי גראָוואָס ארויסגעוואָרפנ פונ א מאַשינ. ריינ געפּעמ אופנ טישל באַ מיר צוקאָפּנס. ס'זילבערט זיכ אָפּ א הייסער בולקע פאַרברוינטקײַט, מילכ רויכערט זיכ מיט וואַרעמקײַט.

דער דיל, די בענקלעכ, דאָס בעט, די וועש שמעקנ מיט צעבליטע ווערבע־קנאָספּנ.

פונ דעמ לעדערנעמ שטול הייבט זיכ אופ א מענטש. ער שנײַדט דורכ דאָס ברייטע צימער אונ שטרעקט מיר אויס א האנט. ער איז ענלעכ אפ גארבוזנ.

— אָ, באָכער! אופגעכאפּט זיכ? מיר האָבנ זיכ שוינ געקליבנ באגראָבנ דיכ.

אפנ מענטשנ — א געל רעקל, וואָס איז אויסגעבאָדנ אינ זונ. פונ דעמ גלאנצ פונעמ רעקל טוענ ווי די אויגנ. ער האָט זיכ צוגעזעצט אפ מײַנ בעט אונ פרעגט שטיל:

— נו, וואָס מאכנ עפּעס דײַנע וווּנדנ? קומ גיכער צו זיכ, די גאנצע קאָמונע ווארט שוינ פונ לאנג.

די וואַרעמקײַט פונ זײַנ דלאָניע וואַרעמט מיר די ריפּנ. די פרישקײַט אונ די ריינקײַט פונעמ צימער פארדרייט מיר דעמ קאָפּ. ס'ווילט זיכ ניט א ריר טאָנ מיט א ברעמ, קעדיי ניט אופצורודערנ דעמ דאָזיקנ זיסנ כאָלעמ. איכ צעעפנ ניט די אויגנ. איכ הער ווערטער, וואָס רופנ ארויס פונ דער ווײַטער פארגאנגענהײַט מײַנ באָבענ, אירע מילדע קנייטשנ, אירע מײַסעס.

— וויאזוי הייסטו? — פרעגט ער.

צוליב וואָס באדארפ ער האָבנ מײַנ נאָמענ? ס'איז מיכ פּלוצעמ א פּאכעד באפאלנ. איכ האָב פארשטאנענ, אז דער דאָזיקער מענטש, דאָס דאָזיקע צימער, די זונ, דער שניי האָבנ א טאָעס געהאט, זיי ווייסנ ניט ווער איכ בינ. די ריינקײַט אונ די פרישקײַט זײַנענ צוגעגרייט ניט פאר מיר. נאָר ס'האָט זיכ מיר פארגלוסט זײַנ אנ ערלעכער מענטש. איכ פארגעס דעמ ווייטעק אינ פּאָטיליצע, אינ בויכ אונ שרײַ דעמ מענטשנ אינ אויער ארײַנ, אינ די אויגנ ארײַנ:

— איכ בינ א שווינדלער, א גאנעוו, „בלאט" — אפ אונדזער לאָשנ.

מאָדנע, די זונ איז ניט שוואַרצ געוואָרנ. דער שניי איז ניט פארוואנדלט געוואָרנ אינ קיינ אש. אלצ איז אזוי ווי פריִער — רויִק אונ פול מיט פרייד.

— מיר ווייסנ. אונדזערע ליזשניקעס האָבנ דיכ געפונענ אפ יענער זײַט וועלפישנ רוי.

ער האָט א ביסל געשוויגנ. צוגעגעבנ שטיל:

— רופ מיכ אנטאָנ פּיאָדאָראָוויטש. אָדער אזוי ווי אלע, אנטאָניטש.

איכ קאָנ זיכ ניט דערמאָנענ, וויאזוי רופט מענ מיכ. אכ, יאָ,

הייליקער! נאָר איך וויל ניט, אַז אַנטאָניטש זאָל וויסן דעם דאָזיקן צונעמעניש. איך שעם זיך פאַר דעם צונעמעניש. ס'ווילט זיך דער־מאָנען דאָס סאַמע פריידיקע און גוטע אינעם לעבן.

— די באָבע האָט מיך סאָניע גערופן, סאָניע... '

אַנטאָניטש האָט זיך אָנגעבויגן, הערט ניט דעם מורמל פון מײַנע ליפן. איך זע נאָענט זײַנע באַקן, וואָס זײַנען אָפּגעבריט פון ווינט, ס'האָט זיך אָפּ זיי אויסגעצויגן אַ בלוי ווערעמל מיט אַ דינעם עק. איך צי די האַנט, איך וויל אַראָפּרײַסן דאָס ווערעמל, נאָר ס'איז פאַרקראָכן ווײַט אַרונטער דער הויט, לאָזט ניט, די נעגל זאָלן עס פּאַקן. אַנטאָניטש לאַכט:

— אַז איך בין געווען אַ טאָקער, אַף גוזשאָנס זאַוואָד געאַרבעט, האָט עס מיך אַ הייסע סטרוזשקע פאַרווונדעט. שוין פופצן יאָר און ס'בליאַקעוועט ניט אָפּ.



ס'איז מיר אומעטיק. נימעס געוואָרן דאָס האָזיקע ווײַס־מירמלנע הויז מיט די לייבן אַף די שטיינערנע טרעפּ פאַר דער הויכער טיר. ס'איז מיר אומעטיק מאַכמעס אָרדענונג, אינדערפרי, ווען אַף די טעמ־נעגבייכער העגנגט נאָך שטיקערווײַז נאַכט, וועקט מיך אויף אַ קופּער־נער טרומייט. איך באַווײַז ניט אַ גאַנצע טאָג, אויפצורײַסן די אויגן, אַרומצוקוקן זיך, די בעטלעך־שכייניום מײַנע זײַנען שוין אויף: האָבן דורכגעלופטערט, צורעכט געמאַכט די בעטן, האָבן אַ כאַפּ גע־טאָן די האַנטעכער און לויפן מיט געלעכטער און געשרייען אין וואַש־צימער אַרײַן. איך האָב קוים באַוויזן זיך אַרומצוואַשן, האָבן שוין אַלע געענדיקט די אינדערפרי־גימנאַסטיק, הייבן זיך אַרויף אין עסצימער אַרײַן. פריִער פלעג איך אויך ניט אָפּשטיין, נאָר ס'איז אַוועק אַ גאַנג: אַלע אָוונט — אויפשטיין, גימנאַסטיק, איבערבײַסנס, וואַרשטאַטן, זאָנטן, און אַלץ פּינקטלעך, אַקוראַט, איינס, צוויי, אַזוי לאַנגווײַליק, אומעטיק, נודנע מיר געוואָרן!

כ'וואָלט שוין לאַנג אַנטלאָפן. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס קיינער פאַרהאַלט ניט. כ'בין דאָ פרײַער פונעם פּויסטן פאַרשויך.

גיי איך אַרויס פונעם ווײַסן הויז, די לייבנגריוועס גיב איך אַ צערטל, און דערנאָך גיי איך אַראָפּ דורך די שטיינערנע טרעפּלעך צום טויער. דער טויער שטייט, אַ הויכער און אַ שאַרפער. איך טור־ליע זיך צו צו אים, ס'ברענט מיך אָפּ פּראַקטיקער אַוועג, איך רוק

דורכ דעמ קאָפּ אינ טויער־דורכלויכט. צעעפּנט זיכ א סטעפּ, ווי א שוימיקער יאַמ. די טײַגע שאָקלט מיט די סאָסנעס, רופט צו זיכ. דער וועג לאַכט שנייִיק. ס׳ווילט זיכ אַרויסשטעלנ א פוס אַפּ יענער זײַט טויער, נאָר ס׳איז א ביזויעג פאַר די פענצטער פונ הינטנ. כ׳האָב זיכ גאָ קוק געטאָנ: ס׳האָבנ זיכ האָרט צוגעקלעפּט צו די שויבנ די כעוורע פונ דער קאָמונע. זיי היטנ מיכ מיט די אויגנ.

האָב איכ זיכ געלאָזט גייִנ לעננגויס דער גראַטע, ווי איכ וואָלט שפּאַצירט, זײַנענ זיי אַרויסגעשפּרונגענ פונ הויז, זיכ צעשאָטנ איבערנ הויפ, שיסנ מיט שניי־קײַקעלעכ איינער אינ אַנדערנ. איז אויכ צו מיר צוגעשפּרונגענ א באָכער, א הויכער אונ א דאַרער, מײַנער א בעטל־שאָכנ באַרימ. א שפּריצ געטאָנ מיר אינ די אויגנ אַרײַנ מיט שניי. האָב איכ אימ אָפּגעענטפערט מיט אַזאַ שפּריצ אינ די ציינ אַרײַנ. ס׳איז אַזש רויטער מאָנ איג שניי אויסגעוואָקסנ. אָבער ער, די נעוויילע, וויינט ניט, ער לאַכט גאָר, אונ צו דער כעוורע זײַנער שרײַט ער:

— אַ קופּע, א קופּע!

זײַנענ צוגעלאָפנ אויכ יענע כעוורע, פאַרשאָטנ מיכ מיט שניי, איבערגעקערט, אינ זייער קופּע מיכ אַרײַנגעפּלאָכטנ, האָבנ מיר זיכ אַלע צוזאַמענ פאַרדרייט, צעקײַקלט. געלעכטער, געשריי. האָב איכ אויכ ניט אויסגעהאַלטנ, זיכ צעלאַכט.

פונ יענער צײַט אָנ בינ איכ געוואָרנ כאַווער מיט באָריסנ. ער איז דער סאַמע עלטסטער אינ קאָמונע. ער האָט מיכ אויסגעלערנט לייענענ אונ שרײַבנ. אַצינד קענ איכ שוינ איבערלייענענ אַפּנ טויער די גילדענע אויפשריפטנ: „די קאָמונע פונ געוועזענע פּאַרוואַרלאָזטע".

ער העלפט מיר יעדנ אינדערפרי פאַרבעטנ דאָס בעט, דרייט זיכ ווי א דריידל הינטער די פיס, אײַלט אַלצ, קיינמאָל האָט ער קיינ צײַט ניט. בעשאַס גימנאַסטיק שטופּט ער זיכ אינ מײַנ ריי אַרײַנ, לויכט מיט די ציינ, באַווײַזט מיטנ בליק אַפּ מײַנ ניט ריכטיק אַרויסגעוואָרפענעמ פוס. ער טאַקע האָט מיכ פאַרנאַרט אינ טאָקער־וואַרשטאַט.

די קאָמונע האָט שוינ געהאַט — אײַזנבאַנער. זיי טאַקע האָבנ דעמ וואַרשטאַט אײַנגעאָרדנט. געשטאַנענ דאָרטנ 7 טאָקער־וואַרקשטעלנ, אַפּ זיי פלעגנ מיר שאַפנ לאָקאָמאָטיוו־טיילנ. באָרימ האָט דאָ געאַרבעט שוינ דאָס צווייטע יאָר אונ איז געווענ צופרידנ. נאָר אָט איכ אַרבעט שוינ צוויי וואָכנ אונ זע דאָ קיינ שומ גוטס ניט. שוואַר־

צער לאַנגװײַל. די מאָטאָרן הודען. די פּאַסן — פּאַטש־פּאַטש. כ'האָב זיך די פּלײצע אָנגעװאָרעמט באַם דינאַמאָ־קאָזשוך. כ'דרעמל, האָב פֿאַרגעסן אַז מײַן װערקשטעל, װאָס שטײט אַ קלײנער און האָרבאַטער אין סאַמע װינקעלע פֿון װאַרשטאַט. דאָס געשטעל זײַנס — אין מאַזוט, שטױביק, בלױז דאָס שילדל רױטלט זיך מיט פֿרישקײט פֿון דער אױפֿשריפֿט: „דער באַלעבאָס איז אַלעקסאַנדער גאַלאַד". װאָס פֿאַר אַ באַלעבאָס בין איך, אַז איך שטײ לעבן מײַן געשטעל, אײן מאָל אַ װאָך? איבערן קאָפּ מײַנעם איז אָפּגעדרוקט:

„אויב דו האָסט זיך אײַנגעמידט, גײ אַװעק אין רויטן װינקל,
זיץ אַ ביסל אין װײכן שטול, לײען אַ ביסל, רו אָפּ".

אַ קלוגע בריװ האָט עס צוגעטראַכט. איך שטײ איצטער איבערן װערקשטעל. די פּלײצע, אַט צעברעכט זי זיך אויף צװײען. דער שנײַצער זשומעט אין װײַסן װאַליקל, מיר דאַכט זיך, אַז עמעצער עקבערט מיט אַן אָל אין מויעך מײַנעם. כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף די קלאָלים און האָב אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר.. איך האָב אויסגעװישט די הענט מיט פּלאַקס, אַ װאַש געטאָן זיך אונטערן קראַן און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

איך גײ און זײ בײַגן זיך נאָך לעבן די װערקשטעלן, װי זײ װאָלטן ניט באַמערקט מײַן אױפֿטו, אָבער איך זע לויט די ציטערדיקע הענט, אַז זײ האָבן אַלץ באַמערקט. נאָר איך שפּײַ. איך װעל סײַװיכײַ אײַנגיכן מאַכן די פּלײטע. איך קאָן זיך נאָר אַלץ ניט אויסקלײַבן, קאָן קײן פּאַסיקע נאַכט ניט װאַכן. עפּשער הײַנט?

איך ליג אויפֿן בעט, באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע די אָנגעשוכטע פֿיס. דאָס צימער איז לײדיק. אויף יענער זײַט פֿענצטער האָט זיך צעגאָסן געדיכטע סמאָלע. עס, אופֿהײבן זיך אַט אַצינד, פֿאַרציִען די קאָלדרע, די לײַלעכער אין אַ שטײַפֿן קנויף, אויף דער װײַסער װאַנט אויסשניצן מיטן מעסער מײַן צונאָמען „הײליקער" און אַריבערשפּרינגען איבערן פֿענצטער אין חרימלדיקן גאָרטן אַרײַן. דאָרטן — װאַלד, װעג, לאָקאָמאָטיװ־פֿײַפֿערײַ, קאָקאָזן, אַ מעכײַע! נאָר פֿאַרװאָס גלוסט זיך עס ניט אופֿהײבן דעם קאָפּ? עפּשער אינדערעמעסן קראַנק געװאָרן? איך בין אַ דערשראָקענער אופֿגעשפּרונגען און האָב זיך אַרומגעקוקט, און פּלוצעם פֿאַרשטאַנען, פֿאַרװאָס האָט זיך ניט געגלוסט אופֿהײבן זיך. ס'טוט באַנק צו פֿאַרלאָזן די האַזיקע צימערן. אָט שטײט באָרים טומבעלע — ביכער. אַז ס'פֿלעגט מיך לאַנגװײַל באַפֿאַלן, פֿלעגט ער נעמען אַ בוך און לײענען. איך דרעמל און ער

הודעט מילך איבערן אויער. אָפּט פלעג איך ווי אין שלאָף הערן, ווי ער פאַרמאַכט דעם בוך, מאַכט צורעכט אַף מיר די קאָלדרע און גייט אַוועק אַף די שפּיץ־פינגער. באַם וואַרעמען פּאַרטיליק איך פריער פאַר אַלעמען די פּאָרציע מײַנע, כ'נעם זיך אויסלעקן די טעלער, באַריס — אַ האַרער איינגער, אַ דרײַענדיקע פּאָרציע וואָלט ער באַדאַרפט — גיט מיר זײַן העלפט אַוועק און זאָגט:

— דו, סאָניע, טרינק שטענדיק אַלע אינגערפרי אויס פאַר מיר די מילך, פאַר מײַנע געדערים איז עס שעדלעך.

ס'האָט באַנק געטאָן די פרישקייט און די ריינקייט, אַנטאָניטש איז נעם זונ־רעגן, מײַן ווערקשטעל אינעם פאַרשפּינוועבסיקטן ווינקל האָט בא מיר אויסגעזען ווי אַ יאַסעם. צוגעצויגן האָבן די שניי־ווײַסע ליי־לעכער, וואָס כ'וועל מער ניט פילן די קילקייט זייערע אַף מײַן לײַב. די מירמלנע לייבן האָבן גענומען באַוועגן מיט די האָריקע לאַפּעס און האָבן מוסערנדיק אַ שאָקל געטאָן מיט די גריוועס.

ניין, דאָס אַלץ דויערט נאָר איין סעקונדע. איך גיב זיך אַ וואָרף צום נאָענטן בעט, גיב אַ ריס אַראָפּ די קאָלדרע, גיב אַ פאָכע מיט איר, ווי מיט אַ פאָן, נאָר מיטאַמאָל דערמאָן איך זיך, אַז באָריסן וועט אויסקומען שלאָפן אין קעלט.

מיט ליידיקע הענט גיי איך צום פענצטער, לאָז אַרײַן ווינט און שניי אין צימער אַרײַן און פיל ווי דער פראָסט האָט מיט לעבעדי־קער מענטשישער האַנט אַ כאַפּ געטאָן מײַן אַקסל. איך האָב זיך אַ קאָרטשע געטאָן און אַ שפּאַן געטאָן צו דער פענצטער־ברעט, נאָר עמעצנס הענט האָבן הערשעריש און שטאַרק מיך אַ צי געטאָן צוריק. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען אַנטאָניטשעס וואָנצעס, וואָס שפּרינגען איבער די ליפּן. ער האָט אַפּגעלאָזן מײַן אַקסל און אַ זאָג געגעבן, ווי אין אויער אַ שעפּטשע געטאָן:

— סאָניע, צוליב וואָס שפּרינגסטו עס דורכן פענצטער? דורך דער טיר, דורך דער טיר גיי. קיינער וועט דיך ניט פאַרהאַלטן.

עמעץ האָט אַ דריי געטאָן דעם אויסשליסער. אַנטאָניטש שטייט, און הינטער אים די גאַנצע קאָמונע מיט באָריסן פון פאָרנט. איך ווער בלינד פון גרימצאָרן, פון ווײַסן לאָמפּן־ליכט.

אַנטאָניטש זאָגט צו די קאָמונאַרן:

— כעווראַ, באַגלייט סאָניען אַף יענער זײַט טויער.

גענוג! איך שפּרינג צו דער טיר און לויף איבערן קאָרידאָר, וואָס האָט, דאַכט זיך מיר, קיין סאָף, קיין אָנהייב ניט.

קיינער האָט זיכ נאָכ מיר ניט נאָכגעיאָגט. איכ הער נאָר איינ קאָל, א דינינקס.

— ארויסטרײַבנ אימ, מיר דאַרפנ ניט האָבנ אָט אַזעלכע!

דאָס שרײַט דער געשטופּלטער פּעטקע.

איכ האָב זיכ אויסבאַהאַלטנ אינ וואַש־צימער, זיכ אַוועקגעזעצט אַפּ דער פּענצטער־ברעט, זיכ צעדראַפּעט דעמ קאָפּ מיט דער שאַרפּ פונ פּענצטער.



עמעצער האָט מיט געוואַלד אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ מײַנעמ פונ ווייכנ אונ וואַרעמענ בעט. א פאַרשלאָפענער קוק איכ צומ פינצטערנ בײַ־נאַכטיקנ פּענצטער.

ווי גיכ ס'ענדיקט זיכ די נאַכט! כ'האָב דאָכ אָט ערשט צוגעמאַכט די אויגנ. ווענ האָב איכ זיכ דאָס לעצטע מאָל אויסגעשלאָפנ ווי עס דאַרפ צו זײַנ, דאַכט זיכ א כוידעש, ניינ, יאָרנ, א גאַנצע אייביקייט איז פאַרבײַ זינט מײַנ ניט געלונגענעמ אַנטלויפנ. בלויז איכ אַליינ טאָקע האָב עס געדענקט. די גאַנצע קאָמונע האָט עס פאַרגעסנ.

דעמלט בינ איכ דרײַ טעג ניט אַראָפּגעקראָכנ פונ בעט, אײַנגע־וויקלט דעמ קאָפּ אינ קאָלדרע. באָריס האָט פונ עסצימער טעלער גע־בראַכט, אונ, אָט א האַרציקער מענטש, גאָרניט געפרעגט בײַ מיר.

שאַבעס זײַנענ כעוורע געקומענ צו לויפנ צו אונדז אינ צימער אַרײַנ אונ האָבנ מיכ פאַרשלעפּט צו זיכ בויענ אַנ אײַז־בערגל. זונטיק האָב איכ א גאַנצנ טאָג אַפּ שליטלעכ געשליטלט זיכ. אָפנ צווייטנ טאָג האָט באָריס, אָנטוענדיק די ספּעצאָוועקע, אויכ מיר אויסגעשטרעקט מײַנ רעקל. איכ בינ געקומענ נאָכ לאַנגער אָפּוועזנהײַט אינ וואַרשטאַט אַרײַנ צו מײַנ ווערקשטעל. אַז איכ בינ געגאַנגענ פאַרבײַ די כעוורע, האָט קיינער זיכ ניט אומגעקוקט, באַגלײַכ איכ בינ גאָר קיינמאָל ניט אַוועקגעגאַנגענ.

א גאַנצנ טאָג האָב איכ געשאָבנ פונעמ ווערקשטעל די שמוץ, גע־וואַשנ אימ מיט קעראָסינ, געטריקנט אימ מיט פלאַקס, געריבנ אימ מיט לײַוונט. אַצינד פאַרלאָז איכ יעדנ טאָג מײַנ ווערקשטעל ערשט צווישנ טאָג אונ נאַכט. איכ קומ אינ צימער מײַנעמ, ניט אויסטוענדיק זיכ פאַל איכ אונטער דער קאָלדרע אונ ווער אַנשלאָפנ מיט א היי־סער האָפענונג, אַז אינדערפרי וועל איכ שלאַפּ ווערנ, אָדער ס'וועלנ פלוצלינג בײַ מיר געלײַמט ווערנ הענט אונ פיס.

איינמאָל באַנאַכט האָט זיכ מיר אויסגעדאַכט, אַז אַנטאָניטש זיצט אפ מײַנ בעט, און אַרומ אימ — די כעוורע. ער האָט אַ שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ צו מײַנ זײַט און האָט אַ זאָג געטאָנ:

ס'איז שווערלעכ! ער ווערט צוגעוווינט. העלפּט כעוורע מיט, שלײַפּט אַרומ סאַנקענ!

נעכטנ איז שאַבעס געווענ. כ'האָב זיכ אָפּגעכאַפּט געלייגט אַ גליק־לעכער, אַז מאָרגנ איז זונטיק און כ'וועל קאָנענ אַ גאַנצנ טאָג שלאָפֿנ. כ'האָב פאַרגעסנ, אַז כ'האָב אויסגענומענ מיט אַנטאָניטשנ באַגיינענ אַרויספאָרנ אפ ליזשעס צומ דאָרפ, אפ וועלכנ מיר זײַנענ שעפנ.

...אַנטאָניטש האַלט מײַנ קאָפּ צווישנ זײַנע גרויסע דלאָניעס, וויגט אימ, מונטערט אימ.

איכ טו אָנ די שיכ, צי אָפּ זיכ אַרופּ דעמ וואָלענעמ סוועטער, דעמ פוכענעמ העלמ.

ס'האַכט זיכ מיר, אַז איכ געפינ זיכ אײַנגאַנצנ אינ עפּעס אַ ליי־דיקנ און צעקראַכענעמ, קלעפּיקנ געקעכצ: סײַ די צונג סײַ די ציינ, וואָס פאָלגנ ניט סײַ דער קאָפּ סײַ די פיס.

מיר זײַנענ אַרויסגעגאַנגענ אפ יענער זײַט הויפ־גראַטע. האָט וויגט אַ זעצ געטאָנ אינ די אויגנ אַרײַנ, אַרויסגעקוועטשט אַ טרער, באַשאָטנ מיט טרוקענעמ און שטעכיקנ שטויב. אַנטאָניטש האָט אויפגעהויבנ די ליזשעס־שטעקנס, האָט אַ קריאַקע געטאָנ און איז אוועקגעשוומענ אינ דער פינצטערניש פונ דער טײַגע, אַ וואָרפ געטאָנ קונדייסיש:

— יאָג אָנ, סאָניע, דעמ אַלטיטשקנ.

צו די ליזשעס האָט מײַנע פיס צוגעוווינט באַריס. אַצינד שווימ איכ פלינקער פונ דער גאַנצער קאָלאָניע איבערנ שניי. דעריבער טאָ־קע אײַל איכ זיכ ניט נאָכ אַנטאָניטשנ. ביז איכ האָב זיכ אויסגעקליבנ, שרײַט שוינ אַנטאָניטש ערגעצ ווײַט, אונטערנ סאַמע וואַלד. איכ לויפ נאָכ אימ און קאָנ בעשומויפנ ניט געפינענ אינ דער דעמערונג זײַנ הויכ פוטערנ היטל.

די טײַגע איז פּלוצעמ פאַרשוווּנדנ. איר שוואַרצער פּאָנ איז אוועק אינ טיפע רויענ, און איכ האָב אפ אַ ווײַטנ שיפּוי דערזעענ אַנטאָ־ניטשנ. ער האָט מיכ געוווּפנ צו זיכ מיט זײַנ לאַנגנ שאַרפ. הינטער אימ האָט זיכ געהויבנ אופגאַנגפּלאַמ. כ'האָב זיכ אויסגעגלײַכט מיט אַנ־טאָניטשנ, ווייש אָפּ דעמ נאַסנ שטערנ. אַנטאָניטש האָט מיכ אַרומגע־נומענ באַ די אַקסל, אויסגעשטרעקט די הענט צו דער זונ, האָט לאַנג געקוקט מיר אינ די אויגנ און געפרעגט:

— גוט, סאניע, א?

— גוט, אנטאָניטש.

— אָט אזוי, ליבינקער. ווייס, וויאזוי צו שעצנ חאָס לעבנ.

ער האָט א פארקישעפטער נאָכ לאנג געקוקט אפנ וואלד. דערנאָכ איז ער אונטערגעשפרונגענ אפ די ליזשעס, האָט א דריי געטאָנ די נעזער צומ שארפנ אראָפלאָז אונ איז אוועקגעשפרונגענ, לאָזנדיק נאָכ זיכ שטויביקע פאסנ. איכ לאָז זיכ אראָפ נאָכ אימ אפ זײנ וועג, אונ ס'איז מיר גרינג אויסצומײדנ קוסטעס, שניי־אָפשיטנ, אלטע קלעצלעכ. פאר די אויגנ מיינע אנטאָניטשעס ברייטע פלייצע. די בייגעוודיקײט פונ זײנע הענט גיט זיכ איבער צו מײנע הענט. די צעפאָכונגענ פונ מײנע שטעקנס מאָכ איכ ענלעכ אפ זײנע, אונ ער פליט, קוקט זיכ ניט אומ. ער שטעלט ברייטער די שטעקנס, ווארפט העכער אופ דעמ קאָפ אונ פרווט אויס שטומ־שװײגנדיק מײנ קויעכ.

— כ'וועל זיכ ניט אונטערגעבנ, אנטאָניטש.

אונטנ האָט א דאָרפ מיט רויכ־קאָלאָנעס פונ יאָנטעווראוויונס אונטערגעשפארט דעמ ווײטנ הימל, ווו ס'האָבנ געברענט דרײ זונעס אינ קאראלענע קרוינעג, אונ פונ יעדער זונ האָט זיכ אויסגעצויגנ צו דער טײגע א וועג, א ברייטער אונ א באקוועמער — די גאנצע ערד קאָנ מענ ארופקײקלענ, אלע מענטשנ דורכפירנ.

אנטאָניטש האָט אויסגעטאָנ דאָס פוטערנע היטל. די האָר זײנע רייכערנ זיכ, ער לאָזט ניט אראָפ די אויגנ פונ די דרײ וועגנ אונ שווײגט. איכ בינ דערפרוירנ, דער קאָפ טוט וויי, נאָר ער קוקט אלצ. ער האָט געפאקט מײנ האנט, א צי געטאָנ מיכ צו זיכ, אונ ווארפנדיק קארגע ווערטער, שטיל גענומענ דערמאָנענ זיכ:

— ...אפנ רעכטנ פומ מײנעמ פעלנ דרײ פינגער, אפגעפרוירנ האָב איכ זיי. אינ די קלובעס זיצנ אויב איצטער קוילנ. זיי נאָגנ בעשאס געוויטער. אינ בירגערקריג האָבנ די יאפאָנער צעקלאפט אונדזער פארטיזאנישנ טייל. פונ פערציק קריגסלײט בינ איכ איינער אליינ אופגעשטאנענ אונ בינ אוועקגעגאנגענ אינ דער טײגע אריינ. א וואָכ האָב איכ זיכ געשפײזט מיט ניס אונ קאָרע, רויטע שטענגלעכ געלאָזט נאָכ זיכ... דעמלט האָבנ פונקט אזוי געברענט דרײ זונענ, אונ די וועגנ האָבנ זיכ אפ דער ערד אראָפגעלאָזט.

דער מיראזש האָט זיכ אויסגעלאָשנ. אָנ כיישעק האָט אנטאָניטש אָנגעטוהט דאָס היטל, דערפילט קעלט, א ציטער געטאָנ אונ פויל צעסקריפעט זיכ מיט די ליזשעס צומ דאָרפ־צו.

אָבער שוינ נאָכ דער ערשטער באַגעגעניש מיט די פּויערים איז ער פריילעכ געוואָרנ. ער האָט געפּאַטשט איבערנ פּוטער פונ אַ בערדיקנ פּויער מיט קירגיזישע אויגנ, אינ אַ האָזנעם מאַלאַכיי, אונ האָט הויכ געלאַכט.

יענער האָט מוסערנדיק געדרייט מיטנ קאָפּ, גיכ גיכ גערעדט:

— וואָס איז עס מיט אײַכ, אַנטאָניטש, אַפ דער עלטער אַ ליגנער אויסגעוואַקסנ? ס'פּאַסט ניט, ס'פּאַסט ניט! איר האָט צוגעזאָגט יענעמ זונטיק אַרײַנקומענ אונ האָט זיכ גאָרניט באַוויזנ. איכ האָב האָניק צו־געגרייט, דאָס ווײַב האָט מאַמאַליגע אָפּגעקאָכט. איר האָט וועגנ דעמ שטייענערנעמ מענטשנ טאַקע ניט פאַרענדיקט אונ האָט נאָכ צוגעזאָגט דערציילנ ווהינ גייט אַוועק דער נער־שטײַער. די פּויערים האָבנ קי־מאַט אַ גאַנצנ טאָג געוואַרט, קומט אינ שטוב, קומט, טײַערער.

געקומענ צו לייפנ די לערערנ — זי האָט זיכ אויכ באַליידיקט, וואָס מיר האָבנ איר ניט געבראַכט ניט קיינ לערנביכער, ניט קיינ העפטנ. געקומענ זײַנענ נאָכ אַנדערע באַקאַנטע.

ערשט צו וואַרמעס צו האָבנ מיר זיכ אומגעקערט אינ אונדזער קאָ־מונע.

אינ עסצימער האָב איכ זיכ די לייפנ אָפּגעבריט מיטנ זופּ, געצײַלט וואָס גיכער אינ בעט אַרײַנ: ס'איז אָנגעקומענ די „טויטע שאָ", נאָר איכ בינ נאָכ אַלצ געלעגנ מיט אָפענע אויגנ, געטראַכט וועגנ אַנטאָ־ניטשנ.

ער איז צוגעגאַנגענ שטיל, זיכ אַוועקגעזעצט אַפ מײַנ בעט אונ אויס־געשטרעקט מיר אַ צײַטונג מיט אָפּגעריבענע ווינקלענ, איבערגעלאָזט בא זיכ אַפ די קני אַ גרויענ בלויענ פּאַקעט.

— לייענ, סאַניע.

ס'איז מיר אַ ביזויענ: פאַרהיקענדיק זיכ, צונויפשטעלנ ווערטער פונ אויסיעמ. איכ זאָג זיכ אָפּ מיט אַ שולדיק קאָל, באַהאַלט אויס דאָס פּאָנעמ אינ קיישנ:

— איכ האָב פאַרגעסנ, אַנטאָניטש.

ער נעמט די צײַטונג, בייגט זיכ אָנ צו מײַנ אויער אונ לייענט פּאַמעלעכ:

„דעמ 12־טנ אָקטיאַבער האָבנ פאַרבײַפאָרנדיקע פּויערים געפונענ צווישנ די סטאַנציעס וואָלטשי לאָג אונ לעסנאַיאַ אַ טויטנ קערפּער פונ אַ מאַנצבל. ס'איז פעסטגעשטעלט, אַז מע האָט אימ דערלאַנגט אַ כײַ־ישנ קלאַפּ אינ פּלייצע. דאָס מעסער איז אַרײַנ אינ ברוסט אַרײַנ אונ

געבליבנ אינ דער ווּנד. אפנ בייג פונעמ הענטל איז אויסגעקריצט א צונאָמענ „הייליקער".

די זעלבע נאַכט האָט מענ צווישנ די דאָזיקע צוויי סטאַנציעס אינ קופּע פונ אינטערנאַציאָנאַלנ וואַגאָנ אינעמ ווײַטמיזרעכדיקנ עקספּרעס באַרויבט צוויי אויסלענדער, אפ א גרויסער סומע אינ וואַליוטע. די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט א פאַרבינדונג צווישנ די דאָזיקע צוויי געשעענישנ. די באַנדיטנ האָבנ צווישנ זיכ ניט געקאָנט צעטיילנ די רויב, אונ איינער פונ זיי האָט דערפאַר באַצאָלט מיטנ לעבנ".

דאָס שטילע קאָל רעדט אזוי ווי פריִער.

— אָט אינעמ דאָזיקנ פּאַקעט ליגט יענע געלט. מע האָט עס בא דיר געפונענ. טראָג עס אוועק אפ דער פּאָטשט, שיק אָפּ לויטנ אָנגעשריבענעמ אדרעס אונ פאַרשפּעטיק ניט צומ טיי אונ צומ שאָכ. דו הערסט?

איכ האָב גענומענ דעמ פּאַקעט. ער איז א גרויסער, ציט מיר אראָפּ די הענט.

— איכ הער, אנטאָניטש, איכ הער.



דורכ טײַגע־שטעגעלעכ, דורכ גרויסנ סיבירער שליאַכ אײַל איכ צו דער סטאַנציע. אינעמ שנעלנ פלי פונ די ליזשעס וויל איכ פאַרלירנ דעמ זייכער פונ דער באַגעגעניש מיטנ פליגלדיקנ, פאַרגעסנ די אָפּגעריבענע ווינקלענ פונ דער צײַטונג, דאָס ביינערדיקע הענטל פונעמ מעסער.

הײַנט האָט אנטאָניטש אײַנגעאָרדנט מיר א באַגעגעניש מיט מײַנ נעכטיקנ לעבנ. צוליב וואָס האָט ער עס געטאָנ? די רוישיקע צעדערביימער טרייסלענ מיט זייערע צווײַגנ אפנ פראָסט, אונ איכ דערהער ווערטער: „דו הערסט, סאַניע?". וועווערקלעכ וואַרפנ נימ איינער דעמ אנדערנ אונ קלאַפּנ אינ די שטאַמענ: „דו הערסט, סאַניע?" די ליזשעס צעקוועטשנ דעמ שניי אונ קוויטשענ: „דו הערסט, סאַניע?".

דער בלויער פּאַקעט אונטער מײַנ סוויטער בריט, שטערט מיר באַוועגנ זיכ.

אפ דער סטאַנציע האָב איכ א גאַנצנ טאָג אַרומגעשפּאַנט אונטערנ פענצטער פונ דער פּאָטשט. ס'איז מיר ניט געפעלנ געוואָרנ דער טשינאָווניק הינטער דער גראַטע, מיט די וואַסערדיקע אויגנ אונ אָנ פּאָדערשטע ציינ. איכ האָב געוואַרט, אז עמעצער אנ אנדערער זאָל אימ

פארבײַטן, נאָר איך האָב זיך ניט דערוואָרט. איך לויף אַרום איבערן שמאָלן קאָרידאָרל, ס'גלוסט זיך מיר א קוק טאָן, בלויז א קוק טאָן אָפן פרעמדן געלט. איך האָב שוין אַרויסגענומען דעם פּאַקעט, אָפּגעריסן און אונטערגענעצט ווינקעלע, אָנגעטאַפּט האַרטע און נײַע פּאַפּירלעך, נאָר פּלוצעם האָט עמעצער מיר א שמעטשע געטאָן גלײַך אין אויער אַרײַן.

— דו הערסט, סאָניע?

כ'האָב זיך דערמאָנט אָן דער קאָמונע, אָן אַנטאָניטשעס אויגן, אָנעם וועקשטעטל און אָנעם ניט פאַרענדיקטן וואָליקל אָפּ אים.

איך בין צוגעלאָפן צו דער גראַטע, האָב א שלײַדער געטאָן דעם צײַנלאָזן קאָנטאָרשטשיק דעם פּאַקעט, ווי מע גיט א וואָרף הייסע קוילן.

ערגעץ נאָענט האָט א הילך געטאָן א לאָקאָמאָטיוו־פֿײַף, קנאַקנדיק, פאַנאַנדערוואַרפנדיק פֿונקען, איז לעבן פענצטער, בײַסלעכווײַז שטילער ווערנדיק דורכגעלאָפן א פּאַסאַזשיר־צוג און איז פאַרגליווערט געוואָרן. האָט שניי־ווײַכער א זעץ געטאָן אין די אויגן אַרײַן, דער קאָפּ האָט זיך פאַרדרייט. מעגלעך, אין אָט דעם צוג וואָלט איך אַוועקגעפאָרן צום טראָפּישן באַטום רײַסן די הויט פֿון די מאַנדאַרינען, טרינקען דופּטיקן זאַפט. איך האָב א געשריי געטאָן צום צײַנלאָזן קאָנטאָרשטשיק, וואָס דרעמלט באַם טיש, ער זאָל מיר גיכער אומקערן דעם פּאַקעט. מײַנע אויגן האָבן פאַרכידעשט א קוק געטאָן אָפּ מיר. דער קאָנטאָרשטשיק האָט פאַרשטעלט די אויערן, וואַרטנדיק, ס'זאָל אַנשווייגן ווערן דער קוויטשיקער לאָקאָמאָטיוו־הודאָק און האָט מיר אויסגעשטרעקט א גרוי שטיקל קוויטאַנציע.

# פערצעטער קאַפּיטל

דער געשטופּלטער פּעטקע פּלעגט מיר דאָס לעבן פאַרסאַמען.

זײַן וועקשטעטל שטייט אָפּ פינף מעטער די ווײַט פֿון מײַנעם. פֿון דאָרטן באַווײַזט ער אָפּט זײַנע געלע ציין, שמעטשעט עפּעס די באַוויירים אין די אויערן אַרײַן. אַז ער גייט דורך לעבן מיר, פאַרזשמורעט ער די אייגלעך זײַנע, וואָס זעען אויס ווי מיִעסע שטופּעלקעלעך.

אין טאָקער־וואַרשטאַט געפינט זיך בײַ יעדערן איבערן וועקשטעטל אין א קליין שופלעדל — א גראָבער בוך אין א שוואַרצן לעדערנעם

אײַנבונד. אינ דעמ דאָזיקנ בוכ פאַרשרײַבט אַנטאָניטש אַלע װאָכ אַקו־
ראַט, װאָס מיר האָבנ אָפּגעטאָנ פאַר די װעקס אַרבעטסטעג. דער דאָזיקער
בוכ האָט מיר פאַרשאַפט אַ סאַכ גליקלעכע מינוטנ. נאָכ דער אַרבעט
נעמ איכ אימ ביגנײַװע צו זיכ אינ צימער אַרײַנ, קערעװע זיכ אָפּ פונ
די כעװרע אונ לײענ, װאָס אַנטאָניטש האָט פאַרשריבנ, פאַרשטײט זיכ,
פאַרשריבנ איז בײַ מיר װײניקער װי בײַ די איבעריקע, װאָס אַרבעטנ
שוינ לאַנג אינ דער קאָמונע. אָבער פונדעסטװעגנ זײַנענ דאָרט פאַר=
שריבנ אי „װוטולקעס" אי רינגענ אי װאַליקעס אי מופטעס, אי אינ־
זשעקטער־טײלנ, אי שרײַפעלעכ — אונ דאָס אַלצ האָב איכ אַלײנ גע־
מאַכט. איכ קוק אָפ די הענט מײַנע אונ גלײב ניט, אַז דאָס האָבנ זײ
אויסגעפײַלט אַזעלכע זאַכנ. בעסאָד־סוידעס שטאָלציר איכ מיט מײַנע
פינגער. אונ אָט פונעמ דאָזיקנ בוכ טאַקע האָט דער געשטופלטער פעט־
קע געפרוּװט כויזעק מאַכנ. ער איז צוגעגאַנגענ צו מײַנ שופלאָד, אָנ
שום צערעמאָניעס אַרויסגענומענ דאָס שװאַרצע ביכל אונ פרעכ בלע־
טערנדיק דאָס ביכל אָנגעהויבנ אונטערװינקענ אונ כיכיקענ.

— רײנינקע בלעטעלעכ, סאָניע...

ער איז אָפּגעגאַנגענ אָנ אַ זײַט אַרײַנ, האָט אַ שפײַ געטאָנ. איכ
האָב אימ באַגלײט מיט די אויגנ ביזנ װערקשטעל, זיכ אײַנגעקוקט אינ
די קורצע אונ גראָבע פיס, אינ דער האָרבאַטער פלײצע, אינ די קרו־
מע הענט, אונ דערפילט, אַז איכ האָב אימ פײַנט געקראָגנ אַפנ גאַנצנ
לעבנ. איכ האָב זיכ געשװאָרנ אָפּצאָלנ אימ פאַר דער באַלײדיקונג.

שוינ עטלעכע טעג האָב איכ געװאַרט אַפ אַ פּאַסיקנ צופאַל, קעדײ
קענענ פּעטקענ פּאַקנ אינ אַ פינצטערנ װינקל, אים די ריפנ אַ צײל
טאָנ. סאָפּ־קאָלסאָפּ האָב איכ אים געפּאַקט אינ סקלאַד. ער האָט ניט
באַװיזנ אַ געשרײ צו טאָנ, װי איכ האָב שוינ אַרופגעװאָרפנ אַפ זײַנ
קאָפּ דאָס רעקל, שטאַרק פאַרדרײט עס אונ מיט אַ דרײצאָליקער הײַקע
גענומענ זעצנ אינ האַלדז אַרײַנ, אַ ביסל נידעריקער פונ דער פּאָטיליצע.

אָפּדערנאָכט איז אינ רויטנ װינקל געװענ אַ פאַרזאַמלונג. דער
ראַט פונ דער קאָמונע האָט אַרויסגעטראָגנ מײַנ טאַט אַפנ אַלגעמײנעמ
געריכט. פונעמ רויטנ װינקל האָט מענ אַרויסגעטראָגנ אַלע בענק, ס'זאָל
קאָנענ װאָס מער אוילעמ אַרײַנ. שטײַפ צונויפגעפּרעסט שטײענ די קאָ=
מונאַרנ. בײַ דער טיר שטופנ זיכ נאָכ אונ נאָכ.

פאַרזיצער איז באָרים. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָנ מיטנ בלײַער איבער
דער גלאָז, האָט צוגעװאַרט ביז דאָס רויטע װינקל איז אַנשװײַגנ גע־
װאָרנ אונ האָט אָנגעהויבנ:

— הײַנט האָט סאַנקע אינ אַ פינצטערנ סקלאַד־ווינקל צענערעקט פעטקענ ביז בלוט. מאָרגנ וועט ער פאַרטראַכטנ נויקעמ צו זײַנ זיכ אינ איינעמ פונ אונדז אונ וועט באַנאַכט מיט אַ שליסל אימ דעמ קאָפ לעכערנ. וועלנ מיר אַזוי ווי פרײַערס וואַרטנ אַפ אונדזער ריי, יאָ? מע דאַרפ אימ מישפעטנ...

די קאָמונע שווײַגט פאַרלוירנ. ס'הערט זיכ, ווי אַנטאָניטשעס געללעדערנ רעקל סקריפעט, ער געפינט זיכ ערגעצ ווײַט צווישנ די הינטערשטע רייענ.

דער ערשטער צעשטערט די שטילקײַט דער געשטופלטער פעטקע. ער פרווט זיכ אַרופקריכנ אַפ דער סצענע, נאָר די פאַרבונדענע האַנט אונ די קורצע פיס לאָזנ ניט. מיט אַ זײַט האָט ער זיכ אַריבערגעוואַלגערט אַריבערנ באַריער, זיכ צעדריגעט מיט די פיס. די ערשטע רייענ האָבנ אַ שפריצ געטאָנ מיט געלעכטער, די צווייטע האָבנ אונטערגעכאַפט אונ פונ ווענטל צו ווענטל האָט זיכ די גאַנצע קאָמונע צעלאַכט.

פעטקע איז געשטאַנענ אַפ דער סצענע, צורעכט געמאַכט זיכ די באַנדאַזשנ אונ נאַריש געלאַכט. ער האָט אָנגעהויבנ ריידנ, נאָר די קאָמונע האָט שוינ אָנגעווירנ איר פריִערדיקע ערנסטקײַט.

— איז אָט, הייסט עס, זאָג איכ, — האָט פעטקע אָנגעהויבנ, — סאַנקע איז געקומענ צו אונדז ערשט ניט לאַנג אונ וויל ווערנ אַ קנאַקער אינ דער קאָמונע. די הענט צעלאָזט ער, דאָס לעבנ אונדזערס מאַכט ער קאַליע. אַז ער האָט מיכ געשלאָגנ, האָט ער זיכ באַרימט, אַז די גאַנצע קאָמונע וועט ער אויסקוילענ.

דער געשטופלטער איז צוריק אַרײַנגעשפרונגענ אינ האַמויִנ אַרײַנ. גערעדט האָבנ אויכ אַנדערע.

איכ האָב זיכ פאַרענטפערט. נאָכ מיר איז אַרויסגעטראָטנ אַנטאָניטש.

באָריס האָט רעזיומירט:

— כעווירע, אונ דאָכ איז סאַנקע ניט גערעכט. מע דאַרפ פאַרגעסנ די בלאַטישע שטיק. דער ראַט פונ דער קאָמונע לייגט פאָר אַרויסטראָגנ אימ אַנ אויסרייד צומ ערשטנ מאָל, אויב ס'וועט זיכ איבערכאַזערנ — אָנעמענ האַרבע מיטלענ.

באַנאַכט איז באָריס אַרונטערגעקראָכנ אונטער מײַנ קאָלדרע אונ האָט געשעפטשעט:

— דו זײַ ניט באַרויגעז, סאַניע, ביסט דאָכ זייער שולדיק פאַר דער קאָמונע.

— איכ בינ ניט באַרויגעז, באַריע.

מיר האָבנ געזינדיקט קעגנ די קלאַלימ פונ דער קאָמונע: זײַנענ אײַנשלאָפנ געוואָרנ אַפ אײנ בעט, געשמועסט ביז גאַנצ פרי.



איכ בינ געקומענ פונ וואַרשטאַט, קוימ שלעפנדיק אַפ די טרעפ די טשוהונענע פיס. דער קאָפ האָט זיכ געדרייט. איכ בינ קוימ־קוימ דערקראָכנ צומ בעט. פונ טײַ אונ פונ וועטשערע האָב איכ זיכ אָפגעזאָגט. איכ האָב זיכ געײַלט צומאַכנ די אויגנ, ניט קוקנ אַפ די הויכע ווענט, אַפ מײַנע שכײנימ, אַפ דער גאַנצער קאָמונע. דאָס אַלצ — ניט מאַכמעס קרענק, נאָר מאַכמעס פאַרדראָס.

דער פאַרדראָס האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט אַ וואָכ צוריק. אַנטאָניטש האָט מיר מיט פעטקענ געגעבנ אַנ עקסטרע אַרבעט: אַרומפײַלנ איינזשעקטער־„סטויקעס" פאַר דער דעפאָ. ער האָט עס אונדז געגעבנ אונ אַ זאָג געטאָנ: „קוועטשט אָנ, כעווּרע". די אַרבעט איז געווענ אַ לײַכטע, דער שניצער האָט פאַרדרייט די קופערנע סטרוזשקע, אַזוי ווי סאַמעט, אינ גאָלדענע קוטשערנ. צומ סאָפ טאָג האָב איכ אַרומגעשלײַפט 8 „סטויקעס". איכ האָב שוינ געוואַשנ די הענט, ווענ פעטקע האָט אַ געשריי געטאָנ איבערנ גאַנצנ וואַרשטאַט צו אַנטאָניטשעס קאָנטאָרקע:

— אַנטאָניטש, נעמ צו 12 סטויקעס!

איכ האָב פאַרגעסנ צו פאַרמאַכנ דעמ וואַסער־באַק אונ האָב זיכ געלאָזט לויפנ צו פעטקעס ווערקשטעל. טאַקע, עמעס, ס'זײַנענ דאָרט געלעגנ 12 סטויקעס, ווי פונ גאָלד אויסגעגאָסנ.

אַפ מאָרגנ בינ איכ געקומענ אינ וואַרשטאַט אַרײַנ נאָכ פאַרנ קלונג. צורעכט געמאַכט די שניצערס, באַשמירט אונ אויסגעפרוווט דעמ ווערקשטעל. אַז מע האָט אַ לאָז געטאָנ דעמ מאָטאָר איז בא מיר אַלצ שוינ געווענ אינ פולנ גאַנג. איכ האָב צוגעפירט דעמ סופאָרט, אײַנגעשלאָסנ דעמ אויטאָמאַט. דער שניצער האָט אַ נעמ געטאָנ די ערשטע סטרוזשקע. איכ האָב טריומפירנדיק אַ טראַכט געטאָנ:

— נו, פעטיע, מירנ זענ, ווער עס וועט זיכ הײַנט פאַר אַנטאָניטשנ באַרימענ.

דער טאָג האָט זיכ געענדיקט. בא מיר זײַנענ פאַרטיק געווענ נאָר 10 סטויקעס, אונ פעטקע האָט געגעבנ 13.

איכ האָב אויפגעהערט אַוועקצוגיינ פונעמ וואַרשטאַט. איבערבײַסנ, וואַרעמעס פלעג איכ עסנ אַפדערגיכ, אָבער פעטקענ האָב איכ אַלצ ניט

דעריאָגט. קאָלקע האָט זיכ גענומענ העלפנ מיר. אלע בעוורע האָבנ מיטגעפילט. אומזיסט אונ אומנישט. ס'באקומט זיכ גאָרניט. פעטקע גייט דער ערשטער. היינט פרעמירט מענ איס אינ רויטנ ווינקל. אלע זיינענ אוועקגעגאנגענ אפנ אָוונט, אונ איכ בינ געבליבנ איינער אליינ אינ צימער. כ'האָב פארלאָשנ דאָס ליכט, קוק אינ פענצטער ארייג.

די טייגע האָט אופגעלעבט, איז געדיכטער אונ באשאָטנט געוואָרנ. די הויכע צעדערביימער האָבנ אומגעדולדיק גערוישט. אונטער זייערע וואָרצלענ איז פינצטער אונ יצוציִענדיק. אונ ווי איז איצטער אינ כוכום, אינ וולאדיוואָסטאָק? ס'וואָלט גוט געווענ א רייכער טוג אנאשע, א שמעק טאָג קאָקאינ.

אונ דאָרט אינ דאָרפ — רויכפערעמלעכ פונ די קוימענס. עפשער קאָכט מענ עס סאמאָהאָנ? ס'האָט זיכ פארגלוסט א זשליאָקע טאָנ.

האָב איכ פארטראכט דורכ דער פינצטערניש דורכגאנווענג זיכ אינ דאָרפ ארייג. אז כ'בינ אָפגעשפרונגענ פונעם פענצטער, האָב איכ זיכ באגעגנט מיט אנטאָניטשנ.

— וואָס איז מיט דיר, סאניע?

איכ האָב געציטערט אונ גאָרניט גיט געקאָנט ענטפערנ. אנטאָניטש האָט מיכ אנ אָפגעשוואכטנ אוועקגעפירט אינ רויטנ ווינקל ארייג אונ איז א גאנצנ אפדערנאכט ניט אָפגעטראָטנ פונ מיר.

אינדערפרי האָט אנטאָניטש זיכ אוועקגעשטעלט לעבנ מיר, לעבנ ווערקשטעל אונ האָט א גאנצנ טאָג נאָכגעשפירט נאָכ מיינע הענט, געריכט דעם שניצער, געהאָלפנ רעגולירנ דעם אווטאָמאט.

אפ א טאָג דריי האָט ער פארגעסנ דעם גאנצנ וואָרשטאט, בלויז מיט מיר זיכ פארנומענ.

אינ צוויי וואָכנ ארום האָב איכ אָנגעהויבנ איבערגעבנ אנטאָניטשנ 15 אינזשעקטער-„סטויקעס", אונ פעטקע איז געבליבנ שטיינ בא 13. אנטאָניטש האָט געקוקט אפ מיר מיט ווייכע אויגנ אונ האָט גלאט אינ דער וועלט ארייג געפינטלט. איכ האָב זיכ א צי געטאָנ צו זיינ אויער אונ א שעפטשע געטאָנ, מע זאָל אראָפנעמענ פונ מיינ ווערקשטעל דאָס שילדל, אפ וועלכנ ס'איז מיט בוילעטע אויסיִעס אָפגעדרוקט:

„אויב דו ביסט מיד געוואָרנ, גיי אינ רויטנ ווינקל ארייג, זיצ א ביסל אינ ווייכנ שטול, לייענ א ביסל, רו אָפ".

אראָפגענומענ האָט דאָס שילדל דער ראַט פונ דער קאָמונע. אלע הונדערט דרייסיק געוועזענע פארוואָרלאָזטע האָבנ געקוקט, ווי עס

האָט זיך געבויגן דאָס בלעך פונעם שילדל, ווי עס האָט זיך איינגעשפּאַרט געטשעפּעט פאַרן פאַרזשאַווערטן טשוואָק־היטעלע.



די קאָמונע האָט געפּייערט איר דרייאָריקן יוביליי. מיר האָבן אָנגעריבן די דילן, האָבן אין אַלע ווינקלען זיך געיאָגט נאָכן שפּינוועבס, האָבן געביטן די פאָרהענגלעך, דאָס בעטגעוואַנט, אַנטאָניטש האָט זיין לעדער־רעקל גלאַנציק געמאַכט, אַזוי ווי אַ שפּיגל. ער האָט אונטערגעשאָרן די וואָנצעס, איז געוואָרן נאָך ניער און ריינער. אינעם רויטן ווינקל האָט מען אַלע ווענט פאַרקלעפּט מיט פּלאַקאַטן, דיאַגראַמעס און פאָטאָגראַפיעס פון אונדזער קאָמונע־לעבן, איבער דער גאַנצער וואַנט האָט מען אויסגעצויגן אַ העל־רויטע סטענגע מיט גילדענע אויסיעס:

„אַ הייסן גרוס די געליבטע שעפן“.

זיינען געקומען צו פאָרן אויפן יאָנטעוו אונדזערע שעפן — די אייזנבאַנער פון דער סטאַנציע וואָלטשי לאָג. זיי האָבן געבראַכט מאַטאָנעס און זיך געגרייט באַקומען מאַטאָנעס פון אונדז. די קאָמונע האָט זיי געשאָנקען אירע זיכרוינעס. דער ראַט האָט אויסגעטיילט 5 קאַנדידאַטן, אַ פאַרזאַמלונג האָט זיי באַהאַנדלט און באַשטעטיקט. אַפּדערנאַכט וועט מען פייערלעך איבערגעבן די געוועזענע פאַרברעכער.

אויף דער פייערלעכער זיצונג בין איך פאָרזיצער, אַלס ניער היפּט פונעם קאָמונע־ראַט. מע האָט מיך אויסגעקליבן איינשטימיק אויף די איבערוואַלן, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג פאָרגעקומען. נאָך אַנטאָניטשעס פאָרטראָג דאַרף איך ריידן. נאָר איך בין צעטומלט, ווייס ניט פון וואָס אָנצוהייבן. איך האָב באַדאַרפט איבערלייענען אויפן קאָל דאָס צעטל פון די יאָטן, וואָס טרעטן אַריין אין נייעם לעבן אַריין. און אין נאָמען פונעם ראַט רעקאָמענדירן זיי פאַר מיטגלידער פון קאָמיון. אַז איך האָב אַ קוק געטאָן אין פּאַפּיר אַריין, האָב איך דאָרט דערזען אויף דער ערשטער שורע מיין פאַמיליע אָנגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס. איך שווייג און די פאַרזאַמלונג וואַרט זשעדנע און שטיל אויף מיין וואָרט.

אַנטאָניטש האָט גענומען דעם צעטל פון מיינע הענט, איז צוגעגאַנגען צום סאַמע ברעג סצענע, האָט אַ שטעל געטאָן די פיס אויף דעם באַריער און האָט איבערגעלייענט:

„אַלעקסאַנדער גאַלאַד — א טאָקער פונ דער 6=טער קאַטעגאָריע, נאָר וויל זיכ לערנענ אַפ מאַשיניסט.

באָריס קודעליע — א טאָקער, וויל אויכ ווערנ א מאַשיניסט.

ניקאָלײַ דובראָוו — א זעלבשטענדיקער טאָקער.

איוואַנ זאָלאָטוכינ — א שלאָסער א מײַסטער, וויל ווערנ א לע=קאַלשטשיק.

פיאָטער מאַרקושינ — א טאָקער“.

ער האָט געשוויגנ א ביסל, צונויפגעוויקלט דעמ צעטל אינ א טרײַבעלע, דערנאָכ האָט ער אופגעהויבנ דעמ קאָפ. די אויגנ זײַנענ בא אימ געווענ טרוקנ. די ליפנ זעט מענ ניט ארויס, די באַקנ זײַנענ שטיינערנע. אפילע די וואָנצעס זײַנענ שוואַרצ געוואָרנ. דאָס קאָל איז פאַרגרעבט געוואָרנ און האָט געקלונגענ שטרענג, פאָדערנדיק:

— שפאַנט, כעוורע, מיט פעסטע פיס, קוקט, ווי סע דאַרפ צו זײַנ אַראָפ=צו, אונ אונדז פאַרגעדענקט שטאַרק. איר האָט זיכ אליינ אויסגעבאָוועט אינ דער קאָמונע, זיכ דערצויגנ. איר וועט קיינ מאָסקווע, קיינ טאַשקענט אַוועקפאָרנ, אינ דעפאָ פאַרבלײַבנ — אומעטומ טראַכט, אַז איר זײַט אינ דער קאָמונע, ווערט ניט קײַנ אַנ אַנדער כאַראַקטער.

ער האָט זיכ אויסגעקערעוועט צומ פרעזידיומ-טיש, איז צוגעגאַנגענ צו מיר אונ האָט א זאָג געגעבנ:

— אונ דו, סאַניע, זײַ א גוטער מאַשיניסט, א גוטער, סאַניע.

מיר האָבנ זיכ שטאַרק אַרומגענומענ. די פאַפירנ פונעמ טיש זײַנענ זיכ צעפלויגנ אַזוי ווי שניי, א גלאָז האָט זיכ צעשאָטנ איבערנ דיל, איכ פיל לעבנ מײַנע אויגנ, אַפ די באַקנ, אַפ די ליפנ טאַבעק=וואָנצעס, אונ דעמ גאַנצנ קאָפ פאַרגיסט וואַרעמקײַט, וואָס האָט זיכ אופגעהויבנ פונ אונטנ, פונעמ סאַמע האַרצ.

אַנטאָניטש האָט זיכ אויסגעגלײַכט, טריקנט אויס מיטנ טיכעלע די באַקנ אונ רעדט:

— א שאָד דיכ אָפצולאָזנ, סאַניע. מיר האָבנ טײַער באַצאָלט פאַר דיר, נו, אָפגערעדט. גיי, גיי, סאַניע. קעמפ זיכ אויס דאָס לעבנ. אונ איר, טײַערע שעפנ, נעמט אופ אונדזער מאַטאַנע אונ טראָגט דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעכקײַט. די גאַנצע קאָמונע רעקאָמענדירט זיי אינ קאָמיוג ארײַנ.

לאָבנ דאַרפ מענ, פרייענ זיכ, די שעפנ זײַנענ מיט אַנ אָרקעסטער געקומענ. דער קופער אַפ די אינסטרומענטנ ברענט, זאָגט צו פרייטלעכקײַט אינעמ דופטיקנ אווגוסט-גאָרטנ, אונ מיר ווײנענ.

פלוצעמ האָט זיכ מיט א רויש צעעפנט די טיר. דורכנ גאנצנ זאל שפאנט מיט היפשע טריט א הויכער בערדיקער מאנצבל. פונ דער רעקל־קעשענע האָט אראָפגעהאנגענ דעמ שווערנ קאָפ א זאנג.

דער מאנצבל האָט אויסגעשטרעקט די הענט אונ האָט א געשריי געגעבנ:

— אנטאָניטש, ראטעווע ארויס, טײַערער.

מע האָט זיכ אפ אימ צעשריִענ: שטילער! ער האָט זיכ ארומגע־קוקט אונ האָט ערשט איצטער באמערקט, אז דאָס רויטע ווינקל איז איבערגעפילט. דער מענטש האָט זיכ א שטעל געטאָנ אפ די שפיצ פינגער אונ האָט עפעס גענומענ שעפטשענ אנטאָניטשנ אפנ אויער. אינ עטלעכע מינוט ארומ האָט זיכ אנטאָניטש געווענדט צו אונדז:

— כעוורע, דער פאָרזיצער פונ אונדזער קאָלווירט זאָגט, אז ס'איז בא זיי קאליע געוואָרנ די דרעשלקע: ס'האָט זיכ צעבראָכנ א וואליקל. די קאָלווירטניקעס בעטנ, מע זאָל באנאכט אויסשלײַפנ פאר זיי א נײַעמ.

אלע ווארטנ, שפירנ נאָכ נאָכ אנטאָניטשעס אויגנ. אנטאָניטשעס אויגנ נישטערנ איבערנ זאל אונ שטעלנ זיכ אָפ אפ יעדנ קאָמונאר, ווי זיי וואָלטנ געזוכט וואָס פאר א דרייסטער כעווערמאנ וועט זיכ נע־מענ פאר דער האָזיקער פאראנטוואָרטלעכער דעטאל, וועלכע מע גיסט שטענדיק אויס אינ די גוס־צעכנ. ער האָט פאמעלעכ באטראכט אלע רייענ, זיכ אויסגעקערעוועט אונ אָפגעשטעלט די אויגנ אפ מיר. איכ האָב פארשטאנענ אונ דאָס פאָנעמ האָט זיכ בא מיר אָנגעצונדנ. האָט אנטאָניטש אראָפגעלאָזנ דעמ קאָפ, א פרעג געטאָנ:

— נו, סאניע, דו וועסט פארטיק מאכנ עס?, זאָג.

איכ הייב ניט אופ דעמ קאָפ. איכ קווענקל זיכ ניט. ניינ, איכ דערמאָנ זיכ די פוילע רויענ, לעוואָנענ, דעמ פליגלדיקנ, דעמ בלײַענ פאקעט, מײַנע פוילנדיקע אויגנ, די טשעריקעס אפנ קאָפ, דאָס בײַסע־ניש אפ די הענט. דער שטאָלצ האָט בא מיר דאָס לאָשנ אָפגענומענ, לאָזט מיר ניט ענטפערנ טייקעפ, אונ ווייסנ ווייס איכ, אז אינ זאל זיצנ טאָקערס, טעסלער, סטאָליערס, שוסטער, מוזיקאנטנ אונ אלע ווארטנ אפנ ענטפער. איכ האָב אופגעהויבנ דעמ קאָפ אונ האָב אויס־געשטרעקט די האנט צו דעמ מאטעריאל.

איכ בינ אוועקגעגאנגענ אינ װארשטאט ארײַנ, צוגעדריקט דעמ הייסנ שטערנ צומ ווערקשטעל. א גאנצע נאכט אונ דעמ פרימאָרגנ האָב איכ זיכ געבויגנ איבער דער צייכענונג, ביז טרערנ פאנאנדער־

געריכט די אויגנ, קעדיי ניט דורכצולאָזנ, ניט אראָפּצושניצנ דינע
אויסבייג אפנ וואַל, וואָס איז דינ אַזוי ווי א שאָטנ. דער פּאַטראָנ
האָט זיכ צענ מאָל אינ א מינוט איבערגעדרייט, עס האָט געהודעט
דער מאָטאָר אונ זײַנ רויש האָט זיכ צונויפגעגאָסנ מיט דער לעצטער
ליד פונ די קאָמונאַרנ אונ פּלוצעמ האָב איכ קלאָר דערפילט, קלאָר,
בוילעט, אַז איכ האָב פײַנט מײַנ פאַרגאַנגענהײַט אונ אַז מײַנ הײַנ־
טיקער טאָג איז ניט קיינ מײַסע, נאָר עמעס לעבנ, אויסגעצייכנט
לעבנ. פונ אופגערודערטקײַט האָב איכ אָפּגעשטעלט דעמ ווערקשטעל,
בינ צוגעלאָפנ צו דער טיר, צעפּראַלט זי, א שלינג־אײַנ געטאָנ די
באַגינענ־לופט אונ א געשריי געטאָנ אינ דער טײַגע אַרײַנ, אַהינ, וווּ
אָט נאָרוואָס איז די ליד אנשוויגנ געוואָרנ:

— גוט צו לעבנ, גוט צו לעבנ, כעוורע!



די גאַנצע נאַכט פאַרנ אַוועקפאָרנ בינ איכ ניט געשלאָפנ. איכ
האָב זיכ געדרייט אונטער די הייסע לײַלעכער אונ האָב געטראַכט:
וואָס גרייט פאַר מיר די צוקונפט: באַגינענ האָב איכ זיכ א ביסל
פאַרגעסנ, — אָבער טייקעפ מיט שרעק אופגעשפּרונגענ. איכ האָב
זיכ דערמאָנט, אַז אַפּדערנאַכט וועלנ מיכ די שעפנ אַוועקפירנ. האָט
אינ מיר עפּעס נאָגנ אָנגעהויבנ. דער צימער האָט בא מיר איצט
אויסגעזענ הויכ ווי דער זומערדיקער הימל. די בעטנ אינעמ צאַרט־
ראָזנ נעפּל, דאָס כראָפּעניש פונ די יאַטנ — אַלצ איז אייגנס אונ
טײַערס. איכ האָב שנעל, שנעל דורכגעשפּאַנט דעמ צימער, א צערטל
נעטאָנ אַלע ווינקלענ אונ זאַכנ, דערנאָכ האָב איכ זיכ אַוועקגעלאָזט
געזעגענענ זיכ מיטנ ווײַסנ הויז. כ'האָב אַרײַנגעקוקט אינעמ רויטנ
ווינקל. אפ די שטיינערנע טרעפּ האָב איכ אַרומגענומענ דעמ ווײַסנ
קאָפּ פונעמ לײַב, געקוקט צוזאַמענ מיט אימ אפנ אופגאַנג־פלאַמ,
וואָס הינטערנ שוואַרצנ טײַגע־וואָלקנ אונ האָב זיכ דערמאָנט, וויאַזוי
איכ האָב אַמאָל דערציילט דעמ לייב אפנ אויער וועגנ דעמ „היי־
ליקנס" וווּנדערלעכע העלדנ־טאַטנ, וועגנ זײַנ אומעט אינעמ ווײַסנ
הויז.

אַנטאָניטש האָט מיכ געפונענ לעבנ די לייבנ. ער האָט גרינג,
גרינג מיכ אָנגערירט בא אַנ אַקסל.

— נו, סאָניע, קומ. לאָמיר א קוק טאָנ, צי האָב איכ אַלצ צו־
נויפגעלייגט.

אנטאָניטש האָט צונויפגעזאמלט די גאנצע וועש מײַנע, ארײַנ־געלייגט אינ א טשעמאָדאנ. די לײַלעכער אונ די קאָלדרע פונ קעמל־וואָל האָט ער צונויפגעצויגנ מיט שטײַפע רימענס. פונ זײַנ ביבליאָ־טעק האָט ער ארויסגענומענ ביכער אונ א שווער בינטל מיר אוועקגע־שענקט. א שווארצנ בוכ אינ א לעדערנעמ אײַנבונד האָט ער געהאלטנ אינ די הענט, ער האָט מיר אויסגעשטרעקט דעמ בוכ אונ שטרענג א זאָג געטאָנ, צעציִענדיק יעדעס וואָרט:

— פארשרײַב איצט אליינ אונ גיב אכטונג, אז יענע אויסיִעס זאָלנ ניט פארשעמענ דײַנע קאָמונע־איניאָנימ. דאָס שטאָלצע פאר־שרײַב, סאניע, דאָס ווערטפולע.

איכ האָב זיכ ארומגעקוקט, געזעגנט זיכ מיט אנטאָניטשעס צימער. דאָ, אינ אָט דעמ שטול, פלעגט ער זיצנ אונ דערציילנ, וויִאזוי ער האָט אָרגאניזירט דעמ אופשטאנד אפ זײַנ זאוואָד, וויִאזוי ער האָט געפארטיזאנעוועט אינ סיביר, וויִאזוי ער האָט אָרגאניזירט די אר־בעט־קאָמונע. דאָרטנ לעבנ פענצטער זײַנענ מיר געשטאנענ איינמאָל אפדערנאכט. ער האָט געזאָגט:

— ווייסטו, סאניע, די טײַגע איז א שווארצע, אפ געדיכטער סמאָלע איז זי ענלעכ. דו האָב קיינ מוירע ניט פאר דער דאָזיקער פינצטערניש. א קאפעטשקעלע ווײַטער, א ביסל העכער די אויגנ — זעסט — א פײַל א בלויע. דו קוק זיכ שארפער אײַנ, וועסטו דערזענ, עס איז באגינענ־פלאמ.

איכ האָב דעמלט ניט פארשטאנענ די דאָזיקע סוידעסדיקע ווער־טער. ניט צוליב איינ טאָג האָט ער זי געזאָגט. אינ עטלעכע יאָר ארומ, אינעמ אוראלער סטעפ, צופוסנס דעמ בארג מאגניטנאיא, האָב איכ פארשטאנענ די קראפט פונ די דאָזיקע ווערטער.

— נו, קומ, סאניע.

אנטאָניטש האָט מיכ באגלייט ביז צו דער סאמע טײַגע, שטארק, שטארק א דריק געטאָנ מיר די האנט אונ א זאָג געטאָנ:

— האלט מילכאָמע, אלעקסאנדער נאָלאָד, האלט מילכאָמע פאר דער זאכ פונ דײַנ קלאס. דיר, אָט אזעלכע ווי דו, וועט אויסקומענ פירנ דעמ לאָקאָמאָטיוו פונעמ לאנד אינ דער צוקונפט ארײַנ.

איכ האָב זיכ געלאָזט לויפנ אינ דער טײַגע ארײַנ, קעדיי ניט אומקוקנ זיכ אונ ניט זענ דעמ האמויִנ קאָמונארנ. מוירע געהאט, טאָמער וועלנ טרערנ א גאָס טאָנ אונ איכ וועל זיכ צוריק אומקערנ צומ ווײַסנ הויז מיט די לייבנ אפ די שטיינערנע טרעפ.

# פופצעטער קאפיטל

אפ א קוואדראטנ טישל וויגט זיכ וואסער אינ א גלאז. פונ דער אויבערשטער פאליצע הענגט אנמעכטיק אראפ אנ אחבל פונ פעטקעס מאקרושינס רעקל. באריס מאגער לייב וויגט זיכ ווי אנ אומרו, ער האט זיכ אנגעשפארט אנ ווענטל, האט נאענט צוגערוקט צו די אויגנ דעמ בוכ, לייענט. די הענט זיינע טרייסלענ זיכ אונ דער קאפ קריכט אלעמאל אראפ פונ דעמ ציטערנדיקנ ווענטל. גאר ער גיט מיט ניט זעענדיקע אויגנ א קוק אינ פענצטער אריינ אונ באהאלט זיכ ווידער אוים צווישנ די גרויע שורעלעכ.

„דער הייטיקער מאגניטבוי“, לייענ איכ אפ דער הילע פונעמ בוכ. אפ יעדער סטאנציע באלאגערט באריס די קיאסקנ פונ מעלו־כע־פאראלאג, פאדערט ביכער וועגנ מאגניטאגארסק. ער איז שוינ עטלעכע טעג אינגאנצנ פארטאנ אינ די ביכער. פעטקע האט געפרווט מעכאבעד זיינ באריסנ מיט הייסער מילכ, נאר געקראגנ א פאטש, ער זאל ניט שטערנ. פעטקענ האט עס ניט געשטילט, ער האט אימ אריינגערוקט אינ די ציינ אריינ א רויטנ עפל. באריס האט געוואלט אויסשפייענ, אבער באטראכט זיכ אונ פארט גענומענ הריזענ דעמ עפל. דעמ בוכ האט ער פונדעסטוועגנ ניט געווארפנ.

איכ בינ מעקאנע באריסנ, ער איז שטענדיק אזא. יעדער זאכ גיט ער זיכ אפ מיט לייב אונ לעבנ. אינ דער קאמונע פלעג איכ נאכ אימ נאכשפירנ, אופכאפנ יעדנ ריר פונ זיינ קאפ, דענ גאנג. אינ טאקער־ווארשטאט פלעג איכ מיט א פארטייעטנ אטעמ נאכקוקנ וויאזוי ער שניידט אויס מיטנ שניצער אפנ מעטאל פערעמלעכ, שפינוועבס־דינגע. וויאזוי ער שלייפט צילינדערס, א פינגערהוט די גרוים. כ'האב טיפ אינ זיכ געטרוימט וועגנ אזא פלינקייט.

איכ האב אט נארוואס פארענדיקט די פאבזאוושול, ארבעט אלס מאשיניסט־געהילפ, אונ ער האט שוינ אפגעגעבנ עקזאמענ אפ זעלב־שטענדיק אנפירנ מיט א לאקאמאטיוו אונ פירט שוינ פראכטצוגנ.

איכ יאג זיכ אייביק נאכ אימ. אויב איכ וועל אימ פארלירנ, וועל איכ ניט זענ טאגטעגלעכ, דעמ ווקס מיינעמ, ס'וועט אפגעשוואכט ווערנ די אנשטרענגונג אונ איכ וועל מער ניט פליענ, כ'וועל אנהייבנ קריכנ.

אז דער קאמיונ האט אימ מאביליזירט אפ מאגניטבוי אלס מא־שיניסט, בינ איכ געקומענ אינ קעמערל אונ געבעטנ, מע זאל מיכ אויכ שיקנ. פונ לאנגווייל איז אויכ פעטקע מיטגעפארנ.

וויפל האָב איך זיך עס אָנגעהערט וועגנ מאַגניטבוי! מע האָט וועגנ אימ גערעדט בא אונדז אינ קעמערל אפנ לימעד פונ פּאָליטגראַ־מעטע, מע האָט אימ געוויזנ אינ קינאָ, ס'האָבנ וועגנ אימ דערציילט דיאַגראַמעס, געשריגנ לאָזונגען, פּלאַקאַטנ, צענדליקער ביכער, זשור־נאַלנ, צײַטונגען. מיט זײַנ נאָמען האָט מענ אָנגערופנ אַלץ, וואָס איז גראַנדיעז, מעכטיק, באַגײַסטערנדיק. לויטנ וווּקס פונ מאַגניטבוי האָט מענ געאורטיילט וועגנ דעמ נײַעמ לאַנד סײַ אינ מיניסטאָרנ־פּאַלאַצנ, סײַ אינ געצעלטנ פונ שקלאַפנ, אינ מעקסיקע אונ אינ ניו־יאָרק, אינ אורוגווײַ, אינ לאָנדאָנ, אינ טעגעראַנ, אינ אַפריקע. מ'האָט וועגנ אימ געזונגענ לידער, געשריבנ ראָמאַנענ, דערציילונגענ.

אונ אָט וועל איך אימ באַלד זענ, כ'וועל דאָרט לעבנ אונ אַרבעטנ.

מיר קריכנ אַראָפּ פונ די פּאָליצעס אונ שטופּנ זיך לעבנ פענצ־טער. פּאַמעלעכ גייט אַוועק אַפּ צוריק דער גרויער סטעפּ מיט די זעלטענע קוסטעס פונ געלנ בוריאַנ. איבערנ סטעפּ איז דער הימל שמוציק אַזוי ווי אַש, שווער אַזוי ווי אַ שטיינ אונ נידעריק אַזוי ווי אַ דאַכ. קיינ מענטש ניט, קיינ פויגל, קיינ זונ. סע שטייט אַ יורטע, וואָס איז ענלעכ אַפּ אַנ איבערגעקערט לייקעלע. לעבנ איר שוואַרצנ לאָכ איז פאַרגליווערט אַ מענטש אינ אַ קודלאַטנ מאַלאַכײַ. לעבנ אימ, צופוסנס — אַ הונט מיט אַ צעביסענעמ אויער, מיט אַרויסגע־כמאַרטשעטע ציינער, וואָס איז גרייט פאַרטיידיקנ זײַנ באַלעבאָס ביזנ לעצטנ טראָפּנ בלוט. ניט ווײַט פונ דער יורטע איבערנ בוריאַנ האָט זיך אָנגעבויגנ אַ קעמל. ער האָט אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ, אַ קוק גע־טאָנ אַפּ אונדז מיט מוטנע מידבער־אויגנ אונ האָט טרויעריק אַראָפּ־געלאָזט די לאַנגע ליפּ.

ס'האָט זיך מיר פּלוצעמ אויסגעדאַכט, אַז מיר זײַנענ פאַרקראָכנ אַפּ עפּעס אַנ אומבאַוווּסטער פּלאַנעטע, וווּ ס'האָט זיך נאָכ ניט פאַר־ענדיקט די שטיינ־עפּאָכע, אַז מיר זעענ אַנ אָנזוניקע וויסטע, אַ ווילדנ מענטשנ, וואָס ווייס נאָכ ניט פונ קיינ פײַער. דעמ ערשטנ פאַרהיי־מישטנ סטעפּ־הונט אונ דעמ ערשטנ קעמל.

די רעדער האָבנ געקלאַפּט, ס'האָבנ דורכגעשווינדלט וואַגאָניעס, ס'האָבנ אָנגעהויבנ אויסוואַקסנ ערד־שטיבלעכ, לאַנגע הילצערנע קאַ־מערס, בודקעס, בערגלעכ מיט פרישער ערד, מענטשנ מיט לאָפּעטעס, פערד אינ אַקער־אײַנשפּאַנ. דאָס וואַסער אינ גלאָז האָט זיך באַרויִקט. די עפּל אַפנ ברעג טישעלע האָבנ אויפגעהערט וויגנ זיך. אינ וואַגאָנ האָט זיך אויפגעהויבנ אַ טומל.

מיר גייענ ארויס פונעמ וואגאָנ, מיר שטייענ אפ דער ערד, א ביסל שיקער פונ לאנגער וויגעניש.

אונטערנ דאכ פונ אנ ערד־שטיבל, וואָס איז ענלעכ אפ א באראק אָדער אפ א קירגיזישער יורטע, הענגט אנ אײַזנ־פּאסיקל מיט אנ אויפ־שריפט: „סטאנציע מאגניטנאיא". ארומ דער בודקע — בערג מיט ברעטער, ציגל און שטיינ, און הינטער זיי — נעמט זיכ נעפל ארומ מיט דער ערד.

באמ ווינקל סטאנציע גיב איכ שעמעוודיק א פרעג בא אנ אײַזנ־באנער:

— אָט דאָס טאקע איז מאגניטבוי?

ער האָט א קוק געטאָנ אפ מיר פונ אויבנ אראָפּ און האָט מיכ באדויערט:

— קאָפּ איינער! מאגניטבוי וועסטו אפילע אינ צענ טעג ניט ארומשפּאנענ, אָט אהינצו קוק. — ער האָט א פאָכע געטאָנ מיט דער האנט אינ נעפל ארײַנ.

באָריס איז אוועקגעלאָפנ א פרעג טאָנ, וווהינ דארפנ מיר איצ־טער גיינ. די מענטשנ גייענ נאָכ ניט ארויס פונ די וואגאָנעס. איכ הער די גראָב־געטאָקטע רוסישע אויסשפּראכ, צארטע אוקראַיִנישע ווערטער, פּארדומפּענע מיזרעכ־מורמלעניש, גיכנ ווײַסרוסישנ גערייד מיט אומפארשטענדלעכע ענדונגענ און היציקנ יידישנ גערייד. פונעמ ברוינעמ וואגאָנ גייענ ארויס אמעריקאנער אינ געקעסטלטע קאָסטיו־מענ, גלאטע געגאָלטע דײַטשנ און שטרענגע הויכקעפּיקע ענגלענדער, וואָס גיבנ קיינ שמייכל ניט.

באָריס האָט זיכ אומגעקערט מיט אנ אגענט פונ מאגניטבוי. מיר זײַנענ אוועק אפ א האלבפראכט־„פאָרד", האָבנ זיכ אײַנגעטונקענ אינ נעפל און אוועקגעקײַקלט זיכ איבער א ברייטנ און גלײַכנ שאָסיי. ווײַסער צווישנ־טאָג־און־נאכט איז געבליבנ פונ הינטנ. אנטקעגנ אונדז, לינקס פונעמ שאָסיי, זײַנענ געלאָפנ נײַגיקע צווייגאָרנדיקע הײַזער, הינטער זיי האָבנ זיכ געשטופּט לאנגע ווײַס־געקאלכטע בא־ראקעס. א גאנצע באראקעס־שטאָט האָט זיכ געצויגנ ביזנ צופוסנ פונ א הויכנ בארג, איבער וועלכנ ס'האָט זיכ געהויבנ א רויכ, גע־הילכט אופּרײַסנ און געהודעט צענדליקער לאָקאָמאָטיוונ. „דער בארג מאגניטנאיא", האָב איכ זיכ אָנגעשטויסנ. רעכטס פונעמ שאָסיי. פונ דער סאמע סטאנציע אָנ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ לאנגע גלעזערנע, שטיינערנע, הילצערנע, ציגלנע קאָרפּוסנ און קוימענס. מיר שנײַדנ

דורכ אײַזנבאַנ=ליניעס, וואַרטנ לעבנ די איבערפאָר=פונקטנ, באַגעגנענ זיכ מיט צענדליקער אויטאָמאָבילנ, טויזנטער אײַלנדיקע מענטשנ, וואָס גייענ אָנ א סאָפ פונ די באַראַקעס, פונ די צווייגאָרנדיקע הײַזער, פונ די ערד־שטיבלעכ. א רעגע דאַכט זיכ, אַז דאָס גייט א דעמאָנסטראַציע.

ס'האָט מיר אָנגעהויבנ ווײ טאָנ דער קאָפּ מאַלמעס דעמ שנעלנ לויפ פונעמ אויטאָמאָביל, נאָר איכ זע נאָכ אַלצ ניט דעמ מיטנ מאַגניטבוי. די מאַשינ גיט פלוצעמ שאַרפ א קערעווע, אונ איכ דערזע א יאַמ, א טיפנ, א ברעגלאָזנ, א רופנדיקנ. פונוואַנענ איז ער עס דער יאַמ אַראָפּגעפאַלנ אינ סטעפ אַרײַנ? אָט דאָס זעט אויס, איז זי טאַקע, די הרעבליע פונעמ געפאַנגענעמ טײַכ אוראַל, וועלכנ מע האָט פאַרוואַנדלט אינ אַנ אָזערע. איכ האָב געלייענט, אַז אויסגעבויט האָט מענ זי בא א פראָסט פונ פערציק גראַד סאַכאַקל אינ פינפ אונ פערציק טעג.

אַפ יענער זײַט אָזערע האָבנ זיכ געצויגנ די אוראַלער בערג אונ לענגויס די בערג אונ דעמ וואַסער, לענגויס דער גאַנצער ווײַט, ביז וואַנענ דאָס אויג דערגרייכט נאָר, האָט זיכ פאַנאַנדערגעוויקלט, איז געוואַקסנ מאַגניטבוי. גאָר נאָענט האָט ווי א ריזיקע שיפ זיכ גערויכערט דער דאָמנע־צעכ. אַנ אײַזנ־בעטאָנענע עסטאַקאַדע, א קילאָמעטער די לענג, וואָס איז אָנגעטאָנ אינ כוואַליעדיקנ אײַזנ — א ריזיקער געפאַנצערטער קאָרפוס. דרײַ דאָמנעס, וואָס לאָזנ פונ זעקס ליכטלעכ ארויס גאַז צומ פאַרויכערטנ הימל, זײַנענ ענלעכ אַפ קאַנאָנענ־טורעמס, צוועלפ קויפערס הייבנ זיכ אויפ מיט שווערע קוימענס, וואָס גיבנ קראַפט, מעכטיקײַט דעמ ריז.

די געדיכטע נעצ פונ אײַזנבאַנ־וועגנ — דאָס איז א שיפ־דעק. ס'לויפנ אַפ איר שווער אַרומ שוואַרצע לאָקאָמאָטיוונ, וואָס פירנ פליוסיקנ טשוהונ. די מענטשנ זײַנענ אָנגעטאָנ אינ ברעזענט, ווײַסע היט. אינ טיפע הענטשקעס. זיי זײַנענ געלאַסנ, אײַנגעהאַלטנ אונ האָבנ, דאַכט זיכ, ניט ליב צו ריידנ.

די אַכטשטאָקיקע געבײַדע פונ דער לופטבלעזלקע — דאָס איז א קאַפיטאַנ=בריקל. ווי נאָר מע גיט פונ דאָרטנ א באַפעל — וועט זיכ די שיפ א קערעווע טאָנ, וועט א גראָב טאָנ מיט דער פערטער דאָמנע, וועלכער מע דערבויט ערשט, די בלויקײַט פונעמ הימל אונ וועט זיכ לאָזנ שווימענ לײַכט, שנעל, אַזוי ווי א וווּנדער, אַזוי ווי א טרוימ.

אונ דער גאַנצער מאַגניטבוי איז ענלעכ אַפ אַנ עסקאַדרע פונ

פאנצער־שיפן. לעבן דעמ וואלצ=צעכ שטייט אינ שטאלענעמ ארומפלעכט פונ פערמעס, קאלאנעס, צונויפעסטנ, בריקקראנענ, א מארטענ מיט זיבנ קוימענעס.

אונ דארטנ, — מינענשיפנ, קאטערס, — דער קעסל־צעכ, דער מעכאנישער, די פאנאנדערגיס־מאשינעס, די דעפא.

אלס פארט פאר דער מאגניטבוי־עסקאדרע דינט די עלעקטראסטאנציע, וואס הייבט זיכ איבערנ אמעריקאנישנ וואלקנקראצער, איבערנ וואלצ־צעכ, איבער די דאמנעס, איבערנ מארטענ.

דער ברעג — דאס איז די פינפשטאקיקע סאציאליסטישע שטאט, וואס האט זיכ אויסגעבאהאלטנ פונ די מידבער־ווינטנ, פונעמ שטויב. פונעמ שניי, אינעמ קראטער פונ הויכע סאפקעס, די שטאט, וואס האט זיכ פארשטעלט מיט דעמ יונגנ פארק׳ס דריענדיקנ רינג.

איכ האב פארגאפט פונ אנציקונג א קוק געטאנ אפ באריסנ. ער האט ארויסגעלאזט זיינע ביכער אפנ שטויביקנ דנא פונעמ אוטאמאביל אונ האט, ניט פינטלענדיק מיט די אויגנ, געקוקט שטומ=שווייגנדיק, ארומגענומענ מיינע אקסלענ, צוגעטוליעט זיכ שטייפ, דעמ אטעמ פארטייעט.

באזעצט האט מענ אונדז אינ א קאראנטינ, געפירט אינ באד ארייננ, אפגעשארנ, אנגעקארמעט אונ אפ נאכטלעגער געגעבנ הוילע הילצערנע טאפטשאנעס.

באנאכט האב איכ ניט געקאנט אנשלאפנ ווערנ, כ׳האב זיכ געדרייט אפ די ברעטער, זיכ דערמאנט די ווערטער פונ דעמ קאראנטינ=וועכטער :

— אינ באפעל שטייט — אינ קאראנטינ זאל מענ ווינענ דריי טעג, נאר איכ ווייס אויסקומענ בלייבנ מערער, ווייל ס׳איז ענגלעכ אפ דער מאגניטקע, מע באווייזט ניט אויסצובויענ קיינ באראקעס.

סע שמעקט מיט קארבאלקע, האס דערמאנט מיר דעמ וואקזאל, די צוגנ, מיינ קינדהייט. ס׳שארט זיכ צו צו מיר די לייריקייט פונ יענע יארנ. כ׳האב אנגעהויבנ סקריפענ מיט די ציינ אונ צארנדיק א זאג געטאנ צו זיכ:

— פויל ביסטו געווארנ אינ פאבזאווּשול, סאנקע, צעלאזנ געווארנ, דו גארנישט אייגנער.

— מיט וועמענ רעדסטו עס? — האט זיכ באריס פארכידעשט. ער איז אויכ ניט געשלאפנ, איז צוגעקראכנ צו מיר, האט א פרעג געטאנ:

— סאניע, דו ביסט ניט אנטוישט?
— אונ דו?
— דו ווייסט וואָס דו רעדסט, מעשוגענער?
— איכ אויכ ניט.

## זעכצעטער קאַפּיטל

א הייסער רעגנ פאַלט אַפנ קאָפּ אַראָפּ. די יולזונ האָט זיכ אויס־באַהאַלטנ אַפ דער ברוסט, דער קערפּער וויגט זיכ אינ שיקערנ דרעמל אונ פליט אינ ווייכער פינצטערניש אַרײַנ. פּלוצעמ — א בליץ, א דונער — אונ דער הייסער רעגנ איז פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ אַײַז־טראָפּנס, די ווייכע פינצטערניש אינ שאַרפע שטיינער.

כ'האָב אופגעעפנט די אויגנ אונ דערזעג ערגעצ אויבנ די שוואַר־צע וואָנצעס, דאָס האָריקע היטל פונעמ מאַשיניסט. ער גיסט אַפ מיר קאַלט וואַסער פונעמ טשײַניק. מיט דער הייצער־לאָפּעטע שטופּט ער מיר אינ דער ברוסט אַרײַנ. ער שלעפּט מיכ איבער די קוילנ־שטיקלעכ, וואָס זײַנענ צעשאָטנ אינ דער לאָקאָמאָטיוו־בודקע.

— אנשלאָפנ געוואָרנ, אַפנ לאָקאָמאָטיוו אַנשלאָפנ געוואָרנ! און איכ פאָר שוינ דרײַסיק יאָר, דורכ פערציק וועגנ, קימאַט דעמ גאַנצנ ערד־קײַלעכ דורכגעפאָרנ, און דאָס אויג האָב איכ קיינ איינ מאָל ניט צוגעמאַכט. און ער — שלאָפנ. מאַרש פונ לאָקאָמאָטיוו, פאַרנעמ זיכ טייקעפּ, מיעסער נעפעש דו, דײַנ שמוציקער פּוס זאָל דאָ ניט געדאַכט זײַנ! איכ דאַרפ ניט האָבנ אַזעלכע אַרבעטער. דער הייצער וועט פאַר דיר די נאַכט דעראַרבעטנ.

דער ווינט פּאַטשט מיטנ ברעזענט אינ טיר פונ דער בודקע. די ערד ווערט אײַנגעזונקענ הינטער די לאָקאָמאָטיוו־רעדער. איכ לאָז זיכ אַראָפּ דורכ די שאַרפ מעשופּעדיקע טרעפּלעכ. איכ האָב פאַר־זשמורעט די אויגנ, איכ קלײַב זיכ אַרויסשפּרינגענ, נאָר דעמ מאַשי־ניסטס האַנט האָט ווידער א כאַפּ געטאָנ מײַנ קאָלנער און שלעפּט מיכ אַפנ לאָקאָמאָטיוו. א דערשראָקנ קאָל לעבנ סאַמע אויער מײַנעמ:

— ביסט פונ זינענ אַראָפּ? אינמיטנ גאַנג וואַרפנ זיכ אינ סטעפּ אַרײַנ? קריכ אַרופ אַפנ טענדער, קעדיי זאָלסט זיכ דאָ ניט פּלאָנ־טערנ, ניט געוואַשענע צורע דו.

איכ זיצ אַפ א קוילנ־קופּע, בלאָז אַפ די פינגער, שוינ א וואָכ,

אז איכ האָב ניט אויסגעטאָנ די שטיוול אונ בינ ניט געשלאָפנ אפ קיינ בעט. מיר וווינענ מיט באָריסנ אינעמ רויטנ ווינקל פונעמ לאָ־קאָמאָטיוו־דעפאָ, קיינ קווארטיר האָבנ מיר נאָכ אלצ ניט.

צייטנווייז כאפט מיכ אָנ א הייסער באגער — שטילינקערהייט ארייַנרוקנ דעמ קאָפ אינעמ מילכ־ראָזנ אייוועלע פונעמ לאָקאָמאָטיוו אונ אנשלאָפנ ווערנ, זיכ פארגעסנ אינווארעמקייט. נאָר שטענדיק דערהער איכ א שטרענג קאָל:

— האלט מילכאָמע, האלט מילכאָמע, אלעקסאנדער.

איכ גלייב זיכ אויס, ביז ווייטעק אינ די ביינער דריק איכ צונויפ די לאָפעטע אונ ווארפ קוילנ אינעמ וויסנ האלדז פונעמ לאָקאָמאָ־טיוו. איכ נעמ די אויגנ ניט אוועק פונעמ מאנאָמעטער, האָב מוירע, דער וואסער זאָל ניט נעמענ קריכנ אפ צוריק. דער מאנאָמעטער איז ענלעכ אָט אפ א זונ, אָט אפ א קופערנעמ צענערל, אָט אפ א פאלנ־דיקנ שטערנ. איכ צי אויס די הענט, שפאר זיכ אָנ אָנ קעסל, פאר־שטעל דעמ שטערנ פונ די שארפע ארמאטור־ווינקלענ אונ ווארפ ווי־דער קוילנ, שלאָג ארויס דעמ שלאק.

איכ האָב מוירע צושפארנ זיכ צו דער וואנט: איכ ווייס, אז ס'וועלנ זיכ טייקעפ צומאכנ די אויגנ, ס'וועלנ זיכ אונטערברעכנ די פיס אונ איכ וועל אנידערפאלנ אפנ דיל, ניט הערנ ניט די פייפע פונעמ לאָקאָמאָטיוו, ניט די געשרייענ פונעמ מאשיניסט. א גאנצע נאכט האָב איכ זיכ געשטארקט. באגינענ האָב איכ ארויסגעקוקט דורכנ פענצטער, קעדיי צו דערפרישנ זיכ. האָב איכ זיכ אָנגעשפארט אָנ דער פענצטער־ברעט אונ בינ אנשלאָפנ געוואָרנ.

אָט באלד וועט זיכ דער צוג אָפשטעלנ, אונ דער מאשיניסט וועט מיכ אראָפטרייבנ מיט ביזויענ. ער איז גערעכט. מיט וואָס קאָנ איכ זיכ פארענטפערנ?

דער לאָקאָמאָטיוו עטעמט אלצ שארפער אונ שטילער. איכ קוק אפנ מאנאָמעטער, בלויז אכט אטמאָספערנ. דער מאשיניסט ווארפט זיכ פונעמ פענצטער צומ אייוועלע, דאָס פענצטער קאָנ ער ניט ווארפנ. אינגיכנ איז א סטאנציע, מע דארפ נאָכשפירנ נאָכ די סיג־נאלנ. ער שרייט צומ הייצער. דער הייצער גיט זיכ א וואָרפ מיט א לאנגנ ברעכ־אייזנ צומ אייוועלע אונ קלאפט אינ דער קופערנער גרא־טע פונעמ קעסל איבער די צארטע טרויבנ, אָט־אָט קאָנ ער זיי צע־ברעכנ.

דער מאשיניסט האָט אראָפגעריסנ דאָס שווערע היטל, האָט עס

ווי א שטיינ א וואָרפ געטאָנ צומ הייצערס פּלייצע אונ האָט זיכ צע־גוואלדעוועט. איכ האָב זיכ דערמאָנט אָנעמ פאנצער=צוג. פונקט אָט אזוי האָט זיכ געזידלט דער פעטער מישע באָגאטיריאָוו, מײַנ ערשטער לאָקאָמאָטיוו־לערער, ווענ סע פלעגט בײַ אימ עפעס ניט גיינ ווי ס'געהער צו זײַנ די מאשינ.

דער מאשיניסט האָט ארויסגעכאפט די פיקע, האָט א דריי געטאָנ איבעמ אייוועלע אונ, דערמאָנט זיכ אינ פענצטער, האָט ער זיכ צו־ריק געלאָזט לויפנ צומ פײַפער. ער האָט זיכ מיד א וואלגער געטאָנ אפנ שטול, מיט בעטנדיקע אויגנ א קוק געטאָנ אינ מײַנ זײַט ארײַנ.

איכ האָב פארגעסנ די דראָונגע, כ'האָב זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ אייוועלע, האָב א הייב געטאָנ דאָס שלאק=פלעצל, עס א ריס געטאָנ צו זיכ, צעשפאָלטנ אונ ארויסגעוואָרפנ אינ סטעפ ארײַנ. אז מיר זײַנענ צוגעפאָרנ צומ סעמאפאָר איז שוינ דאָס אייוועלע ריינ געווענ. דער ווײַזער האָט זיכ פאמעלעכ געהויבנ. דער מאשיניסט איז פריילעכער געוואָרנ.

— שוינ איינמאָל קאָדרענ, איינער פאפט, דער צווייטער ברעכט דעמ לאָקאָמאָטיוו. אָט אזוי אפ אלע הונדערט לאָקאָמאָטיוונ. א צאָרע. אונ ווו, ווו זאָל מענ נעמענ בעסערע — נישטאָ. מוטשע זיכ מיט אָט אזעלכע. אונ צוליב וואָס, פרעגט זיכ, בינ איכ עס, אלטער נאר, פארקראָכנ אינ אויסרײַסעניש ארײַנ.

ס'האָט א שווינדל געטאָנ דער גרינער פײַער פונ סעמאפאָר, די מילכ=קוואדראטנ פונ די אויסמײַד־שטעלער האָבנ זיכ פארפלאָנטערט אינ די לאָקאָמאָטיוו־רעדער. מיר זײַנענ ארויס אפנ גלײַכנ וועג פונ דער סאָרטירונגס־סטאנציע. אָבער וואָס איז עס אזוינס? דער וועג דארפ דאָכ זײַנ אבסאָליוט פרײַ, אונ דאָרטנ שטייט עפעס שווארצס אונ רייכערט זיכ.

— אפנ מאנעוורירוועג נעמט מענ אונ — אנ אפשטעל.

ס'האָט א קלאפ געטאָנ דער רעגוליאטער, ס'האָט זיכ דרייענ גענומענ דער הייבער פונ גאנג־ענדערונג. אָבער דער שווערער וואגאָנ־באשטאנד האָט צעלאָפענערהיט געשפארט. דער שווארצער שאָטנ איז גאר נאָענט. נאָכ איינ רעגע — וועט אָנהייבנ קנאקנ צעקלאפט אײַזנ, וועט זיכ צעקלינגענ גלאָז. דער הייצער האָט זיכ גענומענ ארומ־שלײַדערנ איבעמ דורכגאנג פונ דער ענגער טיר אונ האָט זיכ פאר־טשעפעט מיט דער סוויטקע אָנ א טשוואָק. האָט בעשוכויפנ ניט גע־קאָנט ארויפשפרינגענ.

איכ האָב מיט איינ האנט אָנגעהויבנ פּאָמפּענ וואסער אינ קעסל אַרײַנ, האָב געעפנט דעמ פאַרהיט־קלאַפּנ, צוגעגרייט די מאַשינ צומ פאַל פונ אוואַריע, אונ מיט דער צווייטער האנט האָב איכ אָנ אויפ־הער געצויגנ דעמ זאַמד־שיטער, געבנדיק אַנ אָנלענ די רעדער.

בלויז אפ איינ רעדער־דריי זײַנענ מיר ניט דערפאָרנ צומ מאַנעוור־ירנדיקנ לאָקאָמאָטיוו. מיר האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט. דער מאַשיניסט האָט זיכ מיט שומ אפ די ליפּנ געלאָזט לויפנ אפ דער סטאַנציע.

אומגעקערט האָט ער זיכ א רויטער, שווער אָטעמענדיק.

— אלע גאַנג אזוי, ניט קיינ מויכעס באַ זיי, נאָר שטרוי. אפ א פאַרנומענעמ וועג נעמענ זיי אופ א צוג. אונ דערנאָכ שלעפּט מענ אונדזערע לײַט אינ געריכט אַרײַנ. פאַרשאָלטנ מאַזל מינוס! גערעכט ביסטו, מאַריע גריגאָריעוונע.

ער האָט א ביסל געשוויגנ. א קוק געטאָנ אפ מיר קאָסע אונ האָט פאַרענדיקט:

— אונ דו, קאָפּ איינער, שלאָפנ.

מיר שטייענ אפ דער סטאַנציע, וואַרטנ אפ א צוריק־צוג, די פענצ־טער זײַנענ פאַרמאַכט, ס'איז וואַרעמ, דער מאַשיניסט רייכערט די ליולקע אונ פרעגט:

— פונ וועלכע קאַנטנ ביסטו עס?

אינ קאָל זײַנעמ — וואַרעמקײַט, פּאַשעטקײַט, אונ איכ דערצייל אימ וועגנ דעמ ווײַסנ הויז אינ דער טײַגע, וועגנ אַנטאָניטשנ.

ער האָט מיכ אײַנגעלאַדנ צו זיכ, איכ זאָל דערווײַל וווינענ באַ אימ.

— א צימערל, עמעס, א פּיצינקער, נאָר מירנ אויסקומענ.

— איכ בינ ניט איינער אליינ. מיט מיר איז נאָכ דאָ באָריס, א כאַווער מײַנער.

— צוויי. ענגלעכ, נו, אָפּגערעדט. וועלנ מיר אײַנדרײַענ מיט מאַריע גריגאָריעוונע מילכאָמע האַלטנ.

איכ האָב ניט אויסגעהאַלטנ, איכ האָב זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ מאַשיניסט פונעמ אומגעקומענעמ פּאַנצער־צוג, צו באָגאַטיראָוונ אַפנ האַלדז אונ האָב א געשריי געגעבנ:

— פּעטער מישע, געשיקט זיכ, שוינ־זשע דערקענסטו מיכ ניט?

באָגאַטיראָוו האָט זיכ דערשראָקנ. ער האָט מיכ צוגעפירט צומ פײַער, אַרײַנגעקוקט אינ פּאָנעמ אַרײַנ אונ האָט זיכ אויכ א וואָרפ געטאָנ מיכ ארומנעמענ.

— סאָניע, קינד, דו? ווי־אזוי איז עס מעגלעכ? ווי־אזוי? סאָניע!

...אפ מארגנ האבנ מיר מיט באריסנ זיכ אריבערגעקליבנ אינעמ באראק־צימער פונעמ מאשיניסט מיכאיל באגאטיריאוו.



באגאטיריאוו איז געקומענ אפ דער בוויונג, ווענ אוראל איז נאכ געווענ א פרייער טייכ אונ אינעמ טיפנ טאל פונ דער מאגניטקע האבנ די טשאטעס האלב־ווילדע קירגיזישע פערד אופגעהויבנ א שטויבנעפל, לאזנדיק זיכ צומ טייכ טרינקענ. באגאטיריאוו האט צעהייצט דעמ ערשטנ לאקאמאטיוו אונ האט זיכ געלאזט פארנ איבער די פרישע ווענג, אינ טאל האט זיכ צומ ערשטנ מאל הערנ געלאזט דאס ווידערקאל פונ א צוג־פייפ.

די בערג האבנ אונטערגעכאפט די פייפנ, אזוי ווי א קריג־רופ, צעשאטנ זיי איבערנ סטעפ. עס האבנ זיכ מיסטאמע שטארק פארוואנדערט די וואנדערנדיקע קירגיזער קיביטקעס, ווענ עס איז צו זיי דערגאנגענ דער דאזיקער ביז איצט ניט געהערטער געשריי. וואס ניט ענלעכ געווענ ניט אפ קיינ פליגל־פאטשערײַ פונעמ סטרעפעט־פויגל, ניט אפנ קריג־פייפ פונעמ בערקוט, ניט אפ זיגליד פונעמ אדלער.

באגאטיריאוו דערמאנט זיכ אנ יענער צייט אונ דערציילט:

— כ'האב געגעבנ א לאנגנ שניידיקנ סיגנאל אונ האב זיכ אזש צוגעזעצט פאר שרעק. ס'האט זיכ עס צעלאכט דער גאנצער טאל, צעוויינט זיכ, דער פארשאלטענער! אונ דעמ טאל ענטפערנ אפ די בערג, דער אוראל. כאטש איכ בינ א מיטגליד פונ פארטיי פונ 1918 יאר אנ, כאטש איכ האב פינפ אונ צוואנציק כאראשימ מיטנ לאקאמאטיוו פונ א פאנצער־צוג אנגעפירט, נאר כ'האב א טראכט געטאנ: „שיידימ זײַנענ דא פארמישט". קוק איכ — עפעס מענטשנ לויפנ צומ לאקאמאטיוו, פאכענ מיט די הענט, איינער אינ א לעדערנעקל איז ארײַנגעקראכנ אינ בודקע ארײַנ, כאפט מײַנע פינגער, טרייסלט מיר די הענט, וויינט זיכ מיט ווערטער. „פאטער, ווייסטו כאטש, דו באָרוד, אז דו גיסט עס אצינד א סיגנאל א נײַער עפּאכע?"

באגאטיריאוו האט אפגעפירט די ערשטע פלאטפארמע מיט ארויסגענומענער ערד אונ האט ביגנייווע, אינ דער פינצטערער בודקע פונ לאקאמאטיוו, באשמעקט איר דופטיקייט, גענומענ זי אפ די ציינ אינ געשפיגנ פונ ביטערקייט. ער האט געבראכט דעמ ערשטנ וואגאנ ציגל. אימ האט מענ איבערגעגעבנ אפצופירנ די ערשטע פארציע פליסיקנ טשוהונ.

דעמ ערשטנ לאָקאָמאָטיוו־מאַשיניסט פונ די גנעכטיקע ערד־גרע־בער האָט אויכ באָגאַטיריאָוו צוגעגרייט. אצינד איז אפנ מאַגניטבוי פאַראַנ הונדערט לאָקאָמאָטיוונ אונ באָגאַטיריאָוו איז פּונקט אזא ווי אינ די ערשטע טעג. אַלע הונדערט זעענ בא אימ אויס ווי איינ מאַ־שינ, פאַר וועלכער ער איז פאַראַנטוואָרטלעכ.

איבערגעגעבנ דעמ אומבײַט, גייט ער ניט טײקעפּ אוועק אהיימ, כאָטש סע וואַרט אפּ אימ זײַנ יונג ווײַב מאַריע גריגאָריעוונע. כאַסענ־געהאַט האָט ער דאָס צווייטע מאָל מיט א פינפ יאָר צוריק. אינ די רײַזעס פלעגט ער בענקענ, פלעגט יעדנ טאָג שיקנ בריוו, מע האָט געלעבט גוט, כאַווריש, אונ אצינד, אָדער ער האָט זיכ צוגעוווינט, אָדער ער האָט אָנגעהויבנ פאַרגעסנ, אָדער עס איז קיינ צײַט ניטאָ — ער פאַרשטייט אַליינ ניט, — נאָר ווייניק איז ער איצט אינ דער היימ. גאַנצע טעג קריכט ער איבער די הייסע לאָקאָמאָטיונ, קוקט זיכ צו צו די מענטשנ, זוכט עפּעס, פאַרשרײַבט עפּעס אינ זײַנ ביכעלע, וואָס איז פאַרזיכטיק אײַנגעוויקלט אינ צײַטונג־פּאַפּיר. אינ דער היימ לייענט ער לאַנג זײַנע נאָטיצנ אונ שאָקלט אומצופרידנ מיטנ קאָפּ. ער קלאָגט זיכ:

פאַרשטייסטו מיכ, מאַריע גריגאָריעוונע, קיינ איינ געניטער געהילפ ניטאָ, קיינ איינ נישקאָשעדיקער מאַשיניסט, אַבי די ,,עקספּלואַטאַציאָניקעס".

מאַריע גריגאָריעוונע שווײַגט כמורנע, ס'ווילט זיכ איר א געשריי טאָנ צו דעמ אַלטנ, אז ס'איז איר נימעס צו זיצנ אינ אָט דעמ צימער איינע אַליינ גאַנצע טעג אונ הערנ געשפּרעכנ וועגנ לאָקאָמאָטיוונ. זי טראַכט שוינ שטילערהייט צונויפבינדנ איר ביסל שמאַטעס אונ אוועק־פאָרנ אהיימ. זאָל ער דאָ מיט די לאָקאָמאָטיוונ זײַנע בענקענ.

אָבער באָגאַטיריאָוו איז גאָרנישט ניט כוישעד. נאָכ דער אַרבעט לויפט ער אפּ פרעמדע לאָקאָמאָטיוונ. מיט ניט באַליידיקנדיקנ מוסער קוקט ער אַרײַנ אינ די אויגנ די ניט געניטע מאַשיניסטנ, דערקלערט זיי, וויאַזוי מע דאַרפ אַרופּכאַפּנ א שווערנ צוג אפּ א גרויסנ באַרג אַרופּ, אפּ וויפל דאַרפ מענ אָנציִענ דעמ הייבער, וויאַזוי דאַרפ מענ אַראָפּלאָזנ א גרויסנ וואַגאָנעס־באַשטאַנד פונ א שיפּוי, וויאַזוי דאַרפ מענ צוגיינ צומ סעמאַפאָר. אַז ער קלײַבט זיכ ענדלעכ אהיימ, ווערט שוינ פינצטער. אָבער אינ דער היימ איז אויכ בלויז איינ געשפּרעכ: וועגנ לאָקאָמאָטיוונ.

— ניט גענוג, וואָס ער האָט צוויי פאַרשוינענ צו זיכ אפּ וווינענ

אַרײַנגענומענ, מאַכט ער נאָכ אַלע נאַכט פֿאַרזאַמלונגענ — בוי־
טישעט מאַריע גריגאָריעװנע.

אינ באָגאַטיריאָװס צימער קומענ זיכ צונויפֿ קימאַט אַלע געהילפֿנ. ס'איז ניטאָ װוּ צו זיצנ, האָט מענ פֿאַרנומענ דאָס בעט, די קאַסטנס, צוגעשפּאַרט זיכ אַפֿנ טיש. שטייט צװישנ זיי באָגאַטיריאָװ, און זײַנ שאָטנ אַפֿ דער װאַנט טאַנצט אַזױ װי אַ שאַמאַנ. ער פֿירט אָנהוז איבער די דרײַסיק יאָר פֿונ זײַנ לאָקאָמאָטיװדינסט.



אַ בלויער קאָנװערט און אַ בלעטל געװיינלעכ גרוי פּאַפּיר האָבנ פֿאַרפּלאָנטערט מאַריע גריגאָריעװנעס אַלע כיטרע פּלענער.

ס'איז געװענ איינמאָל אינ אַ װינטער־אָפּערנאַכט. איכ האָב זיכ נאָרװאָס אומגעקערט פֿונ די קורסנ און בינ געשטאַנענ, איבערװאַר־טנדיק דעמ שטורעמ, לעבנ מײַנע שױנ לאַנג ניט אָנגערירטע ליזשעס.

אַפֿ דער גאַס איז דער שניי העכער פֿונ די באַראַקעס. אַ פֿראָסט, שטערנ, און דער פֿלאַמ פֿונ די דאָמנע־שמעלצונגענ, איז װי די צאָ־פֿנ־שײַנ. ס'װילט זיכ דורכפֿליִענ איבער דער האָזיקער װעלט, זשעדנע שליגנענדיק די לופֿט. אָבער איכ קאָנ עס ניט טאָנ. איכ דאַרפֿ אָפּגעבנ עקזאַמענ אַפֿ מאַשיניסט. נעכטנ האָבנ אַפֿנ אַרצבאַרג ניט־געניטע פֿירער צעבראָכנ צװײ לאָקאָמאָטיװנ און אַ גאַנצנ צוג. די דאָמנעס זײַנענ געשטאַנענ אָנ אַרצ אַ גאַנצנ מעסלעס.

איכ גיי אַלע טאָג אַפֿ די קורסנ. הײַנט האָט מענ אונדז געלייענט אַ לעקציע װעגנ דער קאָנסטרוקציע און װעגנ דער אַרבעט פֿונעמ װעסטינגהאַוז־טאָרמאָז, ס'האָט זיכ מיר געדאַכט, אַז איכ װייס אַלצ. ס'האָט געפֿרייט דאָס, װאָס איכ קאָנ הײַנט דורכפֿאָרנ אַפֿ די ליזשעס צומ סאַמע שיפּוי פֿונ די אוראַלער בערג. אָבער װי גאָר איכ האָב זיכ גענומענ פֿאַר די רימענס, האָב איכ פֿאַרשטאַנענ, אַז אָנשטאָט פֿינקט־לעכע, קלאָרע פֿאָרמולעס שװימט אינ קאָפּ בײַ מיר אַרומ צעמעט אַ נעפּל. איכ האָב זיכ געפּרוּװט פֿאָרשטעלנ, װיאַזױ װעל איכ, אויב ס'װעט עקסטרע נייטיק זײַנ טאָרמאָזירנ דעמ צוג, װאָס פֿאַר אַ מיטלענ װעל איכ אָנעמענ, אויב ס'װעט קאַליע װערנ די לופֿט־פּאָמפּע.

נו, אָט זײַנענ זיי, אָט, אינ װינקל פֿונ מײַנ זיקאָרנ — אַזױ נאָענט, און פֿאָקנ זיי קאָנ איכ בעשומױפֿנ ניט. און דאָ שטייענ נאָענ די ליזשעס אינ װינקל, נערװירנ מיכ מיט זייערע אָראַנזשעװע רימענס. איכ בינ צוגעשפּרונגענ צו זיי און זיכ צעשריִענ מיט קאַס:

— נו, שטיוט־זשע איַיכ טאקע, וואַלגערט זיכ נאָכ זעקס באַדאַ־שים, ביז סאמע אווגוסט וועל איכ אייַכ ניט אָנרירנ!

נו, וואָס פאר אנ אינזשעניער וועט עס פונ מיר זיַינ, אויב איכ קענ ניט דעמ טאָרמאָז? וועל איכ זיכ דענ אמאָל דערוואַרטנ, כ'זאָל באַקומענ א פאַנצער־צוג צומ אָנפירנ? וועל איכ ווענ־עס־איז דענ דורכפליִענ צוזאמענ מיטנ ווינט, פירנדיק א קוריער־צוג?

אונ אינ סאמע אויער מיַינעמ אריַינ קלינגט א קאָל:

— האַלט מילכאָמע, האַלט מילכאָמע, אַלעקסאנדער!

איכ האָב זיכ אנטשלאָפנ אָפגעקערעוועט פונ די ליזשעס אונ זיכ אויסגעזעצט לעבנ באָגאטיריאָוו, א קלאפ געטאָנ אינ טיש מיט די צייכענונגענ פונעמ וועסטינגהאוז־טאָרמאָז.

מאריע גריגאָריעוונע ווייסט, אז מירנ בליַיבנ זיצנ ביז באַגינענ, גרייט זי צו טיי.

א מאָדנע איז זי די לעצטע טעג — א גוטע אונ א זאָרגעוודיקע.

ערשט ניט לאנג פלעגט זי בונטעווענ. געקומענ איז באָגאטיריאָוו פונ דער פארזאמלונג. דעמ דאָזיקנ טאָג האָט זיכ פארענדיקט דער טערמינ פונ זיַינ ארבעטנ אפ מאגניטבוי, דער טערמינ, וואָס איז אָנגעצייכנט געווענ אינעמ לאנגפארגעסענעמ ארבעטקאָנטראקט.

ער האָט געעפנט די טיר פונעמ צימער — אונ פאר כידעש ניט געקאָנט אריַינגייענ. דאָס בעט האָט אנטפלעקט די נאקעטע ריפנ, דאָס בעטגעוואנט ליגט אפנ דיל, פארבונדנ אינ ענגע וועג־קלומיקעס. פונ די ווענט זיַינענ אראָפגעריסנ די פאָטאָגראפיעס אונ די בילדער.

אפ די קלומיקעס — אינ א פאלטאָ, אינ א וואַרעמענ טיכל זיצט מאריע גריגאָריעוונע מיט פריילעכע אויגנ: א רײַזע איז גאָענט.

— אָט וואָס, טיַיערער מיכאיל ביקאָליַיעוויטש, כאָווער באָגאטי־ריאָוו, גליַיכ באגינענ יאָג אוועק אפ דער סטאנציע נאָכ בילעטנ. מיר האָבנ אָפגעלעבט אונדזער ציַיט, גענוג!

אונ זי האָט זיכ שטאָלצ אויסגעזעצט, צונויפגעלייגט די הענט אפ דער הויכער ברוסט.

באָגאטיריאָוו איז נאָכ לאנג געשטאנענ, פארגליווערט, דערשטוינט. אונ דערנאָכ האָבנ זיכ אינ די אויגנ זיַינע באוויזנ געלעכטער־פינ־קעלעכ. ער האָט א פרעג געטאָנ, ווי ער וואָלט ניט פארשטאנענ דעמ באפעל:

— דערלאנג, מאריע גריגאָריעוונע, מיַינ ספעצאָווקע, איצט וועלנ מיר מיט סאנקענ אפ דער ארבעט פארשפעטיקנ.

מאריע גריגאָריעוונע האָט טייקעפ אָנגעוואָרנ דעם גאנצנ שטאָלצ אירנ, איז אנידערגעפאלנ אפ די ווייכע קלומיקעס, געוויינט אונ גערעדט.

— וווהינ האָט עס אונדז פארטראָגנ? מיט וועלכע ווינטנ האָט עס אונדז פארשארט פונ אייגענעמ בלוט, אונדזערנ אינ יענק וועלט אריינ?

באגאטיריאָוו האָט קאָמיש־אָנמעכטיק געקוקט אפ מיר אונ האָט א זאָג געטאָנ פארצווייפלט:

— אָט, זי האָט זיכ שוינ צעלאָזט, האָט זיכ שוינ צעזונגענ!

ער האָט מיט באראכטונג א קוק געטאָנ אריבער די ברילנ אפ דער וויינענדיקער מאריע גריגאָריעוונע אונ א וואָרפ געטאָנ צומ ערשטנ מאָל א מעסוקענע באליידיקונג:

— ניט אופגעקלערטע טיפשע דו!

דערפונ מאקע האָט זיכ עס אָנגעהויבנ. אז באגאטיריאָוו פלעגט קומענ אהיימ, פלעגט מאריע גריגאָריעוונע אימ באגעגענענ מיט בי־סער־רייד אונ מיט טרערנ, דאנ פלעגט ער צו מיר זאָגנ:

— סאניע, קומ, לאָמיר אנ אָטעמ טאָנ מיט פרישער אטמאָספער.

אונ מיר פלעגנ לויפנ אינ דעפאָ אריינ. באָרים נעכטיקט שוינ פונ לאנג ניט בא אונדז. ער שלאָפט אונ וואָגלט אומ אפ זיינ לאָקאָמאָטיוו.

טיילנ פלעגט מאריע גריגאָריעוונע איר אומעט מיט איר געליבטער קאצ, וועלכע זי פלעגט באשמירנ, קעדיי זי זאָל בעסער וואקסנ, מיט עפעס א זאלב, פלעגט זי קושנ אינ די אויגנ אריינ, אינ די לאפקעס.

די שארפע ענדערונג אינ איר כאראקטער איז פאָרגעקומענ נאָכ אומגעריכט. מאריע גריגאָריעוונע האָט אופגעהערט צו קלאָגנ, איז פרייליכ געוואָרנ, געוואָרנ מילד. נאָכ דער ארבעט פלעגט אפ באגאטיריאָוונ שטענדיק ווארטנ א צעשניטענער הערינג מיט מירמלנע שטיקעלעכ ציבעלע אונ מיט בראנפנ.

באגאטיריאָוו האָט א באפרידיקטער געזאָגט צו מיר:

— זי האָט זיכ אונטערגעגעבנ! ס'האָט זי דורכגענומענ, זי האָט ניט אויסגעהאלטנ.

ער האָט איר צוגעגרייט א מאטאָנע: אינ שביינישנ דאַרפ האָט ער געקראָגנ א הונ, אייער אונ האָט פייערלעכ איר אונטערגעטראָגנ עס:

— נא, מאריע גריגאָריעוונע, באלעבאטעווע.

ער האָט מיט גרויס פרייד געזעג, אז ציטנווייז הייבט זי אָנ לעבנ

מיט זיינע איניאָגים. אָט היינט, אשטייגער, האָט ער געמאכט א פרוו-רייזע מיט א גרופע אַלטע שילער זיינע. זיי האָבנ אלע מיט דערפאָלג אויסגעהאלטנ דעם עקזאמענ אפ זעלבשטענדיק אָנפירנ מיט א לאָ-קאָמאָטיוו. באָגאַטיריאָוו האָט וועגנ דעם באַגייסטערט דערציילט דעם ווייב:

— ווי זיי זיינענ עס געפאָרנ, מאריע גריגאָריעוונע! מע מעג זיי, אפ מיינ וואָרט, די אויגנ פארבינדנ, וועלנ זיי זיכ אויכ ניט פארגירנ. וווּנדערלעכע בעוורע, העלדישע יאטנ! גיב נאָר א טראכט! פאר איינ יאָרעלע א מאשיניסט! אונ איכ האָב זיכ דאָס גאנצע לעבנ געמא-טערט, פופצנ יאָר! אונ דאָס אויכ, אָנ מאַהאַריטש פלעגט מענ אונ-דזערע לייט צום לאָקאָמאָטיוו ניט צולאָזנ פאר אזא טערמינ.

דעם מאשיניסט באָגאַטיראָווס טרוקענער קערפער האָט זיכ מיט שטילנ אומעט געוויגט אפנ טאבורעט. עפּשער האָבנ אימ באנק געטאָנ די אומזיסט-אויסגעבראכטע יאָרנ, דאָס פארלאָרנ געגאנגענע פערטל יאָרהונדערט.

אזוי איז געווענ ביז היינטיקנ אָוונט, ווענ מיר האָבנ זיכ מיט באָגאטיריאָוונ אוועקגעזעצט שטודירנ לויט די צייכענונגענ דעם וועכ-טינגהאוז-טאָרמאָז. ווי נאָר מיר האָבנ זיכ טיפ אריינגעטאָנ אינ די צייכענונגענ, האָט עמעצער אָנגעקלאפּט אינ טיר. מיר האָבנ אופ-געעפנט די טיר. א בריווטרעגער מיט א בריוו. באָגאטיריאָוו האָט צעריסנ דעם בלויענ קאָנווערט, זיכ צוגערוקט צום לאָמפּ אונ לייענט. ער האָט געענדיקט לייענענ, צעטומלט אראָפּגעלאָזט זיכ אפנ בענקל, באטראכט אלעמענ אונ זיכ ווידער פארטיפט אינ בריוו. ער איז אופ-געשפרונגענ, האָט זיכ ווי א יונגער באכער א וואָרפ געטאָנ צו מאריע גריגאָריעוונע, געפרייט זיכ מיט עפּעס א מעציע. זי האָט אומגעדול-דיק אויסגעשטרעקט די האנט צום בריוו. באָגאטיריאָוו האָט זיכ באַ-טראכט, באהאלטנ דעם קאָנווערט אינ קעשענע, צעלאכט זיכ:

— ניינ, כ'וועל ניט געבנ, קאָנסט 'נאָכ פלוצעמ שטארבנ פאר פרייד, אונ איכ וויל נאָכ א לעב טאָנ מיט דיר.

לאנג האָט מאריע גריגאָריעוונע זיכ איינגעהאלטנ, סאָפּקאָלסאָפּ האָט זי א געשריי געטאָנ מיט קאס:

— גיב, אלטער שעד!

באָגאטיריאָוו האָט דערשראָקנ אָפּגעטראָטנ אפ צוריק. זי האָט זיכ א לאָז געטאָנ אפ אימ, האָט אָנ אופהער געשריענ, זיכ באפרייט פונ אלצ, וואָס זי האָט אזא לאנגע צייט געטראָגנ פארטייעט אינ זיכ.

— מעידער דו פארשאָלטענער! ניט קיינ הארצ בא דיר, נאָר א שטיינ! פארפייניקט האָסטו מיכ! ס'לעבנ איז נימעס! אונ זי האָט פרײַ געלאָזט די טרערנ, וואָס האָבנ אזוי לאַנג זיכ אויסגעבאהאלטנ.

— די ליד הייבט זיכ אָנ באַנײַס, — האָט באַגאַטיריאָוו א זאָג געטאָנ. — זי בונטעוועט! נו, נישקאָשע, ס'וועט זיכ אײַנשטילנ...

אָבער ווײַטער שטורירנ דעמ טאָרמאָז איז שוינ אומעגלעכ געווענ. מיר האָבנ זיכ געלייגט. איכ בינ ניט געשלאָפנ א גאַנצע נאַכט, גע-הערט מאריע גריגאָריעוונעס כליפּענ, אונ ניט געקאָנט פארשטיינ זי. אז מײַנ מאמע האָט געוויינט, האָב איכ געוווּסט פארוואָס וויינט זי: מאכמעס דעמ זיידנס כויזעק, מאכמעס דאַלעס.

נו, אונ אָט די, וואָס וויינט זי? זי האָט אלצ איבער גענוג: סײַ ברויט סײַ פלייש סײַ קאָנסערוונ סײַ מאקאראָנעס סײַ קאָנפעקטנ, אונ געלט אפנ שפאָרביכעלע קלײַבט זי, אונ פלוצעמ טרערנ! אָט א מאָדנע בריע! איכ וויל איר דערציילנ וועגנ אונדזער סאָבאטשייעווקע, פארשעמענ זי, נאָר איכ האָב מוירע איבערשרעקנ זי אינ דער פינצ-טערניש.

אז דער באַגינענ איז צו קריכנ געקומענ, האָט מאריע גריגאָריעוונע א סקריפּע געטאָנ מיטנ בעט, געגייוויש אופגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ זיכ צוגעהערט צו אונדזער אָטעמ. זי האָט א צי געטאָנ צומ מאנ, וואָס איז געשלאָפנ אינ אָנטאָנ, אונ האָט מיט ציטערדיקע הענט אָנ-געהויבנ באזוכנ זײַנ קעשענע.

„דעמ בריוו" — האָב איכ זיכ אָגעשטויסנ.

ריכטיק. זי האָט געשורשעט מיטנ פאפיר, געצויגנ דעמ קאָנווערט. פארמאכנ די אויגנ פאר שרעק אונ אומגעדולד. איכ שפיר נאָכ נאָכ איר דורכ דער שפּאַרונע פונ די האלב-צוגעמאכטע אויגנ. זי קענ דאָכ ניט לייענענ.

זי האָט זיכ א צי געטאָנ צו מײַנ אקסל, א שטופּ געטאָנ מיכ.

— סאניע, זונעלע, לייענ איבער.

בא דער טריבער שײַנ פונעמ אָנקומענדיקנ טאָג האָב איכ דורכגע-לייענט א בריוו פונ דער ווײַטער אלמאזנאיא. מע האָט געשריבנ פונ דער היימ צו באָגאטיריאָוונ.

„טײַערער פאָטער. דײַנע בריוו לייענענ מיר מיט גרויס אופגערו-דערטקייט. דײַנ איידעמ אלעקסאנדער האָט דעמ גאנצנ אָוונט געהאלטנ אינ איינ פארציִענ זיכ דעמ בויכ מיט א רימענ פאר געלעכטער. זיי-ער מאָדנע האָסטו זיכ צעשריבנ. אונ באזונדערס האָבנ מיר זיכ לאנג

אָפּגעשטעלט אפ דײַנע װערטער: „און איכ שטײ אופ, מײַנע ליבע זינ, אײדעמס אונ טעכטער, מיט א געדאַנק, װאָס לאָזט ניט רוען, א געחאַנק, אז איכ לעב דאָס צװײטע מאָל, איכ גיב זיכ א כאַפּ בא דער באָרד, מײנ, אז זי איז פאַרשװוּנדנ, איכ גיב א טאַפּ דעם פּליכ, מײנ, קוטשערנ זײַנענ אויסגעװאָקסנ". סאַשקע האָט דערנאָכ געלאַכט אומפאַרשעמט, גערעדט דערבײַ: „כאַסענע האָבנ װעט אונדזער פאָטער מאַכמעס יונגקײַט נאָכאַמאָל, ער װעט אָװעקװאַרפנ די מוטער, מאַריע גריגאָריעװנע". האָט ער גענומענ אונ טאַקע אזוי אָנגעשריבנ איר, נאָר קײנ ענטפער האָט ער ניט באַקומענ.

נו, אונ נאָכ די איבעריקע בריװ האָבנ מיר ניט געלאַכט. דו רופסט אונדז קײנ מאַגניטאָגאָרסק, זאָגסט, אז סע סטײַעט בא אײַכ ניט קײנ מאַשיניסטנ, געהילפנ. אנדריי האָט זיכ באַראַטנ מיט אונדז, איז אַװעק אינ פּאַרטײ־קאָמיטעט אונ געזאָגט, מע זאָל אים שיקנ אפ אוראַל, איז אָט, טײַערער פאָטער, מעלדנ מיר מיט פרײד, אז מיר קלײַבנ זיכ שוינ אונ װעלנ אינגיכנ קומענ".

## זיבעצעטער קאַפּיטל

הײַנט אַרבעט איכ דאָס ערשטע מאָל ניט מיט באָגאַטיראָװנ. אונדזער מאַשינ געפינט זיכ אינ „קאַלטנ רעמאָנט". מיכ האָט מענ געשיקט זוכנ א פרעמדנ לאָקאָמאָטיװ אפ די „פינצטערע װעגנ" פונ דער סאָרטירונג־סטאַנציע.

מײַנ נײַער מאַשיניסט קאָנ בעשומויפנ ניט אַרויסרײדנ קײנ צװײ לאַנגע װערטער נאָכאַנאַנד. ער מרוקעט, שפּײַט אַריבער דעמ אַקסל אונ טראַכט לאַנג, װיאַזוי רעדט מענ אויס א „ר". אז כ'האָב זיכ אופגעהויבנ אפנ לאָקאָמאָטיװ, האָט ער דראָענדיק מיט א העמערל זיכ צעשריִענ:

— װער איז דאָס? כ'װעל האַרגענענ, גײ ניט צו!

כ'האָב אים באַרויִקט, באַשמירט די מאַשינ, אונטער יעדנ קנויט אָנגעגאָסנ נאַפט, אַרומגעקלאַפּט די קלינעס מיטנ העמערל, דורכגעריװידירט דאָס װאַסער אונ די קוילנ.

דער מאַשיניסט זיצט אינ װינקל א צעפּאַרעטער, האָט דאָס רעקל אויסגעטאָנ, צעשפּיליעט דאָס העמד אונ שרײַט פונ זײַנ פינצטערער נאָרע אַרויס:

— „געהילפֿ? כי! א געהילפֿ? נו, גוטער ברודער, נעמ נאָר די ל־ל־לאָפּעטע, וויאַזוי וועסטו אינ אייזוועלע א וואָרפּ טאָנ!

ער ווייס ניט, אז איכ פֿאַר ארומ אלס שילער אפּ באַגאַטיריאָווס לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז שוינ דרײַ מאָל פּרעמירט, אז איכ האָב א „גראַמאָטע” אלס בעסטער געהילפּ אפֿנ מאַגניטבוי.

איכ האָב טייקעפּ דערפֿירט דאָס אייזוועלע ביז ווײַסנ גלי... דעמ מאַשיניסט איז עס ניט געפֿעלנ געוואָרנ. ער איז צוגעשפּרונגענ, האָט ארויסגעריסנ די לאָפּעטע.

— עכ, דו קאָלווירטניק אינ לאַפּטיעס! אָט אַזוי דאַרפֿ מענ!

ער האָט זיכ ברייט צעפּאָכעט, נאָר ניט געטראָפֿנ אינ ברייטנ פֿענצטער ארײַנ, א קלאַפּ געטאָנ אינ קאָזשוכ פֿונ קעסל, צעשאָטנ די קוילנ איבער דער בודקע אונ איז אינ כּעס געוואָרנ:

— מיע־ע־סקײַט דו, פֿארוואָס האָסטו דאָס אייזווע־לע פֿאַר־מאַכט?

מע האָט אונדז געבראַכט דאָס וועג־פּראָפֿיל, דער מאַשיניסט האָט געגעבנ א סיגנאַל אונ מיר זײַנענ אוועקגעפֿאָרנ.

אײַ, זײַנענ מיר עס געפֿאָרנ! דער וואָגאָנען־באַשטאַנד איז געווענ א מיטעלער, אַזעלכע באַשטאַנדנ פֿלעגנ מיר מיט באַגאַטיריאָוונ פֿירנ אָנ שומ אָנשטרענגונגענ, אונ דער דאָזיקער מאַשיניסט האָט געעפֿנט דעמ רעגוליאַטער אפֿנ גרויסנ קלאַפּאַנ, טראָגט זיכ מיט קוריער־שנעל־קײַט. די וועגנ אפֿנ מאַגניטבוי זײַנענ נײַע, פֿאַראַנ אפֿילע צײַטווײַ־ליקע. אז ס׳וועט פֿאַרטיק ווערנ דער זאַוואָד, וועט מענ זיי פֿאַרמאַכנ. דער וועג־פּראָפֿיל — דורכויסיקע אופֿשטײַגנ, אָפּנייגנ, מע דאַרפֿ האָבנ אָנ אויג אונ סייכל.

אָבער וואָס גייט דאָס אָנ דעמ מאַשיניסט. ער וויגט זיכ אפֿנ בענקל, קוקט אפֿילע ניט אינ פֿענצטער ארײַנ אונ באַפֿעלט:

— הייסער, היי־סער דאַרפֿ מענ! צעגלי! וואָס שווײַגסטו? א זשליאָקע טאָג ווילסטו — אונ ער האָט מיר אויסגעשטרעקט א ניט אינטאַנצנ אויסגעטרונקענע האַלבליטער־פֿלאַש.

דער צוג איז ארופֿגעשפּרונגענ אפֿ אַנ אופֿשטײַג. מע דאַרפֿ פֿאַר־מאַכנ דעמ רעגוליאַטער אונ א ביסל פֿאַרטאָרמאַזירנ. ווײַטער גייט א גרויסער באַרג־אַראָפּ צו די שטיינ־קאַריערנ. אויב דער צוג וועט זיכ צעיאָגנ, וועט מענ אימ ניט קאָנענ אָפּשטעלנ, וועט ער זיכ אפֿ פּיצ־פּיצלעכ צעקנאַקנ.

דער לאָקאָמאָטיוו טראָגט זיכ, שאָקלט זיכ, ווי א שיקער, דער

לאמטערנ אונטערנ מאנאָמעטער איז פארלאָשנ געוואָרנ מאבמעם וויגעניש. איכ האָב פארמאכט די אויגנ אונ זיכ פאָרגעשטעלט. וויאזוי מירנ אומפאלנ אפ דער שכיינישער סטאנציע, מירנ צעקלאפנ די וואגאָנעס, פארצאמענ דעמ וועג צומ זאוואָד, צו די דאָמנעס, איבערלאָזנ זיי אָנ ארצ אונ שטיינ.

איכ האָב א כאפ געטאָנ דעמ מאשיניסט באמ קאָפּ, אימ אָפּגעשלײַדערט אָנ א זײַט. די פלאש האָט זיכ א זעצ געטאָנ אָנ אײַזנ, זיכ צעשאָטנ. גיכער צומ רעגוליאטער! פארמאכט. ארויסגעקוקט אינ פענצטער ארײַנ. אינ דער פינצטערניש, אזוי ווי א לײַכט=טורעמ דאָס רויטע סעמאפאָר־פינטעלע: א סטאנציע אונ דער צוג פליט. די טאָרמאָזנ העלפנ ניט: פונקענ שיטנ זיכ פונ אונטער די רעדער, מיט געברענטנ אײַזנ שמעקט, נאָר דער גאנג ווערט ניט פארקלענערט. האָב איכ א נעמ געטאָנ אפ קאָנטר־דאמפּ.

די רעדער דרייענ זיכ אפ צוריק, אונ דער צוג פליט אזוי ווי פריער, ס׳דרייענ זיכ די צעיאָגטע וואגאָנעס.

אָט איז דער סעמאפאָר. נאָכ פונ דערווײַטנס גיב איכ געפאר־סיגנאלנ.

כ׳האָב קוימ נאָכ באוויזנ פארבײַפליִענדיק, באמערקנ דעמ גרינעמ בליצ אינעמ סעמאפאָר־לאמטערנ.

כ׳בינ אוועקגעלאָפנ צומ קעסל קלאפנ איבער די זאמד=טרויבנ, א ציִ געטאָנ די זעמדלקע. דער צוג האָט אָנגעהויבנ לויפנ שטילער. אָבער אָפּשטעלנ זיכ אפ דער סטאנציע האָט זיכ פאָרט ניט אײַנגעגעבנ. מיר זײַנענ דורכגעשפרונגענ אזוי ווי א וויכער. מיט א ווינקל אויג האָב איכ דערזענ מענטשישע שאָטנס, וואָס האָבנ זיכ ארומגעשלײַדערט אינ פאניק, רויטע לאמטערנעס, כ׳האָב דערהערט פײַפערײַ, געשרייענ.

כ׳האָב נאָכאמאָל געגעבנ טאָרמאָז=סיגנאלנ דער קאָנדוקטאָר־בריגאדע, געפענט אפ צוריקגאנג דעמ גאנצנ רעגוליאטער.

סאָפּקאָלסאָפּ האָבנ מיר זיכ אָפּגעשטעלט. איכ האָב זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ דער ערד, באטראכט דעמ לאָקאָמאָטיוו, די אקס־לאגערס, נאָר אלצ איז געווענ אינ אָרדענונג, ניט אומזיסט האָב איכ פארנ אָפּפאָרנ אלצ גוט ארומגעשמירט.

אז מיר האָבנ זיכ אומגעקערט אפ דער סטאנציע, זײַנענ שוינ דאָרט געווענ די גיכע הילפ אונ די אוואריע־קאָמיסיע.

☆

האט איר אמאל געזען, ווי ס׳רײַסט זיך אראפ און פאלט די זונ? די זונ, וואס פארשטעלט מיט איר סרײַפע דעמ שווארצנ הימל, די זונ, וואס פארוואנדלט אנ אומענדלעכנ רוימ אינ א דורכזיכטיקנ פלאמ, אינ א צארטנ אונ הייסנ פלאמ?

איך זע יעדנ טאג אזא זונ. יעדנ טאג קוק איך אפנ שטראמ טשוהונ, וואס פאלט פונ די האמנעס, אינ די צוגעברענטע קאוושנ. איך האב טויזנט מאל געזענ, ווי ס׳גיסט זיך מעטאל.

נאר ס׳איז מיר ביז הײַנט נאך ניט לאנגווײַליק צו זענ עס. איך קוק, ניט פינטלענדיק מיט קיינ אויג, ניט אפרײַסנדיק זיך, ביז ווײַטעק, ביז טרערנ אינ די אויגנ. אינעמ מעטאלס שטײַפע אונ ווייכע, דרייסטע אונ רויִקע כוואליעס איז פאראנ עפעס א קויעכ. איך פאר צו אפ א לאקאמאטיוו קימאט ביז צו די סאמע קאוושנ, אונ די זונ ציט אלץ נעענטער, נעענטער. ס׳ווילט זיך א פרווו טאנ מיט די הענט די שטראלנ, א פרווו טאנ זייער ווארעמקײַט אונ קראפט.

איך שעמ זיך ניט פאר אט דער ניט פארטײַעטער ליבע אונ פרייד. ניט איך איינער אליינ טראג זיך פארויס מיט אט דער ליבע, ניט איינ מאל איז אזא ליבע געבוירנ געווארנ אט דא אינ טאל.

אז דער ערשטער גראבײַזנ פונ דער ערדגרעבער־בריגאדע האט א זעצ געטאנ די ערד־ברוסט, וואס איז דורעסלאנג ניט גערירט געווענ, די ביטערע, שטיינפעסטע ערד־ברוסט, האט צומ ערשטנ מאל א שפריצ געטאנ פרייד פונעמ ערדגרעבער באריסאווס ליפנ.

געוועג די דאזיקע פרייד בא די מאנטאזש־ארבעטער, ווענ זיי האבנ אראפגענומענ פונ דער לעצטער פארניטונג די פנעוומאטישע העמערלעכ אונ איבערגעגעבנ א פארטיקע דאמנע די עקספלואטאציאניקעס.

געווענ איז זי באמ הארנער קראמארענקא אונ באמ מאשיניסט באגאטיריאוו, ווענ זיי האבנ אופגענומענ דעמ ערשטנ טשוהונ.

אונ, ענדלעכ, געווענ איז זי, די פרייד, ווענ מ׳האט געצווונגענ די אמעריקאנער דאמנעס איבערויספילנ די פראיעקט־מעכטיקייט.

איך ווארט מיטנ לאקאמאטיוו, ס׳זאלנ זיך אנפילנ די קאוושנ, כעדיי ארויספירנ זיי צו די פאנאנדערגוס־מאשינעס.

פונ די בערג בלאזט א טויִק צוגלופטל פונ פריִענ פרילינג, נאר מיר איז ווארעמ אונ גוט שרעקלעכ: ס׳ווארעמט אונ בילט אנ מיט דרייסט דער נאענטער אונ אונטערטעניקער טשוהונ־שמעלצ.

איכ זע אויבנ, צופוסנס דער דאַמנע, די האַרנערס, די טשוהונ־שטשיקעס, די מײַסטערס, און דאָ, אינ דער בודקע, די אָנגעשטרענגטע וואַכזאַמקײַט פונ מײַנ געהילפ באָריסאָוו, זײַנ פאַרזיכטיקנ בליק.

איכ ווײס, אז די מענטשנ האָבנ לאַנג געוואַרט אפ דעם דאָזיקנ מאָמענט. די דאַמנעס הודענ מיט א לופט־שטורעמ פונ דרײַ טויזנט קובאַמעטער, און די האַרנערס, די מײַסטערס, די טשוהונשטשיקעס רירנ אָנ דעם זאַמד מיט ווייכע טריט, בייזערנ זיכ ניט, נערווירנ זיכ ניט, לאַכנ שטיל, גליקלעכ און מוטערלעכ צאַרט לאַשטשענ זײ די דאַמ־נע, שפּירנ געטרײַ־וואַכזאַמ נאָכ נאָכ איר אָטעמ, נאָכ אירע קאַפּריזנ, נאָכ איר לעבנ.

איכ בינ שוינ א מאַשיניסט. איכ האָב אויסגעהאַלטנ דעם עקזאַ־מענ, און מ׳האָט מיר געגעבנ אנ אויסלענדישנ לאָקאָמאָטיוו און כ׳פיר מיט אימ טשוהונענע צוגנ און לערנ דעם ערהגרעבער באָריסאָוו מײַנ פּראָפעסיע.

ער שעפּטשעט צו מיר, ניט אָפּווענדנדיק די אויגנ פונעמ צעגאָ־סענעמ מעטאַל:

— סאָניע, דו גיב נאָר א טראַכט! איכ האָב דאָ די ערד געגראָבנ, טאַטשקעס געפירט, נעסטנ געריסנ אינ בוריאַנ.

ס׳ווילט זיכ מיר אַרומנעמענ אימ און זאָגנ, אז מירנ נאָכ זענ, ווי ס׳וועט זיכ [א גאַנס טאָנ דער ערשטער שטאָל, מירנ זענ די ערשטע וואַלצ־שלאַנגענ, די בליומינג־באָלוואַנקעס.

אָבער אצינד איז קײנ צײַט ניטאָ אפ צו ריידנ. אפ יענער זײַט לאָקאָמאָטיוו־פענצטער איז פינצטער געוואָרנ, די מענטשנ אפ דער דאַמנע האָבנ זיכ אומרויִק גענומענ באַוועגנ.

דער טשוהונ־וואַסערפאַל האָט זיכ געוויגט. אַלעמאָל, איבערײַסנדיק זיכ, האָבנ ארויסגעפּליעסקעט פונקענ, געשפּאַרט מיט מילכ, וואָס לויפט פונעמ איבערגעפולטנ קאָוויש.

ער האָט פאַרלוירנ די ריכטונג, איז געפאַלנ אפ דער ערד, געהילכט מיט אופרײַסנ, געהויבנ א שטורעמ פונקענ אינ טשו־הונ־שטיקלעכ.

דעמ טשוהונ פונעמ אריבערגעשטײַגטנ פלאַנ איז ניטאָ וווּהינ אופּצונעמענ. קאָווישנ פאַראַנ, נאָר די לאָקאָמאָטיוונ קאָנענ זײ ניט אונ־טערשטעלנ דעמ טשוהונ־שטרעמל.

אפ די לאָקאָמאָטיוונ איז נישטאָ קיינ טאָרמאָז־קאָלאָדקעס, די מאַ־שיניסטנ האָבנ פאַרגעסנ אָנ זיי.

דער נאטשאלניק פונעמ דאמנע־צעכ טרייסלט מיט די פויסטנ איבער די קעפ פונ די מאשיניסטנ, רופט זיי אנ פארברעכער.

איכ עפנ דעמ רעגוליאטער אונ לאז זיכ אינ פייער־שטורעמ אריינ. מיינ לאקאמאטיוו איז אויכ ניט בעסער, איכ האב אויכ ניט קיינ טארמאז־קאלאדקעס. אבער איכ בינ דאכ ערשט היינט געווארנ באלעבאס איבערנ לאקאמאטיוו, נעכטנ איז ער נאכ קיינעמס ניט געווענ.

איכ טראג זיכ מיט אפענע אויגנ אינ שטורעמ אריינ. דער קוימענ פונ דער מאשינ איז שוינ פארשוואונדנ אינ פייער. ס'איז הייס, ס'ווערנ נאס די האר. מע קאנ פארייכערנ בא דער לופט, ניט פארציִענדיק זיכ.

איכ פיל גארניט אונ זע גארניט, איכ ווארט אפ א שטויס, ווארט, מע זאל צוטשעפענ דעמ קאווש.

סאפסקאלסאפ האב איכ דערהערט צווישנ אופרייסנ־הילכ, ווי ס'האט זיכ צעקושט דער שטאל פונ דער אווטא־צונויפקייטלונג. איצט דארפ מענ באוועגנ זיכ פארויס מיט מיינטראט, אפ א סאנטימעטער.

מע דארפ אריינפירנ דעמ טשוהונ אינ ענגנ גארגל פונ קאווש. איכ גאגווע זיכ דורכ צווישנ שטערנ־זאווערוכע, סע לעקנ מיכ בליצנ, איכ אטעמ ניט, איכ זע נאר דעמ טשוהונ־שטראמ. דער פייערשטויב וויל מיכ בלינד מאכנ, דער פלאמ וויל מיר פארקוילנ מיינע הענט, נאר איכ הער אינעמ אופרייסנ־הילכ, אינעמ שטורעמ אנטאניטשעס קאל:

— האלט מילכאמע, האלט מילכאמע, אלעקסאנדער!

אונ איכ פאר ווידער, פאנג דעמ שטראמ.

אינ געלנ נעפל זע איכ די הארנערס, די טשוהונשטשיקעס, די מייסטערס, זיי זיינענ אומגעפאלנ אפ דער ערד. נייגנ צו דעמ אויער צו דער ערד, סטארענ זיכ אינ דער נידער דערזענ דעמ קאווש, מיטנ געהער געפינענ אימ. אט האט דער הארנער קראמארענקא אנגעטאפט די נידעריקע רעדער, זיכ געשטעלט אפ די קני אונ אויסגעדרייט דעמ קאפ צו דער גליִענדיקער זונ, דערנאכ איז צומ הארנער צוגעקראכנ זיינ געהילפ לעבעניאק, ער פארשטעלט די אויגנ מיטנ ברייטנ ארבל, לעבנ אימ — דער נאטשאלניק פונ די דאמנעס, אונ נאכ הארנערס, אונ נאכ טשוהונשטשיקעס, נאכ מייסטערס. אונ ווייטער האב איכ שוינ גארנישט ניט געזענ: דער קאווש איז אריינ אינ סאמע הארצ פונ דער אוואריע. דער בוראנ האט אימ אינ די ארעמס אריינגעכאפט, ס'האט

זיכ א נעפל פארדרייט, עפעס האט זיכ מיט היקלבעניש א שאט נעטאנ אפ די אײַזערנע זײַטנ פונעמ לאקאמאטיוו.

ס'האט זיכ גענלוסט א ווארפ טאנ זיכ צוריק — אהינ, ווו מע קאנ זענ און אטעמענ.

איכ גיב שוינ א דריי דעמ הייבער, קעדיי אנטלויפנ, נאר איכ זע דאס מעטאל־שטרעמל שוינ ווידער אונטערטעניק און ווייכ.

די אוואריע האט מענ געפאקט. דער טשוהונ־טײַפונ איז שטיל געבליבנ.

דער לאקאמאטיוו שטייט אינ שאטנ פונ די קויפערס, ס'גלאנצט אפ אימ די ליסקע פונעמ אפגעקילטנ טשוהונ־רעגנ.

דער נאטשאלניק פונ די דאמנעס שרײַט עפעס צו מיר אינ אויערנ, איכ קוק אפ זײַנ צעשפאלטענעמ שלייפ, אפנ צייכנ אפ דער רעכטער באק, שטרענג זיכ אנ ביז ווייטעק צו דערמאנענ זיכ דעמ באקאנטנ פאמיליע־נאמענ, און קאנ דעמ נאמענ ניט אויסרייד.

סע שטעכנ די קינבאקנ, וועלכע זײַנענ ווי געלייטט געווארנ.

דער נאטשאלניק איז אנטלאפנ און כ'האב ניט באוויזנ אימ צו זאגנ, אז כ'האב אינ אימ דערקאנט דעמ הארנער גארבוז, דעמ קאמאנדיר פונ פאנצער־צוג.

צוגעגאנגענ איז דער הארנער לענקע קראמארענקא, האט מיט קינע באטראכט מײַנ לאקאמאטיוו און געזאגט:

— א פײַנע מאשינ, ביסט א יאט, אט אזוי דארפ מענ שטענדיק טאנ, ווייסט וואס — לעב אט דא, לעמ דער אוואריע, שטענדיק.

איכ ענטפער אימ:

— און איר דארט, אפ דער דאמנע, מאכט ניט קיינ אוואריעס, וועט מענ ניט דארפנ לעבנ לעמ זיי.

— מע דארפ לעבנ, סאניע! אט לאמיר שליסנ מיט דיר אנ אפמאכ, דו זאלסט די דאמנע פילנ, ווי דײַנע, אנ אייגענע, און איכ זאל אפ דײַנ לאקאמאטיוו זײַנ ווי א באלעבאס. א קעגנזײַטיקע פאראנטווארטלעכקײַט, הייסט עס.

מיר האבנ געבאסמעט דעמ האזיקנ אפמאכ אינ דער טומלדיקער קאנטאר בעשאס אומבײַט. אפ מארגנ האט די ראיאנ־צײַטונג ארויסגעלאזט דעמ אפמאכ אלס ספעציעל פלוגבלעטל. איכ האב דערזענ מײַנ פאמיליע־נאמענ. כ'האב זיכ דערפילט שיקערלעכ, און שרעקלעכ איז מיר געווארנ פאר דער פאראנטווארטלעכקײַט, וואס כ'האב אפ זיכ גענומענ פארנ גאנצנ זאוואד.

# אכצעטער קאפּיטל

ס'איז קלאָר: דער אינזשעניער האַנס ברוידע מאַכט כּוויזעק פונ אונדזער בריגאַדע, כ'האָב עס געזעענ לויט די דינע ליפּנ, וואָס האַלטנ דאָס גאָלדענע עקעלע פונעם סיגאַרעט, לויט די אויגנ, וואָס האָבנ זיך ווי פאַרזשמורעט פונ רויך, נאָר אינדערעמעסנ באַהאַלטנ זיי געלעכטער.

אָבער ברוידע איז געקומענ צו פאָרנ אינ אונדזער דעפּאָ אַלס קאָנסולטאַנט פונעם לאָקאָמאָטיוובוי־זאַוואָד פונ דער גרעסטער דײַטשישער פירמע, בײַ וועלכער מאַגניטבוי האָט אײַנגעקויפט הונדערט מאַשינעס.

קיינ שום ניט־טאַקטישע שטיק וועט ער זיך ניט דערלויבנ. זײַנ זאַך איז — אָפּגעבנ די לאָקאָמאָטיוונ און זיך אומקערנ אַהיים, קיינ דײַטשלאַנד.

ער איז געקומענ מיט אַנ איבערזעצער פרעגנ, וויאַזוי אַרבעט מײַנ לאָקאָמאָטיוו. ער האָט לאַנג אַרומגעשפּאַנט אַרום דער מאַשינ, געשאָקלט מיטנ קאָפּ לעבנ דער צעבויגענער שטאַנגע, לעם די צעשפּאַלטענע בופערס. ער האָט מיט די נעגל אַראָפּגעריסנ די בלאָטע, וואָס איז פאַרטריקנט אויפנ לאַק פונעם טענדער, האָט מיט אַ באַטיסטנ טיכעלע אַ ריב געטאָנ די טיילנ, וואָס זײַנענ באַשמירט מיט לאַק, דערנאָך איז ער אַרײַנגעקראָכנ אינ דער בודקע אַרײַנ, האָט אַ טײַט געטאָנ מיטנ פינגער אויפ דער קעסל־אַרמאַטור, וואָס איז געווענ פאַרזאָטנ מיט זאַלצ, און האָט אַ שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

באַם געזעגענענ זיך האָט ער אויפגעהויבנ איבערנ קאָפּ זײַנע צוויי אויסגעכאָוועטע פינגער און אַ זאָג געטאָנ:

— דער רוסישער מענטש וועט אויפ אַ דײַטשישנ מעכאַניזם שטענדיק זײַנ ניט מער ווי אַ גאַסט.

אינ דער דאָזיקער רעגע האָב איך פאַרגעסנ, אַז ס'ע שטייט פאַר מיר אַ קאָרעקטער אויסלענדער.

איך בינ גרייט געווענ אויסלאָזנ צו אים מײַנ אויפגערעגטקײַט פאַר דער אומגעהערטער באַליידיקונג.

— מיעסקײַט דו, מיט די דינע ליפּעלעכ, נעוויילע אָנגעפּאַרפּימירטע! בינ איך, הייסט עס, אַ באַרבאַר? מײַנ פרײַנט באַרים און באָגאַכיריאָוו — אויכ? מיר ברענגענ אומ אײַער מאַשינ־ציוויליזאַציע? נו, וואַרט־זשע צו, שעד מיט אויערנ, מירנ דיר אַ ווײַז טאָנ, ס'אַראַ „געסט“ מיר זײַנענ!

מיר האָבן זיך געשטעלט אין דעפּאָ דורכצוואַשן דעם לאָקאָמאָ־טיוו. כ'האָב צונויפגענומען מײַן בריגאַדע און דערציילט, וויאַזוי דער אינזשעניער האָט פון אונדז אַלעמען כויזעק געמאַכט.

דער מאַשיניסט ריבאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— כאַווייריִם, לאָמיר אָט דעם דאָזיקן בורזשויִ דערווײַזן, ווער מיר זײַנען, לאָמיר אַליין שלאָגלעריש אָפּרעמאָנטירן דעם לאָקאָמאָטיוו!

אָנגעהויבן האָט זיך עס נאָך פאַרנאַכט. אומרו האָט זיך געלייגט מיט מיר אין בעט אַרײַן, איז פאַרקראָכן אונטער דער קאָלדרע, האָט געשעפּטשעט אין אויער אַרײַן, האָט זיך געוואַרעמט אויף דער ברוסט.

ס'איז דאָך אָבער גאָרניט ניט געשען. ס'האָבן דאָך אַ סאַך געגנער־מען אויף זיך פונקט אַזעלכע היסכײַוועסן. עמעס, בײַ מיר איז ניט גאָר קיין געוויינלעכער אָפּמאַך. כ'האָב אַ וואָרט געגעבן די מײַסטערס און האָרנערס, אַז כ'בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט פון די דאָמ־נעס. ווייס איך וויאַזוי זיי אַרבעטן? וואָס פאַר אַ הילף וועל איך קאָנען ברענגען? ניט מער פון אַ שוואַרצ־אַרבעטער.

איך האָב אויף זיך גענומען אַ היסכײַוועס פּינקטלעך פירן דעם צע־שמאָלצענעם טשוגון. אָבער די אַרבעט פון די לאָקאָמאָטיוון הענגט דאָך אָפּ ניט נאָר פון מיר. סע קאָנען פאַרהאַלטן די אײַזנבאַנער, די דאָמנע־אַרבעטער, און דער ביזויען פון ניט האַלטן וואָרט וועט פאַלן אויף מיר. צוליב וואָס האָב איך עס אָנגעשריבן אַזויפיל פּונקטן אינעם סאָציאַליסטישן אָפּמאַך? צוליב וואָס אָט דער נײַער אומרו?

וואַרט, גוטער פרײַנט, וואַרט צו! און וואָס וועט זײַן אָנעם דאָזיקן אומרו? וועסטו דען ניט ליגן אַ צוגעפּלעטשטער, אַ ליידיקער, אַ גע־פלעפטער? וועט זיך דיר דען ניט האָכמען, אַז אויף יענער זײַט פענצ־טער וועט קיינמאָל ניט אָנהייבן טאָגן? וועסטו זיך ניט לאָזן דאַן, אַלעקסאַנדער, אָפּן וועג פון דײַנע זיידן, דעם געלן ניקאַנאָר גאַלאָד?

טיפע, שטומע נאַכט. מע הערט, ווי אויפן פּלאַץ קלינגט דורכן ראַ־דיאָ־רופּאָר דער קרעמל־זייגער. מאָרגן דאַרף מען פרי אויפשטיין, און איך דריי זיך אַלץ, קאָן ניט אַנשלאָפן ווערן.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך, ווי פון אַ שטויס, פון עמעצענס אַנ־אַקשאָנעסדיקן רוף. כ'האָב זיך אויפגעזעצט אויפן בעט, אַ דריי געטאָן מיטן אויסשליסער. ס'איז באַגינען. דרײַ שאָ נאָך ביז דער אַרבעט. כ'האָב זיך ווידער צוגעלייגט, נאָר די אויגן פאַרמאַכן זיך שוין ניט.

האָב איך ניט אויסגעהאַלטן, זיך צעשיידט מיטן בעט.

אַרויס אונטערנ אָפּענעמ הימל, אָבער דאָ נאָכ שטאַרקער דערפילט די צערודערטקײט אונ דעמ אומרו.

הינטער די װײטע אוראַלער בערג האָט דער באַגינענ א פּאַכע געטאָנ מיט א שאַרפנ דורכזיכטיקנ מעװע-פליגל אונ איז פאַרגליװערט געבליבנ. ס'האָבנ אימ דערשטױגט די בלײכע פײערנ פונ די װילדע שטערנ, האָט ער איצט געפלאַטערט קרענקלעכ, איז אָפּגעגאַנגענ מיט בלוט, באַװײזנדיק זײנע אײנגענעצטע אינ קאַלטער זונ פּערערנ.

איכ צעטרעט דעמ שנײ, װעלכענ ס'האָט שטאַרק צונױפגעקאָכט דער פּאַרשפּעטיקטער פראָסט, כ'הער מײנע טריט, װאָס זײנענ בױלעט אונ הױכ, אזױ װי אופרײסנ.

דעמ מאַשיניסט ריבאַס בריגאַדע האָט זיכ פאַרװוּנדערט, װאָס כ'בינ אזױ פרי געקומענ. כ'האָב געװאָלט עס דערקלערנ זײ, האָט זיכ אפּנ לאָקאָמאָטיװ באַװיזנ דער געהילפ באַריסאָװ. פונװאַנענ האָט ער זיכ גענומענ? איכ האָב אימ דאָכ ניט גערופנ.

אָבער ער װײס צוליב װאָס ער איז געקומענ: ער האָט דאָכ אױכ געכאַסמעט דעמ אָפּמאַכ.

באַריסאָװ נעמט דעמ לאָמפּ, די „מאַסליאַנקע”, דעמ שליסל אונ קוקט אַפּ מיר פרעגנדיק.

איכ גיב א כאַפּ פונ אינסטרומענטנ־קאַסטנ א העמערל אונ גײ נאָכנ געהילפ אופּנעמענ די מאַשינ.

איכ קלאַפּ אַרומ יעדנ קליג, צי אַנ די מוטערקעס, זוכ װוּנדנ. באַריסאָװ רעװידירט דורכ די בוקסנ, פּויעט זײ אָנ מיט שװאַרצער, גרינגפלעמלדיקער נאַפּט, זעט װיפל װאַסער ס'איז אינ די באַקעס, װיפל קוילנ צי איז דורכגערײניקט דאָס אײװעלע, צי אַרבעט די פּאָמפּעס.

מיר אַנטדעקנ, אז די בוקסנ־קלינעס, װאָס פאַרפעסטיקנ דעמ לאָקאָמאָטיװ־לויפ, זײנענ אָפּגעשװאַכט געװאָרנ, אַלע מאַשינ־גלידער זײנענ צעקראַכנ, די טאָרמאָז־קאָלאָדקעס זײנענ אויסגעריבנ, קײנ רעזערװ־קאָלאָדקעס איז נישטאָ — דער דאַמפּ שלאָגט װי א פּאָנטאַנ דורכ די שלעכט־אײנגעפּראַװעטע „סאַלניקעס“, װיאַזױ װעלנ מיר האַלטנ װאַרט? ס'איז מיר מיטאַמאָל פאַרשטענדלעכ געװאָרנ מײנ שלאָפּלאָזע נאַכט.

פאַר דער דאָזיקער נאַכט האָט דער מאַשיניסט ריבאַ געמאַכט דעמ באַנײטנ לאָקאָמאָטיװ פאַר א הינקענדיקנ.

גוט, װאָס כ'האָב זיכ עס 'איצינד דערװוּסט, ניט 'קאָנ, װענ מ'װעט דאַרפנ ראַטעװענ דעמ צעשמאָלצענעמ טשוהונ.

איכ האב בארעכנט דעמ לאקאמאטיוו וועגנ אונ מײַנע קויכעס. אויב איכ וועל באַווײַזנ צו פארהײלנ די רעדער, וועל איכ ניט צורעכט מאכנ דעמ לאקאמאטיוו, נײנ, ס'איז ניט פאר די קויכעס פונ אײנ מענטשנ. האב איכ צונויפגעשטעלט א ווירטשאפטלעכנ פלאנ פונ געזונט מאכנ די מאשינ. פאנאנדערגעטײלט די פליכטנ צווישנ אלע בריגאדע־מיטגלידער.

אזוי האט זיכ אנגעהויבנ דער ערשטער פרימארגנ פונ אונדזער געווענ מיט די דאמנע־ארבעטער.

דער סטעפ האט זיכ צוגערוקט צו דער שטאט, איז ארײַנ אינ די גאסנ ארײַנ, האט צוגעדעקט דעמ זאוואד. דעמ ווינט האט מענ איצט געקאנט זענ, ער איז געווארנ בײז. ער איז געלאפנ, ניט פאנאנדער בײַגנדיק זיכ, טראגנדיק אפ די אקסלענ שוואכע אונ שארפע שנײ־וואלקנס — דעמ רעשט פונעמ ווײַטנ צאפנדיקנ פראסט.

דער לאקאמאטיוו איז באוואקסנ געווארנ מיט גרויע פאטלעס. לעבנ דעמ הײסנ קעסל — שטיקער שמוציקער אײַז. אפ די רעדער יענגענ, אזוי ווי קײטנ, לאנגע אײַזסטרעמפּלעכ. די נאפט איז פארגליווערט געווארנ. אינעמ קעראסינ — שנײ.

אונדזער בריגאדע האט אויסגעפילט דעמ פלאנ פונ געזונט מאכנ דעמ לאקאמאטיוו. אבער דער מאשיניסט ריבא האט גארניט געטאנ. ער האט זיכ אויסגעבאהאלטנ אינ בודקע, פארשטעלט מיטנ וויכנ שארפ דעמ ראוג 'פאנעמ אריבער די וויעס 'אונ האט געבורטשעט:

— אינ וועלכע געזעצנ פונ ארבעטס־שוצ שטײט עס געשריבנ, אז אינ אזעלכע פרעסט, ווענ אפילע א האלקע וועט קײנ פליגל ניט אופהײבנ, זאל מענ אפ א לאקאמאטיוו אכטונג געבנ אפ דער רײנקײט? ס'איז דא וואומעגלעכ צו אטעמענ אונ ער וויל נאכ ס'זאל גלאנצנ...

האבנ מיר מיט באריסאוונ גענומענ אפ זיכ א טײל פונ ריבאס פלאנ: צוגעגרײט קעראסינ, פלאקס, שטיקער געוועב אונ אנגעהויבנ ארבעטנ.

מיר האבנ געוואשנ די רעדער. 'דער קארעסינ איז אפנ פראסט פארוואנדלט געווארנ אינ קאלט געזאטנס, האט געבריט די הויט, געמאכט אפ איר דיניגקע פאלדעלעכ, וואס אט־אט וועלנ זײ פלאצנ אונ נעמענ הענגענ, ווי שטיקער שמאטעס. דער פלאקס איז געפאלנ פונ די הענט, דער טשײַניק מיט קעראסינ האט געקלונגענ אנ דער ערד. דאנ פלעגנ מיר מיט באריסנ לויפנ צומ לאקאמאטיוו. ארײַנרוקנ די הענט

אינ אייוועלע ארײַנ. ס'פּלעגט ארומכאַפּנ זיסע וואַרעמקײַט, דער דאַמפּ פּלעגט זיכ דרייענ, אזוי ווי א נעפּל, שיקערנ מיט דרעמל.

דערוואַרעמט זיכ, גייענ מיר ווידער אַוועק, רייניקנ, וואַשנ.

בא באָריסאָוונ זײַנענ ווײַס געוואָרנ די עקנ פינגער, נאָר ער רײַבט מיט צונויפגעדריקטע ליפּנ. זײַנ מויל זעט אויס, ווי אפ אייביק פאַר־נייט, בלויז צײַטנווײַז גיבנ זיכ א שלײַדער אראָפּ די ברעמענ, אונ ער גיט גיכ א קוק אפ מיר. דאַנ זע איכ זײַנע קײַלעכדיקע שוואַרצאַפּלענ אונ שמוציקע בלאָטערס אפ די באַקנ.

איכ לאַכ, מונטער אופ באָריסאָוונ. אונ אלײנ ציטער איכ מיט א דריבנע ציטערל, צווישנ די ציינ שלענגלט זיכ, סקריפּענדיק אונ זשו־מענדיק, קאַלטער דורכ־אונ־דורכיקער ווינט. אָט באַלד, איינ רעגע, וועט זיכ פונ די ליפּנ אראָפּרײַסנ:

— קום, לאָמיר זיכ אָנוואַרעמענ.

איכ זע, אז באָריסאָוו וויל זאָגנ דאָס זעלבע, נאָר ער וואַרט, אז איכ זאָל זאָגנ. אונ מיר רייניקנ ווײַטער שטומ־שווײַגנדיק דעמ לאָקאָ־מאָטיוו, רייניקנ אימ ביז גלאַנצ.

אז דער לעצטער „סוכאָפּאַרניק" איז געוואָרנ אזוי ווי א קראָ־פּליגל, זײַנענ מיר נאָכ לאַנג ארומגעגאַנגענ ארומ דער מאַשינ, באַ־טראַכט זי אונ געשמייכלט איינער צומ אַנדערנ.

דער ערשטער פּונקט פונעמ סאָציאַליסטישנ אָפּמאַכ איז אויסגע־פילט.

...אינ עטלעכע טעג ארומ האָב איכ דערזענ דעמ אינזשעניער ב־ווי־דע, פונדערווײַטנס א פּאַכע געטאָנ צו אימ מיטנ טיכעלע אונ אימ א רופ געטאָנ אפּנ לאָקאָמאָטיוו ארופ. ער איז צוגעגאַנגענ, האָט, ניט דערקענענדיק, א קוק געטאָנ מיר אינ פּאָנעמ ארײַנ, אפּנ נומער פונ דער מאַשינ אונ האָט גאָרניט ניט פאַרשטאַנענ.

איכ האָב אימ דערמאָנט דעמ טאָג פונ אונדזער באַגעגעניש אונ אוועקגעפירט אָנקוקנ דעמ לאָקאָמאָטיוו.

דער אינזשעניער האָט געקוקט, געווישט דעמ לאָקאָמאָטיוו מיטנ טיכעלע. דאָס טיכעלע איז געבליבנ ריינ, זײַנע ליפּנ האָבנ זיכ פאַר־שעמט צעצויגנ: איכ ווייס, אז ער האָט פאַרשטאַנענ זײַנ טאָעס.

...אפ דער ברוסט פונ מײַנ לאָקאָמאָטיוו ברענט קופּער, אפּנ קופּער די ווערטער:

„דער לאָקאָמאָטיוו פאַרמעסט זיכ מיט די דאָמנע־אַרבעטער. קיינ איינ מינוט פאַרזאַמונג!"

דער סטאַנציע־דערזשורנע, די צונויפשטעלער, די צונויפקייטלער, אַלע באַטראַכטנ די מאַשינ ווי צום ערשטנ מאָל, אונ שטעלנ זיכ אָפ מיט מוסערנדיקנ בליק אָפ בלאָטע־פלעקנ, וואָס זײַנענ קליינ אַזוי ווי אַ קערנדל: זיי קאָנענ אַפילע דאָס ניט מוחל זײַנ.

צום לאָקאָמאָטיוו האָט מענ צוגעטשעפּעט דרײַ קאַוושנ. איכ דאַרפ זיי אונטערשטעלנ אונטער דער דאַמבע, מע זאָל אָנגיסנ טשוהונ. אינ סאָציאַליסטישנ אָפּמאַכ איז דאָ אַ פּונקט, לויט וועלכנ איכ פאַרפּליכט זיכ שטעלנ די קאַוושנ אינ איינ־צוויי מינוט.

איכ בינ אַוועקגעפאָרנ. נאָכ מיר האָבנ זיכ אַוועקגעלאָזט צונויפשטעלער, צונויפקייטלער. זיי גיבנ אַלעמאָל קאָסע אַ קוק אָפ מיר, נאָר מאַכנ אַנ אָנשטעל, אַז זיי גייענ צוליב זייערע אייגענע איניאַנים.

אַריבער די פּאַרענטשעס פונעם גוס־הויפ בייגנ זיכ די מײַסטערס, די האַרנערס, די טשוהונשטשיקעס. צווישנ זיי זע איכ דעמ האַרנער קראַמאַרענקאָ. ער האָט אַראָפּגענומענ דעמ פילצ־הוט, צעגלעט די ראַנדנ, גיט קיינ פינטל ניט מיט קיינ אויג, קוקט אָפ מײַנע ליפּנ, אָפ די לאָקאָמאָטיוו־רעדער, אָפ מײַנ האַנט אונ רעגוליאַטער.

האָב קיינ יעסורימ ניט, קראַמאַרענקאָ, איכ וועל ניט אונטערפירנ!

שוינ וויפל טעג האָב איכ אויסגערעכנט, וויאַזוי איכ וועל שטעלנ די קאַוושנ אונטער דעמ פײַער־שטראָמל. אונ אַצינד פאַר איכ, דאַכט זיכ, אָפ אַ באַקאַנטנ וועג, מעסט מיט די אויגנ די דיסטאַנצ ביזנ ערשטנ נעזל פונ דער רינווע, איבער וועלכער ס'גייט דער טשוהונ. אָט דאָ דאַרפ מענ אונטערשטעלנ דעמ קאַווש. איכ עפנ דעמ רעגוליאַטער צוביסלעכ, ניט וואַרפנדיק דעמ טאָרמאָז, שפּיר נאָכ נאָכנ אָנופּהערלעכנ שפּאַנענ פונעם לאָקאָמאָטיוו. ניט באַוויזנ האָט דער צונויפשטעלער אַ דריי צו טאָנ מיט דער האַנט, סיגנאַליזירנדיק דעמ אָפּשטעל, ווי איכ האָב שוינ פאַרמאַכט דעמ האַמפּ, צוגעדריקט דעמ טאָרמאָז — אונ די מאַשינ האָט זיכ אַוועקגעשטעלט פעסט, שטײַפ.

פאַר צוויי מינוט זײַנענ צעשטעלט די קאַוושנ אָפ צוויי הונדערט פופציק טאָג טשוהונ. פריער פלעגט מענ דערופ אויסברענגענ צענ, פופצנ מינוט.

קיינער האָט מיכ קיינ לויב ניט געטאָנ. אָבער מיכ קאָנ מענ ניט אָפּנאַרנ: איכ האָב באַמערקט אינ די אופגעהויבענע קעפ צופרידנקײַט.

איכ האָב זיכ גערייכט, אַז די אָנשטרענגונג וועט פאַלנ, דער אומרו וועט זיכ צונויפפּרעסנ, אָבער זיי זײַנענ געוואָקסנ. ס'איז נאָכ אַזוי פיל היסכײַוועסנ פאַראַנ!

דער לאָקאָמאָטיוו איז געשטאַנענ אונטער די קאָוושנ, קוימ־קוימ ציטערנדיק, גלײַכ ער וואָלט איבערגעלעבט די זעלבע אופגערודערטקייט, געבעטנ א דערלויבעניש גיכער 'א הייב טאָנ זײַנע מעכטיקע יאַגפּיס אונ אוועקפירנ דעמ אוראַלער טשוהונ צו די פאַנאַנדערגוס־מאַשינעס.

איינצײַטיק מיט דעמ אוועקשיקערס סיגנאַל האָב איכ געגעבנ א פײַפ, געעפנט דעמ דאַמפּ, אונ בינ אוועקגעפלויגנ.

אָט איז דער ליכט־ווײַזער. דער דורכלויפ האָט פאַרנומענ דרײַ מינוט. פריִער פלעגט מענ איבערבערענגענ צענ אונ נאָכ אָפּשטייג אמאָל א האַלבע שאָ באַמ אַרײַנגאַנג. אונ עפשער וועט עס אויכ איצט טרעפנ? כ'באַטראַכט מיט שרעק דעמ קאָליר פונעמ פײַער. רויט, גו, פלאַמ־רויט, ווי א וווּנד, א סיגנאַל אָפ אָפּשטעלנ!

אומזיסט וועלנ אָפ מיר וואַרטנ צענדליקער אַרבעטער באַמ צווייטנ עק זאַוואָד, קעדיי פאַנאַנדערגיסנ דעמ טשוהונ. איכ וועל ברענגענ דעמ קאָווש אָנ אָפּגעקילטנ אונ דער טשוהונ וועט זײַנ געדיכט אונ קלעפּיק. ניינ, איכ טאָר עס ניט, איכ טאָר עס גיט דערלאָזנ!

איכ וואַרפ דעמ לאָקאָמאָטיוו אָפ באָריסאָווס פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, אַליינ לויפ איכ אָפ דער סטאַנציע אונ זע: דער רעזערוו־צונויפשטעלער, שיקער פונ לײַדיקגייערײַ, פאַרוועט זיכ מיט די ווײַזערניקעס, אז ער קאָנ מיט איינ אָטעמ אַרויסציִענ דעמ גאַנצנ פּאַפּיראָס. דעמ סטאַנציע־דעזשורנעמ האָט פאַרכאַפּט דער דאָזיקער ספּעקטאַקל, האָט ער פאַרגעסנ אָנ צוג.

איכ שפּרינג אַרופ אָפנ דעזשורנעמ, וויל אימ א זעצ טאָנ איבער דער אַראָפּהענגענדיקער ליפּ, נאָר כ'האַלט זיכ אײַנ. איכ נעמ דעמ „זשעזל“, יאָג זיכ צומ לאָקאָמאָטיוו.

אינ פינפ מינוט אַרומ זײַנענ מיר אָנגעקומענ צומ פאַנאַנדערגוס־פונקט.

דער דורכיאָג האָט פאַרנומענ בלויז אכט מינוט, אָנעמ אַראָפּרעכענענ די דרײַ מינוט פאַרהאַלטונג.

די קאָנאָווטשטשיקעס האָבנ פאַנאַנדערגעגאָסנ אָפ דער סטענגע דעמ טשוהונ, וואָס איז נאָכ ווייכ אונ ביִיגיק, אונ האָבנ פאַרגעדענקט דעמ נומער פונ מײַנ לאָקאָמאָטיוו — 20.

... אונ די אָנשטרענגונג וואַקסט אַלץ אונ וואַקסט. מײַנ לאָקאָמאָטיוו קענענ סײַ דער שוואַרצאַרבעטער סײַ דער מײַסטער סײַ דער אינזשעניער. ס'באַגריסנ זיכ מיט מיר דער אינזשעניער, דער נאַטשאַל־

ניק פונ די דאָמנעס. איכ רייד מיט אימ ווי מיט מײַנ גלײַכנ, אונ באוונדער ניט מײַנ האָזע.

ס'איז צו מיר אפנ לאָקאָמאָטיוו געקומענ צו לויפנ א בריגאַדע ארבעטער, וואָס באַפרײַענ די קאָוושנ פונעמ שלאַק, אונ רופנ מיכ צו זיכ אפ הילפ. די בריגאַדע איז זיכער אינ מיר.

איכ פאָר פאָרזיכטיק צו די קאָוושנ, שפרינג אראָפ, דערווײס זיכ, וואָס פאַר אנ אָנגלי באַמ שלאַק, צי איז נישטאָ קיינ טשוהונ־צומיש, איכ העלפ דער בריגאַדע פאַרבינדנ דעמ קאָנאַט מיטנ לאָקאָמאָטיוו.

אַלצ איז פאַרטיק. איכ טרוי ניט, ניט זיכ, ניט דער בריגאַדע, אומעטומ רעווידיר איכ דורכ גענוי אונ געטרײַ.

פאַרטיק! קאָנטעווע! — שרײַענ די ארבעטער.

איכ דאַרפ טייקעפ א צי טאָנ דעמ לאָקאָמאָטיוו אפ צוריק. איכ עפנ דעמ רעגוליאַטער, צי אָנ די טראָסנ אונ, מוירע האָבנדיק צו צע־פליעסקענ, נעמ איכ אראָפ א דינ ריטשקעלע שלאַק פונ די קאָוושנ, שלאַק, וואָס איז ענלעכ אפ קראַטער־לאַווע, ער פאַלט מיט הילכעניש אפנ שיפּוי, באַדעקט דעמ שנײ מיט בעזוענעמ אַש, באַפאַרבט די נאַפט מיט ראָזער דעמערונג. דער קאָווש שטייט א רייגער, גרייט אוועקגעפירט צו ווערנ אפ דער דאָמנע.

ס'איז אויסגעפילט דער לעצטער פונקט פונ סאָציאַליסטישנ אָפמאַכ. אָבער די אָנשטרענגונג ווערט ניט געשטילט.

איכ פאָר פאַרבײַ דעמ לאָקאָמאָטיוו נומ. 4, זע דעמ מאַשיניסט אונ דעמ געהילפ שטיינ אפ די קני, זיי רייניקנ די מאַשינ, קלאַפנ מיט דעמ שליסל, מאַכנ יונג דעמ לאָקאָמאָטיוו, איכ גיי צו זיי העלפנ.

איכ וועל קומענ אהיימ, לויפנ אפ ליזשעס, פליענ אפנ בויער, גרייטנ זיכ אינ אינסטיטוט ארײַנ, זוכנ די ליפנ פונ דער געליבטער, נאָר ב'ווייס, אז קיינמאָל וועט פונ מײַנ הארצ אונ פונ מײַנ מויעכ ניט אוועק דער געפיל פונ מײַנ קלאַסנ־אָנשטרענגונג, דער געפיל פונ קאַמפ. ער וועט זײַנ אָנ אייביקער אונ אייגענער מיטגייער, מיט וועלכנ איכ וועל זיכ קיינמאָל ניט צעשיידנ.

געלער גיקאַנאָר, צעגראָב דײַנ קיוועור, הייב אופ דעמ קאָפ, גיב א קוק כאָטש אפ איינ טאָג פונ מײַנ לעבנ, וואָס פלאַצט פאַר פולקײַט! דו וועסט זיכ צעווײנענ פאַר קינע, דו וועסט פלאַטערנ אינ קרענק־קאָנוווּלסיעס, אינ צאָרנ אונ ווייטעק פאַר זיכ, דעמ מענטשנ, וואָס האָט צעפּאַטערט זײַנע קויכעס אינ "אומזיסט־אומנישטע זוכענישנ.

# ניינצעטער קאפיטל

דער שווארצער לאנגער זייגער־ווײַזער לויפט אײַליק אז דער גרויסער און פארדראָסיק־בוילעטער ציפער צוועלפ. איכ קוק זיכ פיבערדיק אײַנ. אינ דעמ אויגנבליק, ווענ די שמאָלע ווײַזערס וועלנ צודעקנ איינער דעמ אנדערנ, וועט דער דעזשורנע אינזשעניער באפעלנ ארויסגעבנ דעמ צעשמאָלצענעמ טשוהונ. נאָר קיינ פלאָנמעסיקער ארויסגעב וועט ניט זײַנ. דער האָרנער קראמארענקאָ וועט אראָפלאָזנ די אויגנ צו דער ערד און וועט שטיל א ריר טאָנ מיט די ליפנ:

— מע קאָנ ניט געבנ קיינ טשוהונ. די רינוועס און די קאנאוועס זײַנענ ניט פארטיק.

דאנ וועט דער אינזשעניער אופהערנ האָבנ אָפשײַ פארנ אומבײַט פונעמ האָרנער קראמארענקאָ. אינדערפרי וועט מענ אפ דער דיכקאָנט־ברעט אוועקזעצנ דעמ אומבײַט אפ א קלעפעדיקער טשערעפאכע מיט שלאָנגישע אייגלעכ. ס'וועט ארויס די צײַטונג, און וועט מוסערנ די בריגאדע פאר אָפגעשטאנענקײַט.

ניינ. דאָס טאָר ניט געשענ. פאר קראמארענקאָס אומבײַט בינ איכ פאראנטוואָרטלעכ. האָבנ מיר דענ ניט געשלאָסנ קיינ אָפמאכ פונ קעגנזײַטיקער פאראנטוואָרטלעכקײַט? קראמארענקאָ האָט געהאָלפנ אונדזער בריגאדע באנײַענ די מאשינ. הײַנט שטייט אָפ די דאָמנע, בינ איכ, דער מאשיניסט, געקומענ העלפנ דעמ האָרנער קראמארענקאָ. קראמארענקאָ שטייט, אָנגעשפארט מיט די אקסלענ אָנ א אײַזערנער קאָלאָנע, און פארדרייט פארברעכעריש־געלאָסנ א פאפיראָס. ער האָט זיכ אָפגעקערעוועט פונ די פארמיסטיקטע גראָבנס, איבער וועלכע כ'דארפ גיינ דער טשוהונ. ער האָט צוגעדעקט מיט די פוכיקע וויִעס די געדיכטע שווארצאפלענ, הויכ אופגעהויבנ די דינע ברעמענ. ער טראכט, מאכנדיק דעמ אָנשטעל, אז ער איז פארנומענ מיט צונויפקלעפנ דעמ פאפיראָס.

און דער ווײַזער פליט צו דער אומגעדולדיק־וואָרטנדיקער ציפער 12.

מיט א שאָ צוריק האָט קראמארענקאָ אופגענומענ דעמ אומבײַט פונעמ האָרנער באבינ. עס זײַנענ פארשטאָפט די רינוועס — ארטעריִעס, וואָס פולסירנ מיט מעטאל־בלוט. ס'איז אָפגעשוואכט די האָרנע פונ דער דאָמנע, וואָס וואָרפט ארויס בא יעדער שמעלצונג אָנדערהאלבנ הונדערט טאָנ טשוהונ. און אויב דער האָרנער וועט, גאָרניט צורעכט מאכנדיק, לאָזנ די שמעלצונג, וועט דער פײַער־טײַכ א פלאצ

טאָנ פונ דער דאָמנעס דורכגעריסענעמ האלדז, וועט אריבער די צערוינירטע גראָבנס, פארפלייצנ מיט רויטער לאווע דעמ גוס=הויפ, וועט מיט פאנצער צונויפשמידנ די באנ־וועגנ אונ וועט צוגעמענ דעמ אָטעמ בא די דאָמנעס. ס'וועט ווערנ שטיל אינ צעכ. די הויכע טורעמס פונ די קויפערס וועלנ זיכ טרויעריק רײַסנ צומ אנפלאמיקנ הימל, אזוי ווי מאצייוועס, אונ די האָרנערס וועלנ ארומגיינ, אזוי ווי קלאָג־מיטערס.

קראמארענקאָ האָט פלוצלינג צונויפגעקוועטשט דעמ פאפיראָס, צעשאָטנ דעמ טאבעק, טיפ ארײַנגעזעצט דעמ קאָפ אינ פילצ־הוט ארײַנ אונ האָט זיכ קימאט לויפנ געלאָזט צו דער האָרנע.

איכ שטוימ זיכ אָנ, וואָס דאָ איז געשענ. קראמארענקאָ האָט אָנגענומענ א דרייסטנ באשלוס. ער וויל אונטער דער פולער הדיקונג פונ דער פארטיקער שמעלצונג אופשטעלנ די האָרנע פונ דער דאָמנע. דערצו דארפ מענ פארמאָגנ אײַזערנעמ ווילנ. אופשטעלנ דעמ האלב־כאָרעוונ פוטליאר — הייסט צוגיינ קימאט ביז דער סאמע טשוהונענער מאסע. דאָס פײַער קאָנ יעדע סעקונדע צעברעכנ דאָס פייער־שטאנדהאפטיקע ווענטל, וואָס איז דינ, אזוי ווי שאָלעכצ, אונ זיכ א וואָרפ טאָנ אפ די מענטשנ.

קראמארענקאָ נעמט צוויי ברעכ=אײַזנדלעכ: איינס גיט ער מיר, דאָס צווייטע — דעמ געהילפ לעסניאקנ, בייגט אײַנ די פלייצע אונ צעפאָכעט זיכ מיטנ שווערנ שארפנ שפיצ פונ דער פיקע צומ הארצנ פונ דער האָרנע. נאָר קיינ קלאפ גיט ער ניט, ער דערשטיקט די אײַליקײַט, פאלט אומ אפ די קני אונ קוקט מיט מוירע ארײַנ אינ דער צעדרויבלטער האָרנע פונ דער דאָמנע.

ער האָט זיכ נאָכ ניט אנטשלאָסנ. ער האָט אויסגעטאָנ די הוט, מיטנ הארטנ ספעצאָווקע־ארבל ווישט ער אָפ דעמ נאסנ שטערנ, די האָר, באטראכט אופמערקזאמ זײַנע הילצערנע שיכ. זיי רייכערנ זיכ טשאדנע אונ עקלדיק.

דער געהילפ לעסניאק שטייט א צעטומלטער. ער האָט זיכ אויסגעצויגנ אָנגעשטרענגט, ניט פארשטייענדיק. ער איז ניט געוווינט צו שטיינ אָנ ארבעט אונ שעמט זיכ אצינד א פרעג צו טאָנ:

— קראמארענקאָ, וואָס וועלנ מיר טאָנ?

דער האָרנער האָט זיכ צעשריִענ, מע זאָל אימ געבנ לײַמ, לאָפעטעס אונ ברעכ־אײַזנס.

— גיכער, לעבעדיקער, רירט זיכ!

ער האָט געגעבנ דעמ ערשטנ קלאפ איבערנ פוטליאר אונ זיכ אָנ־

געבויגנ אריבער דער אײַזערנער טרויב. איכ האָב זיכ אויסגעבאַהאַלטנ הינטער זײַנ קאָפּ, אונ בלויז דער געהילפ לעסניאַק איז אָנ שרעק גע־שטאַנענ אקעגנ אונ מיט ברייטע פאָכענישנ אָפּגעוואָרפנ דעמ אשיקנ שלאַק. איבער די שלייפנ זײַנע זײַנענ געלאָפנ גיכע שוויס־רימשקע־לעכ. ער האָט ניט כוישעד געווענ, וואָס פאַר׳א הייסער אונ שנעלער טויט קאָנ ארויסשפרינגענ פונ דער פארמיסטיקטער האָרנע.

קראַמאַרענקאָ איז פאַרזיכטיק ארויסגעגאַנגענ פונ היגטערנ צודעק. ער האָט לאַנג באַטראַכט די שווארצע האָרנע. ס׳איז דאָרט ניט געווענ קיינ איינ פונק. דאַנ איז ער דרייסטער געוואָרנ אונ גענומענ שטאַרקער שפּאַלטנ דעמ רעשט פונ כאָרעווע פוטליאַר.

איכ האָב אָפּגעשלײַדערט דעמ שלאַק. געטראָגנ ליימ, געסטאַרעט זיכ ניט אופצוהייבנ דעמ קאָפּ, ניט קוקנ. לעסניאַק, איג שווארצ־גע־וואָרענעמ העמד, האָט געטריקנט די פארפעסטיקטע האָרנע מיט צע־גליטנ קאָקס, מיט האָלצ, די פוטליאַר־ווענטלעכ האָבנ זיכ אָנגעבריט, זײַנענ געוואָרנ גלאַט אונ זיכער. די שווארצ־ארבעטער האָבנ דורכגע־רייניקט די גראָבנס. אפּ די באַנ־וועגנ האָבנ די לאָקאָמאָטיוונ אונטער־געשטעלט אונטער די רינוועס די קאָוושנ. די ארבעטער האָבנ אָנגערוקט אפּ די אויגנ פילצ־היט. ס׳האָבנ זיכ הערנ געלאָזט אופגערודערטע און אָנגעשטרענגטע קוילעס. ס׳איז אײַלנדיק דורכגעלאָפנ דער מײַסטער.

קראַמאַרענקאָ האָט איבערגעגעבנ די געהילפנ, זיי זאָלנ אָפּשלײַפנ די שלאַק־רינוועס, אליינ האָט ער זיכ גענומענ צומ הארמאַט.

כ׳האָב זיכ דערמאָנט, ווי באַבינ האָט, איבערגעבנדיק דעמ אומ־בײַט, גערעדט וועגנ דעמ קאָמפּליצירטנ מעכאַניזמ פונ דער דאָמנע, וועגנ בראָזיוס־הארמאַט:

— פארשטייסטו מיכ, אָט אנ אויסוווּרפ דער האָזיקער מעכאַניזמ! ווי נאָר מיר האָבנ געוואָלט פארקלאָפּנ די „ליאָטקע" מיטנ הארמאַט, איז גיינ, ער לאָזט זיכ ניט, שטייט זיכ, אונ פארטיק. מיר דרייענ זיכ ארומ אימ, אפּ אזא אויפנ, אפּ אזא אויפנ — ניינ, מאַכט זיכ ניט ווּיסנדיק, דער פארשאָלטענער. האָבנ מיר אימ געוואָרפנ, דעמ האר־מאַט, אונ מיט די הענט פארקלאַפּט די „ליאָטקע".

„ניינ, באַבינ, ס׳איז ניט קיינ טערעצ — טראַכט איכ, — אזא מינ ארבעטער ביסטו עס. האָסט קיינמאָל אינ אָרדענונג ניט אָפּגעגעבנ דעמ אומבײַט, ס׳טוט דיר ניט ווי דאָס הארצ פאַר דער דאָמנע. האָסט מוירע פאַר דער טעכניק".

אָט קראַמאַרענקאָ, ער האָט קיינ מוירע ניט פאַר דעמ אויסלענ־

דישנ מעכאניזמ, כאָטש ער האָט אויכ געלערנט זיכ לעבנ דער האָרנע,
ווו פאר אלצדינג זײַנען פאראנטוואָרטלעכ די הענט, אונ ערשט מיט
דרײַ יאָר צוריק האָט ער זיכ באקענט מיט דער דאָמנע. קראמארענקאָ
האָט אויסגעשטודירט די צייכענונגענ פונעמ הארמאט, פלעגט ניט
לאָזנ צורו די אינזשעניערנ מיט קאָלערליי פראגעס, האָט אויסגעפאָרשט
אלע טיילעכלעכ פונעמ הארמאט, אויסגעפאָרשט זײַנ כאראקטער.

אָט האָט אצינד דער הארמאט ווידער צעקאפריזעוועט זיכ. דער-
מאָנט זיכ קראמארענקאָ צענדליקער מענלעכע סיבעס, שטעלט זיכ אָפּ
אפ דער סאמע זיכערער אונ הייבט אָנ אויספרווון. ער האָט אופגעעפנט
די דורכבלאָז-קראנענ, ארײַנגעלאָזט דאמפ אינ צילינדער, דערנאָכ אײַנ-
געשלאָסנ הוילגאנג. אצינד ארבעט דער הארמאט אנ אנטיק. ער האָט
זיכ פאָשעט אויסגעקילט אונ מ'האָט אימ באחאפט אָנ:וארעמענ.

מיר האָבנ זיכ נעגרייט צו דער פלאנמעסיקער טשוהונ-ארויסגעבונג.

דער צעשמאָלצענער טשוהונ האָט א שפריצ געטאָנ מיט די ער-
שטע פונקענ, דער טשוהונ האָט זיכ געלאָזט א העל-ליכטיקער, ווי דער
אופגאנג-פלאמ אפנ יאמ. ער פלייצט אריבער די קאָוושנ. סע סטײַעט
ניט קיינ געפעס פארנ טשוהונ. דער אינזשעניער, גארבוז אליינ, דער
מײַסטער, די ארבעטער פארצאמענ מיט לאנגע לאָפּעטעס דעמ יוענ
דעמ טשוהונ, ריכטנ אימ איבער די רעזערוו-גראָבנס, צעדרויבלענ די
שטראָמ-קראפט.

איכ כאפ די לאָפּעטע אונ שטעל זיכ לעבנ גארבוזנ אונ לעסניאקנ.

מיט זעקס הענט שלאָגנ מיר זיכ מיטנ פלאמ. דער ווײַסער פלאמ
בײַסט לעסניאקס לאפּטיע, שפרינגט אינ די אויגנ ארײַנ, רײַסט די
האָר, דאָס רעקל אפ גארבוזנ פלאצט, ווערט ענג בא די אקסלענ אונ
קאָרטשעט זיכ אינ שרעק.

איכ האָב זיכ דערמאָנט די דאָמנע, ווו ס'האָט געארבעט מײַנ פאָ-
טער. ווי לאנג שוינ, אז ס'איז געווענ! איינמאָל האָט זיכ דאָרט
אופגעהויבנ פונקט אזא שטורעמ. דער טשוהונ-טײַכ האָט אָנ שומ
שטערונגענ צעאשט אלצ אפ זײַנ וועג. דאנ זײַנענ די מענטשנ אנט-
לאָפנ פארנ טשוהונ-שטראָמ.

אונ אָט אצינד קלאפּט דער געוועזענער פאסטעכ לעסניאק, א בייר-
געווודיקער אונ א דרייסטער, אינ סאמע הארצנ ארײַנ דעמ פײַער,
פארצאמט אימ מיט דער ברוסט דעמ וועג, אונ לעבנ אימ — איכ.

דער טשוהונ-טײַכ איז פינצטער געוואָרנ, האָט זיכ אונטערטעניק
אונ שטיל אוועקגעלייגט אפנ זאמד מיט מאָגערע ריטשקעס. קראמארענ-

קאָ פארמאכט די „ליאָטקע“, שיסנדיק פונעמ לאנגנ שטאמ, וואָס איז ענלעכ אפ א הארמאט־שטאמ, מיט לײמ־גראנאטעס אינ האלדז פונ דער דאָמנע ארײַנ.

## צוואנציקסטער קאפיטל

אינ אונדזער באראק איז געקומענ א קוריער פונ שטאָטראט, איר בערגעגבנ מאריע גריגאָריעוונע א פאפירל אונ גענומענ בא איר אנ אונטערשריפט, אז זי האָט עס באקומענ. זי האָט אװעקגעשטעלט אינ קוריערס ביכל דרײַ צײלעמלעכ אונ שעמעוודיק אויסגעשטרעקט צו מיר דאָס פאפירל. מיטנ פאפירל האָט מענ געבעטנ מאריע גריגאָריעוונע קומענ אפ דער הײַנטיקער זיצונג פונעמ שטאָטראט־פרעזידיומ.

זי האָט פארכידעשט א הײב געטאָנ די קײַלעכיקע אקסלענ.

— צוליב וואָס בינ איכ זײ עס גײטיק? איכ ווײס אפילע ניט דעמ וועג אהינ.

זי האָט זיכ אװעקגעזעצט א צעטומלטע, צו די פיס אירע לאַשטשעט זיכ איר געליבטע קאַץ. איצט קאָנ מענ די קאַץ ניט דערקענענ: די וואָל איז אופגעדראָלט, אינ שמוץ־סטרעמפלעכ. פארגעסנ האָט איר מאריע גריגאָריעוונע, האָרעוועט זי ניט מיט קײנ מילכ פונ א טעצעלע אונ מיט קײנ פלײש־רעשטלעכ. די קאַץ, וואָס איז פארווילדעוועט געוואָרנ אָנ די צערטלענישנ, מיט אײביקהונגעריקנ גלאנצ אינ די אויגנ, דאַרפ איצט אלײנ זוכנ זיכ שפּײַז.

באָריסנ זע איכ זעלטנ. ער פירט צוגנ מיט ארצ פאר די דאָמנעס אונ דעמ גאנצנ מעסלעס לעבט ער אפנ לאָקאָמאָטיוו. ער שלאָפט הינטערנ קעסל אונ דאָס נאָר בעשאָס אָפּשטעל, ווענ מע לאָדט אויס די וואַגאָנעס. ער האָט שטענדיק מוירע פאר זײַנ לאָקאָמאָטיוו.

אײנמאָל באנאכט האָב איכ זיכ צוגעזעצט צו אימ אפנ בעט. ס'האָט זיכ מיר געוואָלט א רײד טאָנ מיט אימ וועגנ זײַנ ברוסט, וואָס טריקנט, וועגנ די דורכזיכטיקע אָדערנ אפ די געל ווערנדיקע הענט, וועגנ דעמ פיבער־דרויטל אפ זײַנע שאַרפע באקנבײנער.

— באָריע... באָריע.

ער האָט זיכ אויסגעדרײט, מיד א קוק געטאָנ מיט די שווארצע אויגנ, וואָס זײַנענ אויסגעבאהאלטנ געווענ אינ טיפע־טיפע ברונעמס. ער האָט געשוויגנ, פרעגנדיק בלויז מיט א נערוועזנ בליק.

איך בין אינגיכן אוועקגעגאנגען, אָפּגעלייגט דעם געשפּרעך אַף אַ צווייט מאָל. מיט מאַריע גריגאָריעוונע האָב איך געהאַט אַ געהיימען געשפּרעך. מיר האָבן אויסגענומען, אַז זי וועט אים פּויען מיט געזאָ־טענע מילך געמישט מיט צעלאָזטע כאַזער־שמאַלץ.

נאָר זי פּילט ניט אויס איר צוזאָג. שוין דריי טעג, אַז ס'קומט מיר אויס אַליין לויפן אין מילך־קלייטל, זידן די מילך, צעלאָזן דאָס פעטס. באָרים שטייט ניט אוף פון בעט, ליגט אַ שטילער, אַ געלער.

איר גאַנצע זאָרגעוודיקייט האָט מאַריע גריגאָריעוונע אַריבערגע־טראָגן אַף די קרויווים, וואָס זיינען געקומען צו פאָרן, זי האָט גאָר פאַרלאָזט די שטוב. פלעגט טאָג און נאַכט פאַרפאַלן ווערן אין די באַראַקעס, האָט אופגעהויבן אַ קאַמפּאַניע צווישן די איינוווינער, מע זאָל רעמאָנטירן די וווינונגען מיט די אייגענע קויכעס.

באָגאַטיריאָוו איז געקומען פון קעמערל מיט אַ באַשלוס פון ביוראָ, אַז יעדער קאָמוניסט און קאָמיוגיסט זאָל אין זיין באַראַק שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער קאַמפּאַניע אַף צו רעמאָנטירן די וווינונגען מיט די קויכעס פון די איינוווינער אַליין.

אפּריער האָבן מיר זיך גענומען דערצו אינדריען, באָגאַטיריאָוו, באָרים און איך. מיר האָבן פאַרגרייט ליים, קאַלך, פּעסלעך, אינסטרו־מענטן, צוגעקומען איז דער בריגאַדיר זשילקין מיט זיינע כאַווירים.

באָגאַטיריאָוו האָט אַרומגעריסן מיט אַ שאַרפער לאָפּעטע די ווענט, און מיר האָבן גענומען באַשמירן זיי. די ליים איז אופגעשוואָלן, האָט זיך אַ הייב געטאָן מיט בערגלעך און אינגיכן אינגאַנצן אָפּגעפאַלן.

מאַריע גריגאָריעוונע האָט ניט אויסגעהאַלטן, זי איז אַרויסגע־גאַנגען פון צימער מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, אין אַן אַלט קלייד, און האָט בייז אַ געשריי געטאָן:

— עך, איר, טרוקענע הענט באַ אייך. צט אַזוי שמירט מען דען?

זי האָט אָנגעהויבן ווייזן, וויאַזוי מע דאַרף שמירן, זי האָט גע־אַרבעט אַזוי בייזן אָוונט. אַז מיר האָבן געענדיקט דעם רעמאָנט פון אונדזער באַראַק, זיינען צו אונדז געקומען די באַלעבאָסטעס פון עמ־שכייניש הויז און, מיינענדיק, אַז מיר זיינען שטוקאַטורן לויט פּראָ־פעסיע, געבעטן פאַרשרייבן זייערע וווינונגען אין דער ריי אַריין. באָ־גאַטיריאָוו האָט זיי אָפּגעשיקט צו מאַריע גריגאָריעוונע.

זי האָט פאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אַף זיי, האָט געוואָלט אין קאַס ווערן, נאָר ס'האָט איר האַנאָע געטאָן, וואָס ס'איז צו איר געשיקט אַ דעלעגאַציע, האָט זי אַן אייצע געגעבן:

— אט װאָס, װײַבעלעכ. לאמיר װעט איכ אױסקומענ װארטנ אפ צמעסע באשמירער. פארקאטשעט די ארבל אונ נעמט זיכ אלײנ צו דער ארבעט.

זי איז אװעק צו זײ אָרגאניזירנ די ארבעט. אונ אינגיכנ האָט װעגנ מאריע גריגאָריעװנע זיכ דערװוסט דער גאנצער אײַזנבאנ-באַצירק פונ מאגניטבוי. מע פלעגט זי שלעפנ פונ באראק צו באראק. װעגנ איר ארבעט פלעגט די האָזאַג-צײַטונג גאנצע שפאלטנ דרוקנ.

אצינד האָט מענ זי ארױסגערופנ אפ דער זיצונג פונ פרעזידיום צוליב דעמ, מיסטאָמ, זי זאָל דערצײלנ װעגנ איר דערפארונג.

איכ האָב זיכ אָנגעטאָנ, באגלײט זי אינ שטאָטראט ארײַנ, געבליבנ שטײנ הינטער דער טיר פונעמ פאָרזיצערס קאבינעט אונ האָב גענומענ זיכ צוהערנ.

די דיקע מיט לעדער-באשלאָגענע טיר האָט א סאכ װערטער אײַנגעשלונגענ, נאָר פונ די שטיקלעכ רײד, װאָס זײַנענ צו מיר דערפלױגנ, האָב איכ פארשטאנענ, אז לױט באַגאטיריאָװס פאָרטראג האָט דער פרעזידיומ ארױסגעטראָגנ א באשלוס: באשטימענ מאריע גריגאָריעװנע אלס שטעלפארטרעטערנ פונ דער אָנפירערנ מיטנ שטאָטישנ פרויענ-אָפטײל. כ׳האָב א טראכט געטאָנ, אז אצינד האָט זי שױנ אפ אײביק פארלױרנ דעמ טרױער אירנ.

איכ האָב זיכ צעשײדט מיט איר אפ עטלעכע כאָדאָשימ, אינ עטלעכע טעג ארומ האָט מענ מיכ פרעמירט מיט א צימער אינ אײנעמ פונ די קאָרפוסנ פונ דער סאָציאליסטישער שטאָט. מיר זײַנענ מיט באָריסנ אריבערגעפאָרנ אפ דער נײַער קװארטיר.

## אײנונצװאנציקסטער קאפיטל

— צװײ מאשיניסטנ — סערגײ סטאָראָדוב אונ איכ — האָבנ זיכ באגעגנט אפנ בארג-סטאנציעלע טשעבײקינאָ. די נאכט האָט פארגאָסנ דאָס סטאנציעלע מיט געדיכטער פינצטערניש. א נידעריקער אונ פרילינגדיק-צעפאטלטער הימל איז געהאנגענ איבער דער צעקראָכענער ערד, מיט אײַז באדעקטע רעלסנ זײַנענ געלאָפנ אינ שװארצנ נעפל ארײַנ.

פונעמ סטאנציע-שטיבל זײַנענ ארױסגעגאנגענ עטלעכע מענטשנ. א רעגנ, װאָס װערט פארפרױרנ אינמיטנ פלי, האָט פארשפיגנ די לאמ-

טערנס, געלאָשנ די הייסע זידלערײַ אונ קריצ-רייד. דאָס האָבנ די דעזשורנע פונ סטאנציעלע, דער צונויפשטעלער, דער צונויפקייטלער, די טאָרמאָזירער ארומגערינגלט דעם מאשיניסט סטאראָדוב אונ ריידנ אים איינ אָפ קאָלערליי אויפאנים:

— כאווער סטאראָדוב, פאָר, מע טאָר ניט לאָזנ דעם זאוואָד אָנ ארצ.

סטאראָדוב שווײַגט.

— א שוסטער ביסטו, ניט קיינ מעכאניקער. בא א וועלפישנ יוידל דארפסטו זיכ האלטנ, ניט בא קיינ רעגוליאטער.

נאָר סטאראָדוב באליידיקט זיכ ניט, דאָס צוועלפטע מאָל ציילט ער איבער די וואגאָנעס אונ שאָקלט מיטנ קאָפ אָפ ניינ.

— ניינ, איכ קאָנ ניט.

פופצנ וואגאָנעס, דער נאָרמאלער אראָפלאָז איז דרײַ וואגאָנעס, אָבער אצינד קאָנ מענ ניט פאָרנ מיט קיינ דרײַ וואגאָנעס, ווײַל אינ די בונקערס איז גיטאָ קיינ ארצ, דער רעזערוו האָט זיכ אויסגעלאָזט, פונעם נעכטיקנ צונויפגוס האָט מענ גאָרניט ניט געבראכט צו פירנ. דער בארג-אראָפ איז דרײַ אונ פערציק מעטער. אויב מע זאָל א קוק טאָנ פונעם סטאנציעלע, דאכט זיכ אז דער וועג טראָגט זיכ בליצ-שנעל אינ אנ אָפגרונט ארײַנ, ווו אפנ דנאָ ליגט מיט צעשאָטענע פײַערנ מאגניטאָגאָרסק.

אָט אהינ הארפ מענ אראָפלאָזנ א צוג פונ פופצנ וואגאָנעס. גיט סטאראָדוב א טראכט וועגנ דעם, באפאלט אים קאלטע שרעק. ער שטעלט זיכ טייקעפ פאָר א הרודע בראָכוואַרג, וואָס רייכערט זיכ, א צעריכענעם לאָקאָמאָטיוו-קעסל אונ א קערפער, וואָס איז אָפ פיצ-פיצלעכ צעשמעטערט.

סטאראָדוב אונ זײַנ לאָקאָמאָטיוו זײַנענ צופעליקע באקאנטע. סטאראָדובנ איז ניט אינטערעסאנט אונ ניט נייטיק דער לאָקאָמאָ-טיוו.

ער האָט קיינ צײַט ניט צוצוהערנ זיכ צומ אָטעמ פונ דער מא-שינ. ער האָט קיינ ברעקעלע ענערגיע ניט געפאטערט אָפ צו באקעמפנ אירע קאפריזנ. ער פלעגט זי פארגעסנ, ווי נאָר ער פלעגט זי איבער-געבנ אנ אנדער מאשיניסט. די מאשינ איז ניט קיינ טייל פונ זײַנ לעבנ.

אונ אָט איצט קוקט סטאראָדוב מיט שרעק אָפ די רעלסנ, וואָס זײַנענ באוואקסנ מיט אײַז, אָפ די זאוואָד-פײַערנ, אָפ דער געדיכט-

שווארצער נאכט אונ ווייסט, אז אויב ער וועט זיכ לאזנ פארנ, וועט דער לאקאמאטיוו אימ ניט מויכל זיינ דעמ פארברעכערישנ גלייכגילט זיינעמ. ער זאגט אנטשלאסנ.

— כ'וועל ניט פארנ!

אינעמ ראזיקנ מאמענט בינ איכ צוגעפארנ צומ סטאנציעלע. דער דעזשורנע איז צוגעלאפנ צו מיינ לאקאמאטיוו אונ האט פארגעלייגט אראפלאזנ דעמ צוג.

איכ האב געשוויגנ.

דער דעזשורנע האט ניט געוווסט, וואס ס'איז געשענ די נאכט.

איכ בינ שוינ געשלאפנ, ווענ ס'האט זיכ אונטערנ פענצטער צע־שריִענ אנ אווטאמאביל־סירענע. אינ צימער זיינענ אריינגעגאנגענ דריי.

גארבוז האט א גלאנצ געטאנ מיט די גילדערנע ציינ, געזאגט:

— סאניע, די דאמבע שטייט שוינ דעמ צווייטנ טאג, סע סטייעט ניט קיינ ארצ!

דער דירעקטער האט איבערגעשלאגנ:

— דער גליטשוועג האט אפגעשטעלט די באוועגונג. נאכנ נעכטיקנ פאל וועט קיינ איינ מאשיניסט מער ניט אראפלאזנ די צוגנ פונעמ בארג. אונ די דאמבעס שטייענ.

ער האט געענדיקט אונ שטייט אונ ווארט, — אנ אנגעשטרענג־טער אונ אופמערקזאמער. קלאפט אומגעדולדיק מיט די פינגער אינ טיש אריינ.

נאר איכ קאנ ניט ענטפערנ טייקעפ. איכ האב זיכ דערמאנט די נעכטיקע קאטאסטראפע. מיטנ לאקאמאטיוו האט אנגעפירט באגא־טיריאוו אליינ. ער האט ניט איינגעהאלטנ דעמ צוג. ס'האט דעמ צוג צעיאגט איבער די רעלסנ, וואס זיינענ באוואקסנ מיט אייז. דער צוג האט זיכ אריינגעשניטנ אינ די וואגאנעס אפ דער סטאנציע. ס'האבנ ניט געהאלפנ די 30 יאר ארבעט אפנ לאקאמאטיוו. באגאטיראוונ אליינ האט מענ געפונענ אינ טאלאשעס, נאר א לעבעדיקנ, צוועלפ מעטער די ווייט פונעמ קאטאסטראפע־פונקט. איצט ווילנ זיי, איכ זאל זיכ שטעלנ אפ באגאטיריאוומ ארט.

איכ רייִמ אפ מיט די פינגער די שטוקאטורקע פונ די ווענט, צווישנ די פליגנ־פלעקנ.

נערווירנדיק סקריפעט דער לעדער פונ גארבוזס רעקל, טשמאקענ דעמ דירעקטערס ליפנ, וואס דריקנ צונויפ די ליולקע.

קראַמאַרענקאָ, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגנ, האָט זיכ צי־גערירט מיט די פינגער צו מײַנ ברוסט אונ געזאָגט:

— לאָמיר רײדנ אָפנ, דו האָסט געכאַסמעט אַנ אָפּמאַכ, או דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעכ פאַר דער אַרבעט פונ די דאַמנעס, נו, גוטער ברודער, איז זײַ פאַראַנטוואָרטלעכ, גיב אונדז אַרצ!

ניטאָ בײַ מיר קײנ קויעכ אויסצוהערעווענ דאָס פּאָנעם צו מײַנע געסט. ס'גלוסט זיכ, דער לאָמפּ זאָל זיכ פאַרלעשנ, דאַנ, אינ דער פינצטער, וואָלט איכ אַ זאָג געטאָנ:

— כאַווײרים טײַערע, קערעוועט זיכ אויס אָנ אַ זײַט, וועל איכ אײַכ זאָגנ שטיל־שטיל, אז כ'זאָג זיכ אָפּ.

אָבער דערהערט האָב איכ פונ דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט א מוסערנדיקע שטימ, וואָס איז ענלעכ אָפּ אַנטאָנישעס באַס־שטימ.

איכ האָב דערזענ די גירעריקע אונ פינצטערע סאָבאַטשײעווקע. סע שפּאַנט דורכ די גאַסנ דער געלער ניקאַנאָר, איכ — הינטער אימ, איבער זײַנע שפּורנ. איכ זע, ווי ס'קערעווענ זיכ אָפּ פונ מיר באָגאַ־טיריאָוו, דער ברודער קאָזמע אונ, דעריקער, אַנטאָנישש.

שטרעק איכ גיכ־גיכ אויס די הענט דעמ דירעקטער אונ גיב קי־מאָט א געשריי, אז כ'בינ מאַכקים. איכ בעט נאָר, זײ זאָלנ מיכ אַרײַנפירנ אָפּ אײנ מינוט צומ מאַשיניסט באָגאַטיריאָוו.

איכ האָב זיכ גיכ אָנגעטאָנ אונ מיר זײַנענ אוועקגעפאָרנ.

באָגאַטיריאָוו איז ניט געשלאָפנ. איכ בינ שטיל צוגעגאַנגענ צו זײַנ בעט, ניט געוווסט פונ וואָס אָנצוהײבנ. ער האָט זיכ ניט אָפּגע־קערעוועט, האָט אָפּגעשטעלט די ניט פינטלענדיקע אויגנ אונ האָט געדולדיק געוואַרט.

איכ לאָז אַראָפּ דעמ קאָפּ אונ רײד, ניט מיט די ליפּנ, נאָר מיט די געדאַנקענ.

— פעטער מישע, איכ פאָר אַראָפּלאָזנ דעמ צוג פונעמ אַרצ־באַרג.

באָגאַטיראָוו האָט זיכ א הײב געטאָנ:

— וואָס האָסטו געזאָגט, סאַניע?

דאָס דאָזיקע שטילע קאָל האָט פאַרטריבנ די מוירע, איצט איז מיר ניט שרעקלעכ: איכ האָב קלאָר אונ געלאַסנ איבערגעכאַזערט.

— הײַנט ברענג איכ צו פירנ אַנ אַרצ־צוג פאַר די דאַמנעס.

באָגאַטיריאָוו זוכט עפּעס פײַנפול־לאַנג אָפּנ דנאָ פונ מײַנע אויגנ. שטיל אונ וויכ איז אַרײַנגעגאַנגענ אינ צימער א לײַכט מייר...

מיט ווײַסע האָר. מיט א שטאָלצנ שאָקל האָט זי זיכ באַגריסט מיט מיר אונ, עטוואָס באַרויגעז אפנ פאָטער, וואָס ער פאָלגט ניט דעמ רעזשימ, פאָרזיכטיק אײַנגעלייגט אימ אפנ בעט. אונטערהייבנדיק זײַנ שווערנ קערפער, זאָרגעוודיק צורעכט געמאַכט אונטער אימ דעמ לײַלעכ. זי איז אָפּגעגאַנגענ אָנ א זײַט, גענומענ זיכ פאַרקעמענ, דורכ־לאָזנ די האָר דורכ א קעמל פונ קרעמ־קאָליר.

מיסטאָמע אדאַנק די דאָזיקע האָר איז אינ צימער אזוי ליכטיק אונ היימ. זיי האָבנ צוגעגעבנ בײַגשוודיקײַט אונ באַוועגונג דער שטיל־קײַט פונ האַלב־נאַכט.

די האָר בייגנ זיכ, דרייענ זיכ אינעמ מיידלס הענט, אזוי ווי שוימ, רײַסנ זיכ ארויס, פאַלנדיק אפ די אקסלענ, פאַרפלייצנ די כמו־רע־צונויפגעדריקטע ברעמענ, די ווידערשפעניקע אויפציטערנדיקע ליפּנ.

ס'גלוסט זיכ צוגיינ צומ מיידל, צונויפנעמענ דעמ צאַרטנ שפּינ־וועבס פונ איר פּנימ, ברוסט, האַלדז אונ א קוש טאָנ, וואָס פאַר א קאָליר זײַנענ בא איר די אויגנ?

נאָר כ'דערהער דעמ געשריי פונ דער אווטאָמאָביל־סירענע, — א געשריי אַנ אומגעדולדיקנ, א לאַנגנ אונ אַנ אײַנגעשפאַרטנ.

איכ בייג זיכ אָנ צו באַגאַטיריאָווס אונ שרײַ הויכ:

— פעטער מישע, אונ איכ וועל פאָרט ברענגענ דעמ צוג מיט ארצ, כ'וועל ברענגענ!

כ'לויפ ארויס פונ צימער אונ שוינ אפ יענער זײַט טיר הער איכ באַגאַטיריאָווס קאָל: ס'איז פול מיט אומעט, צערטלעכקײַט אונ רו.

איכ קער זיכ אומ. ער נעמט מיכ ארומ מיט ציטערנדיקע הענט, ציט זיכ א גרויסער אונ א ווארעמער מיטנ קאָפּ צו מײַנע ליפּנ. איכ שטופּ באַגאַטיריאָווס צומ בעט אונ לויפ, פּאַק פאַרנ אנטלויפנ די לעצטע אייצע:

— רעווידיר דורכ די גומי אפ די פלאַנצנעמ פונעמ מאַגיסטראַל־קראַנ.

דער דאָזיקער „רעווידיר דורכ די גומי" פאַרפאָלגט מיכ יעמ גאַנצנ וועג ביז טשײַקינאַ אונ קלינגט בא מיר אינ די אויערנ דאַנ, ווענ דער פאַרצווייפלטער דעזשורנער בעט מיכ אראָפּלאָזנ דעמ צוג.

ס'האָט מיכ באַליידיקט דעמ דעזשורנעמ גיט־זיכערער טאָנ. כ'האָב מיט פאַרדראָס א פאָכע געטאָנ מיטנ העמערל, געגעבנ א סיגנאַל, אוועקגעפאָרנ צוטשעפענ זיכ צומ צוג.

כ'האָב אומגעדולדיק א פּרוו געטאָנ די אווטאָמאַטישע טאָרמאָזנ,

אַף יעדער קראַנ־פּלאַנצ דורכגערעווידירט די גומי. ס'האָט דורכגע־שווינדלט א געדאַנק — כ'האָב אים טייקעפּ פאַרטריבנ —: „צי ניט דערפאַר האָט ער מיר באַגאַטיריאָוו געראַטנ דורכרעווידירנ די גומי, ווײַל ער האָט עס אַליינ פאַרגעסנ צו טאָנ פאַר דער קאַטאַסטראָפע?"

דער צוג איז גרייט צום אַוועקגאַנג. נאָר איך פאָרע זיך נאָך אַלץ לעם אײַוועלע, קוק גלאַט אינ פענצטער אַרײַנ. אויבנ פינקלט די שטערנ וואַרעמ אונ רופנדיק, ווי א שוואַרצאַפּל פונ א מיידל.

מיר ווילט זיך נאָך אַפּ עטלעכע מינוט אָפּציִענ די רײַזע. איך געפינ זיך אַנ אַרבעט אינעם אינסטרומענטנ־קעסטל. דערנאָך קלײַב איך זיך אַראָפּגיינ אַפּ דער ערד, נאָר כ'פּאַק אַנדריושע באָריסאָוויטש בליק, וואָס איז פול מיט גלויבנ, אונ כ'פאַרשעמ זיך.

כ'שפּרינג צו צום פּײַפער אונ שרײַ מיט דאַמפּ אונ מיט קופּער צום גאַנצנ טאָל, דורך די בערג, צו דער אָזערע, צום סטעפּ. דער הודאָק פונעמ לאָקאָמאָטיוו הייבט זיך אופּ מיט געוויינ צום שוואַרצנ הימל.

דער רעגוליאַטער איז אָפנ. מיר זײַנענ אַוועקגעפאָרנ.

איך האָב דערפילט אינ זיך א שוואַכקײַט. ס'האָט זיך מיר אויס־געדאַכט, אַז כ'הייב אָנ פאַלנ אינ אַנ אומענדלעכנ אָפּגרונט אַרײַנ. שנעל, מיט שאַרפער אָנשטרענגונג האָב איך זיך גענומענ אינ די הענט. ווי נאָר כ'בינ אַרויסגעפאָרנ אַפּ יענער זײַט אויסמײַד, האָב איך פאַרמאַכט דעמ רעגוליאַטער. פונדאַנענ האָט זיך אָנגעהויבנ דער אַראָפּלאָז, וואָס איז ענלעך אַפּ אַנ אײַזבאַרג.

דער צוג גייט שטיל, קלאַפּט ווייך אָנ די קעפּלעך פונ די רעלסנ. איך שטעק מיט דער גאַנצער ברוסט, מיטנ קאָפּ אינ דער ראַמ פונעמ לאָקאָמאָטיוו־פענצטער. אײַז־גרויפּנ שלאָגנ אינ די אויגנ אַרײַנ, אינ די אויערנ, לאָזנ ניט עטעמענ. איך קאָנ זיך ניט אויסבאַהאַלטנ אונטערנ אײַזערנעמ שילד: מע דאַרפ זענ די ערד, נאָכשפּירנ נאָך דער באַוועגונג פונ צוג. ער טאָר אַפּ קיינ האָרעלע ניט פאַרגיכערנ דעמ גאַנג, אַניט איז אַלץ פאַרפאַלנ: דער לאָקאָמאָטיוו אונ די וואַגאָנענ וועלנ, ווי א שליטעלע אַראָפּפליִענ אינ טאָל אַרײַנ איבער די אײַז־רעלסנ.

די האַנט דריקט קאָנוווּלסיוו צונויפ דעמ קופּער פונעמ לאָקאָמאָ־טיוו־קראַנ. איך פיל, ווי אונטער די נעגל שלאָגט זיך עפּעס וואַרעמס, גיסט זיך פאַנאַנדער איבערנ גאַנצנ לײַב, צעהיצט דאָס האַרצ, רײַסט זיך אַרײַנ אינ דער ברוסט אַרײַנ, לויפט צום האַלדז אונ וויל זיך אַראָפּרײַסנ פונ דער צונג מיט א געשריי. נאָר מיט דער פרײַער

האַנט שלאָג איך זיך אין קין, רײַס אַראָפּ דאָס היטל, שטעל אונטער דעם קאָפּ דעם ווינט, דעם אײַזדרעגן, קוק זיך אײַן, ביז טרערן אין די אויגן אין דער ערד אַרײַן. ס'ע דאַכט זיך מיר צווישנווײַז, אַז איך זשע שוין גיט דעם זילבערנעם בוריאַן, ער פליט שנעל אינעם לויף פון מײַן צוג.

ס'ע שטעלט זיך אָפּ דאָס האַרץ, די פינגער זײַנען אָפּגעפרוירן, זאָגן זיך אָפּ צו דינען. איך וויל אַ דריי טאָן דעם קראַן, פאַרטאַרמאַזירן. דער קראַן לאָזט זיך ניט. ס'דאַכט זיך, אַז ער איז צוגעלייט, פעסט צוגעשמידט. איך גיב זיך אַ וואָרף צו אים, גיב אים אַ דריי מיט ביידע הענט, פיל אַ שטויס: דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אַ ריר געטאָן אָפּ צוריק. איך שוואַך ביסלעכווײַז אָפּ דעם דרוק פון די טאָרמאָז-קאָלאָדקעס און לאָז זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און נידעריקער אין טאָל אַרײַן.

ס'ע ברענען שוין איבער מיר, ווי שטערן, די פײַערן פונעם סטאַנציעלע טשעשקינאָ — אַ שאַרפער פאַרקערעווע, אַ טיפער באַרג-שפּאַלט, און דאָרטן אונטן ניט ווײַט — די סטאַנציע און די דאַמבעס.

איך בין דרייסט געוואָרן. די פאָרזיכטיקייט האָט אויסגעזויגן קאָמיש און איבעריק. כ'האָב פאַרגעסן די נעכטיקע קאַטאַסטראָפע. כ'האָב אָפּגעלאָזט דעם טאָרמאָז.

דער צוג האָט ווי געוואַרט אויף דעם דאָזיקן אויגנבליק. ער האָט זיך אַ צעהיצטער אַ ריס געטאָן פאָרויס און זיך צעיאָגט.

כ'האָב ווידער פאַרטאָרמאָזירט, נאָר ס'איז שוין שפּעט געווען: די רעדער האָבן זיך צעלאָזט און זיך ניט אונטערגעגעבן.

די ערד איז געפלויגן אויף יענער זײַט פענצטער, ווי אַ דורכווײַזיקע סטענגע אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סאָף. איך האָב שנעל אַ קוק געטאָן אויף אַנדריושקע באָריסאָוו. אָבער ער איז אַפילע איצטער געווען רויִק. מיט גרויסע אויגן נאָכגעשפּירט נאָך מײַנע באַוועגונגען. אונטער זײַן בליק האָב איך אָנגעהויבן קאַלטבלוטיק אַרבעטן מיטן טאָרמאָז.

...און פענצטער טאָר מען ניט קוקן. דער ווינט בײַסט אויף מײַן האַלדז צום שאַרפן ווינקל פון דער אײַזערנער ראָם, און ווי מיט אַ טעמפּער זעג שנײַדט עס מיר דעם האַלדז, רײַסט עס מיר די אָדערן.

און די דאַמבע איז אַלץ נעענטער. ס'דאַכט זיך מיר, אַז אירע פײַערן שטעקן סאַמע לעם קוימען פון לאָקאָמאָטיוו. זיי פאַלן, דרייען זיך, הייבן זיך אויף, און דער צוג פאַרלאַנגזאַמט אַלץ ניט דעם גאַנג. אָבער איך גלייב ניט, אַז ס'וואַרט אויף מיר דער אָפּגרונט.

קאלטבלוטיקער דריי איכ דעם קראנ, רויִקער. אָט באלד איז די פלאטפאָרמע, א קרומע ליניע, און דאָרט — דער סעמאפאָר, די אויסמיַידער און די סטאנציע. דאָרט וואַרטנ אפ מיר דער דירעקטער און מיַינ פאָטערס פריַינט גארבוז און דער האָרנער קראמארענקא. ער וועט דערציילנ די דאָמנע-ארבעטער, ווער ס'האָט געבראכט דעם ארצ. דאָרט וועל איכ דערזענ די אויגנ פונעם מיידל...

שיפענדיק מיט די אויסגעלאָדענע צילינדערס, האָבנ מיר זיכ אָפּגעשטעלט אפ דער סטאנציע.

איכ בינ אומגעפאלנ אינ שטול אריַינ און דערפילט, אז מיַינע אָדערנ זיַינענ הויל, דאָס בלוט איז פונ זיי אויסגעפּאָמפּעט.

כ'האָב איבערגעגעבנ דעם לאָקאָמאָטיוו און זיכ געלאָזט לויפנ צי באָנגאמיריאָוונ. ער איז געלעגנ לעם פענצטער, מיט קישעלעכ אונטער דער פּלייצע, די אויגנ זיַינע זיַינענ אָנגעצונדנ געווענ. אז ער האָט מיכ דערזענ, האָט ער מיר א כאפּ געטאָנ באַ דער האנט. דעם גאנצנ פרימאָרגנ האָט ער געשוויגנ, בלויז איינמאָל מיט קינע א שעפּטשע געטאָנ:

— אזא גליק פאלט אויס נאָר אינ א מיַיסע, סאניע!

## צווייונצוואנציקסטער קאפיטל

באָריס האָט א טרוקענער און א לאנגער זיכ אויסגעצויגנ אפנ בעט. ער שלאָפט שוינ צוועלף שאָ, גיט זיכ קיינ דריי ניט. זיַינ אָטעמ הילכט מיט כראָפּעניש און קרעכצעניש. איכ האָב באוויזנ צו קומענ פונ דער ארבעט, אויסהערנ צוויי לעקציעס אינ אינסטיטוט און איצט בינ איכ געקומענ צו לויפנ אָנ אָטעמ טיילנ זיכ מיט אימ מיט א גרויסער פרייד. נאָר ער שלאָפט נאָכ אלצ.

מיַינ גאנצע זאָרגעוודיקייט וועגנ באָריס געזונט ברענגט צו גאָרניט. איכ גיס יעדנ טאָג אויס די זויער-געוואָרענע מילכ. ער האָט דער צווייטער נאָכ מיר אראָפּגעלאָזט פונ בארג א צוג מיט ארצ, נאָכ דעם האָט זיכ איַינגעשטעלט די נאָרמאלע באוועגונג.

ער ליגט מיט א שארפּ-שפּיציקער נאָז, מיט סטארטשענדיקע ביינער איבער די אויגנ, מיט בלוי-געוואָרענע אויגנ-לעפּלעכ. איכ דערמאָנ זיכ אָנ מיַינ זיידנ, וואָס איז געלעגנ אזוי אויסגעצויגענער אפנ טיש.

אומעט דריקט מיר צונויפ דעם האלדז. די ליפנ ווערנ טרוקנ אונ ציטערנ מיט דריבנעמ ציטער. איכ בייג זיכ אָנ איבער באָריסנ, שמעל זיכ אפ די קני, נעמ ארומ דעמ פארוויאנעטנ קערפער אונ מיט שעפטשעניש פונ א פריינט, פונ א ברודער וויל איכ אימ אופוועקנ.

— באָריע, באָריס!

ער האָט זיכ אויסגעדרייט אפ א זייט, געעפנט די אויגנ אונ קוקט לייִדיק מיר אינ פּאָנעמ אריינ, לאנג דערקענט ער מיכ נית. איכ דער־לאנג אימ א גלאָז מיט מילכ. ער שליגגט זשעדנע אונ בעט נאָכ. איכ שטעל פאר אימ אוועק א פול פענדל, א בערגל פוטער אונ א ברויטל.

ער הייבט זיכ אופ, ניט אראָפּוואָרפנדיק פונ זיכ די קאָלדרע, שפארט זיכ אָנ מאכמעס שוואכקייט אָנ דער וואנט, שלינגט דאָס עסנ אונ ווערט פרייִלעכער. איכ ווער דרייסטער, וויל זיכ טיילנ ניט אימ מיט מיינ גליק.

ערשט נית לאנג בינ איכ געוואָרנ א סטודענט פונעמ אָוונט־אינ־סטיטוט. באו די עקזאמענס האָט מיר געגליקט. די קאָמיסיע האָט גע־פרעגט דאָס, וואָס איכ האָב געוווסט, אונ האָט מיכ פארעכנט אפנ ליטעראַרישנ פאקולטעט. נאָר נאָכנ ערשטנ לימעד האָב איכ פאר־שטאנענ, אז די עטלעכע יאָר פונ מיינ לערנענ אינ דער פאבזאווישול זיינענ ווייניקלעכ פאר דער הייִנטיקער לעקציע.

בעשאסנ איבערייס בינ איכ אוועק צומ דירעקטער אינ קאבינעט אונ אָפנ קוקנדיק אינ די אויגנ אריינ, דערציילט דעמ עמעס. ער האָט מיכ געבעטנ צוזעצנ זיכ, מילד אויסגעפרעגט מיכ וועגנ מיינ לעבנ, וועגנ מיינע איינענע.

איכ האָב אלצ דערציילט, דער דירעקטער האָט געשוויגנ, גע־ריבנ מיט די לאנגע פינגער דאָס שארפע, גילדנ גלאנציקע בערדל. דערנאָכ האָט ער זיכ אָנגעבויגנ צו מיר אונ געזאָגט:

— באוויַיז, אז דו קענסט זיינ א העלד, פארשטאנענ? באטראכט גוט. אינ אינסטיטוט וועסטו בלייבנ. גיי אפ די לימודים.

איכ האָב אפסניי אויסגעפלאנירט מיינ ארבעט־טאָג. אכט שאַ אפנ לאָקאָמאָטיוו, מער קיינ אייג מינוט נית. איכ פארלאָז זיכ אפ מיינ בריגאדע, ווי אפ זיכ אליינ. מיר האָבנ צוזאמענ געווייטעקט פארנ לעבנ פונ דער מאשינ, האָבנ זיכ דערשלאָגנ, זי זאָל אינגאנצנ געזונט ווערנ, אונ זי ארבעט איצט מוסטערהאפט.

באָריס בעט, כ׳זאָל נית לעשנ די ליכט באנאכט. ביז באגינענ

ליגט ער אפֿנ בעט מיט א בוכ. אָבער כ'באמערק אָפֿט, אז ער לייענט ניט, נאָר ער קוקט מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגנ צו דער סטעליע, שאַענ־לאַנג גיט ער זיכ קיינ ריר ניט. איכ גיב שטילערהייט א פֿרעג:

— וועגנ וואָס טראכסטו עס, באַריע?

— אזוי זיכ, וועגנ גאָרניט.

אונ ער נעמט זיכ ווידער צום בוכ. איכ זע, אז ער האָט טאקע וועגנ גאָרניט געטראכט. ער האָט געבענקט ניט מיט די געדאנקענ, ניט מיטנ ווילנ, נאָר מיטנ לייב, וואָס ווערט אלצ שוואכער אונ שוואכער. דער ווילנ איז בא אימ שטארק געוועז, פּונקט ווי פֿריִער, די אקשאָנעס — אויכ...

אינ שלאָפֿ פּלעגט ער זיכ קאָרטשענ פֿונ הוסט, אונ דאָס מאָגערע לייב זיינס פּלעגט באַגאָסנ ווערנ מיט שווייס. ער פּלעגט אופֿשטיינ אינדערפֿרי מיט שיקערע אויגנ, מיט א בלויענ, געשוואָלענעמ פּאָנעמ אונ פּלעגט זיכ איילנ צום לאָקאָמאָטיוו.

ערשט ניט לאנג איז ער אופֿגעשטאנענ פֿונ בעט אונ האָט דערזענ אפֿנ שנייווייסנ לײַלעכ א פּלאמרויטע רויז. איכ האָב געמאכט אנ אָנשטעל, אז כ'שלאָפֿ. באָריס איז געשטאנענ איבערנ בעט א פֿארגליווערטער. דערנאָכ האָט ער, ווי אָקאָרשט זיכ אופֿגעכאפּט, ביסגרויס פֿאַרזיכט, מיט ציטעריקע הענט צונויפֿגענומענ די בערגנ לײַלעכ אינ א קנופּ אונ צוגעטראָגנ צומ פֿענצטער. א קוק געטאָנ אונ אלצ ניט געגלייבט. געריבנ מיט די פֿינגער די פֿארזאָטענע קופּקעלעכ בלוט.

דער לײַלעכ איז ארויסגעפֿאלנ פֿונ די אָנמעכטיקע הענט צו די פֿיס, זיכ צונויפֿגעדרייט ווי א שלאנג אונ באוויזנ דער וועלט א שטיק בלוטיקע וואטע.

באָריס קאָפּ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט, צעקראָכנ זיינענ געוואָרנ די מוסקולנ. ער האָט א ציטער געטאָנ מיט דריבנעמ ציטער.

איכ האָב מער ניט געקאָנט ליגנ אונ צוקוקנ. ס'האָט זיכ געוואָלט צעברומענ פֿאר ברענענדיקע ווייטעק. כ'בינ אופֿגעשפּרונגענ, געקוועטשט זיינע מאָגערע, קינדעריש־שמאָלע אקסלענ, געזידלט זיכ אינ געמרייסט.

— באָרקע, באָרקע, אויסוואָרפֿ דו, מיִעסקייט דו פּרינציפּיִעלע! פֿארברענט וועסטו ווערנ, אש וועט פֿונ דיר ווערנ! היילנ זיכ, היילנ זיכ דארפֿ מענ, אינ אוואריע־אָרדענונג!

ער האָט פֿארטראכטערהייט א קוק געטאָנ אפֿ מיר מיט טרערנ

אינ די אויגנ, ער האָט זיכ גענײלט א שמייכל טאָנ. ווי מיט פרעמדע ווערטער, בארויקט מיכ:

— ס'איז גאָרנישט מיט נישט, סאָניע, נארישקײטנ.

ער האָט זיכ אָנגעטאָנ אונ איז אוועקגעגאנגענ.

אפ מאָרגנ האָב איכ פארנ קאָמיונ־קאָמיטעט געשטעלט די פראגע וועגנ באָרים קורעלס טייקעפדיקנ אָפּרו. כ'האָב געקראָגנ פאר אים א נ אָרט אפ א קוראָרט. נאָר ער האָט זיכ קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו פאָרנ.

איכ בינ געקומענ צו אים אפנ לאָקאָמאָטיוו. ס'איז געווענ דעמ מאשיניסטס פאראמאָנאָווס אומבײַט. באָרים האָט זיכ געפּאָרעט מיט א צעגומענער מאסליאנקע, דורכגעוואשנ זי מיט קעראָסינ, אראָפּגע־שאָבנ מיט די נעגל דעמ שמוצ. ער האָט געלייגט אפנ אײַזנ דעמ ניקעלירטנ אינסטרומענט פאָרזיכטיק, ווי קרישטאָל, מוירע געהאט א דראפע טאָנ. איכ בינ געשטאנענ הינטער זײַנ פלייצע אונ האָב גע־טראכט:

„אָט ברענט ער אפנ לאָקאָמאָטיוו, היט געטרײַער, ווי דאָס שוואַרצאפּל פונ אויג, שענקט אימ אוועק דאָס גאנצע געזונט זײַנס, אונ אפ דער סאמע מײַערער מאשינ — דעמ קערפּער זײַנעמ — גיט ער ניט אכטונג. ווי א שעדיקער, צעשטערט ער אונ ברענגט אומ איר־דע וווּנדערלעכע טײלנ. אונ האלט נאָכ, אז ער איז אבסאָליוט גע־רעכט".

ס'האָט מיכ אופגעבראכט. איכ האָב אָפּגעשלײַדערט די אינסטרו־מענטנ, א טאפ געטאָנ באָריסנ בא דער האנט אונ באפוילנ אימ גייג נאָכ מיר. ער האָט זיכ אָנגעשפּארט אָנ דער טיר, גראָב מיכ אויס־געזידלט אונ צומ ערשטנ מאָל אופגעהויבנ אפ מיר א האנט.

מיר האָבנ זיכ ענדגילטיק צעקריגט. איכ האָב צוגעזאָגט דורכפירנ א מוסטער־געריכט אפ אימ.

אינדערפרי האָט ער פארגעסנ די באלײדיקונג. אוועקגעשלעפּט מיכ אינ קאָנטאָר פונ דעפּאָ אונ געוויזנ די וואנטצײַטונג, די פּלא־קאטנ, די דיסקאָנט־ברעט. כ'האָב אומעמום געזענ, אז באָרים לאָ־קאָמאָטיוו, וואָס האָט ערשט מיט צוויי כאדאָשימ צוריק אויסגעפילט בלויז 60 פראָצענט פונעמ פלאנ, פילט איצט אויס הונדערט מיט פיר. ער האָט ארויסגערופנ אפ געוועט פינפ מאשינעס פונ זײַנ באַ־צירק.

באָרים האָט שטומ־שווײַגנדיק אָנגעצייכנט אפ א ברעט א סכעמע,

אַף וועלכער די עקן פֿון אַלע צעפּלאָנטערטע ליניעס זײַנען זיך צו־נויפֿגעקומען צום צענטער, וואָס איז באַצייכנט געווען מיט אַ רינגעלע. אינמיטן איז געשטאַנען דער נומער פֿון באָריס לאָקאָמאָטיוו.

ער איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זײַט און געוואַרט, ביז איך'ל פֿאַרשטיין דעם באַטײַט פֿון די ליניעס.

אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט ער הייס געטײַנעט צו מיר:

— סאָניע, דו פֿאַרשטיי, אַז מיר זײַנען דאָ אַ סך, אַלע טאָג וואַקסן אַלץ נײַע און נײַע בויער, נאָר מיר זײַנען נאָך אָרעם. מיר האָבן אַ הייס האַרץ, הייסע ענערגיע, אָבער מאַשינעס האָבן מיר ווייניק. מיר דאַרפֿן אָפּגעבן וואָס מערער, זיך ניט שאַנעווען. און דו ווילסט עס בעשומויפֿן ניט פֿאַרשטיין.

ס'רעגט מיך אויף, איך שרײַ אין היסטעריק:

— אַ בלינדער ביסטו, קיין מויעך האָסטו ניט. מאַשינעס איז ווייניק פֿאַראַן. אַפֿן מאַגניטבוי איז ווייניק מאַשינעס פֿאַראַן? דאָס גאַנצע צאַרישע רוסלאַנד האָט דאָך ניט געזען אַזאַ טעכניק.

און מיר האָבן זיך ווידער צעזידלט, צעקריגט, כאָר אַצינד שווײַג אַף שטענדיק, דאָס גאַנצע לעבן וועט מיר באַנק טאָן, וואָס מיר האָבן זיך צעשיידט, ווי פֿרעמדע, קימאַט האַסנדיק איינער דעם אַנדערן.

## דרײַונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מײַן טאָג הייבט זיך אָן פֿינף אַזייגער אינדערפֿרי. דער קלייניני־קער וועקער הייבט מיך אויף פֿון בעט מיט צאַרטן און אַקשאָנעסדיקן קלונג. ס'ע ציטערט נאָך פֿון די קלעפּ דאָס מעטאַלישע שעלעכל, נאָר איך בין שוין אויפֿגעשטאַנען.

מיט אַ נאַסער שמאַטע רײַב איך אָן דעם פּאַרקעט, כ'לופֿטער דורך דאָס בעטגעוואַנט, כ'מאַך צורעכט דאָס בעט, כ'באַשפּריץ זיך אין וואַנע־צימער, וואָס איז איבערפֿולט מיט קילקייט און מונטערקייט, און נעם זיך צו דער גימנאַסטיק.

אויסגעטרונקען די גלאָז קאַלטע קאַווע, וואָס איז פֿאַרגרייט פֿון נעכטן, גיי איך אַוועק אַף דער אַרבעט.

אונדזער שטאָט איז אויסגעבאַהאַלטן צווישן בערג. פֿון זאַוואָ־דישן רויך איז זי אַנטלאָפֿן אַף עטלעכע קילאָמעטער צו דעם באַרג־ווינט און פֿעלדזן־שוץ.

איכ גיי אפנ זאוואָד צופוס. איכ האָב ליב די דאָזיקע לאנגע שפאצירנ. איכ טראכט וועגנ דעמ מיידל, וואָס די האָר אירע שמעקנ מיט סטעפּ, וועגנ די האלב-צעעפנטע ליפּנ.

איכ גיי לעמ די שלאָסערס, האָרנערס, טאָקערס אונ זע לויט זייער שפּאנענ, לויט די קעפּ זייערע, אז אויכ זיי טרוימענ.

פונ פאָרנט גייט א מיידל אינ א קאָפּ-טיכל. ס'איז דושנע. זי דייסט אראָפּ דאָס טיכל, וואַרפט אונטער די געדיכטע שווארצע האָר, קוקט זיכ אומ אונ לאכט צו מיר.

מיר שפּאנענ איינער לעמ אנדערנ. מיר יאָגנ איבער בערדיקע טעסלער אינ כפעצאָווקעס, וואָס שמעקנ מיט האָלצ, האָרנערס, שלאָסערס אינ שווארצע קאָמבינעזאָנענ. מע טרעט אונדז אָפּ דעמ וועג, אונ איכ זע, ווי די שפּאנ פונ די בערדיקע ווערנ גרינגער אונ גיכער.

אפ די שטעגעלעכ, וואָס האקנ איבער איינס האָס אנדערע, האָט דאָס מיידל ארופגעלייגט די האנט אפ מיינ ברוסט, צוארט א וואַרעמ בעמאָנ מיט די דלאָניעס, האָט זיכ א שעפּטשע געטאָנ מיט די ווייכע עטוואָס קילע ליפּנ מיט מיינע אויגנ אונ איז אוועק אינ טאָקערצעכ. איכ גיי אפנ לאָקאָמאָטיוו אוועק, פירנ צעשמאָלצענעמ טשוהונ.

מיינ געהילפ אנדריושקע באָריסאָוו שטייט לעמ דער מאשינ אונ וואַרט אפ מיר, מיר הייבנ אָנ אופנעמענ דעמ אומבייט. איכ קלאפּ ארומ יעדע קליינינקע דעטאל, טאפּ ארומ יעדנ מעכאניזמ, רעווידיר דורכ געטריי די ארבעט זיינע. ביזנ זונ-אופגאנג באווייז איכ מיט אנדריושענ אראָפּצוואשנ פונ די רעדער דעמ מאזוט, דעמ שמוצ, וואָס האָט זיכ אָנגעקליבנ פאר דער נאכט, מיר באווייזנ ריינ-דריינ אויסצורייבנ די ווייסע טיילנ, דעמ קופּער, אפּסנייַ דערפרישנ דעמ שפּיגל-לאק אפ די זייטנ פונ דער מאשינ.

איז אָט שטייט זי אצינד א גלאנצנדיקע, ווי צקאָרשט פונעמ זאוואָד, גרייט א שפּרונג צו טאָנ, א שיינע אונ א שטאָלצע.

דעמ גאנצנ אומבייט פיר איכ טשוהונ — טויזנטער, צענדליקער טויזנט פוד. זיבנ שאָ האלט איכ די אויגנ ברייט צעעפנט. אָנגעשטרענגט. איכ דארפ אָנ אופהער נאָכשפּירנ נאָכנ טשוהונעמ וואסערפאל, איכ דארפ זיינ גרייט אינ פאל פונ אנ אוואריע, א וואָרפ טאָנ זיכ לויטנ ערשטנ באפעל פונעמ מייסטער אינ פייער אריינ ראטעווענ דעמ צעשמאָלצענעמ טשוהונ.

זיבנ שאָ העד איכ די זאווערוכע אינ די ריזיקע אפאראטנ פונ די דאָמנעס.

נאָכ די זיבנ שאָ גיבנ מיר מיט אנדרייענ איבער דעם לאָקאָ-מאָטיוו א צווייטער בריגאַדע און לאָזנ זיכ אראָפּ אפ דער ערד, עטוואָס שאָקלענדיק זיכ. באָריסאָוו געזעגנט זיכ אינמיטנ גאנג, לויפט אפ די קורסנ פונ די מאשיניסטנ, איכ גיי אהיימ.

אינ דער היימ וואַרפ איכ אראָפּ די ספּעצאָוועקע און איכ הוילע „טרוסנ" לאָז איכ זיכ אראָפּ דורכ די מעשופּעדיקע סאָפּקעס צו דער אָזערע און טרעפ אפנ ברעג פאַרנומענ אלע מײַנע באליבטע ערטער. אויסגעבאָדנ זיכ, בעט איכ קראַמאַרענקאָס פּלייצע זיכ א ביסל א רוק טאָנ און דעק צו דאָס לײַב מיט דער זונ.

איכ פיל, אז מײַנ מידקײַט פאַרשווינדט ווי רויכ. די האָר האָבנ נאָכ ניט באוויזנ זיכ אויסצוטריקענענ. איכ שפּאַנ שוינ דורכ די קאָרידאָרנ פונעמ אָוונט-אינסטיטוט. איכ זע לענע באַגאַטיריאָווע.

זי האָט זיכ פאַרקוקט אפ א שווערנ טראָפּנ אינ מײַנע האָר און ציט אויס פאָרזיכטיק די פינגער, וויל אים פּאַקנ. די ליפּנ אירע, אזעלכע ווייכע, גוטע, זײַנענ אפנ און רייצנ מיט מילכ-ווײַסקײַט פונ די ציינ. אינ די אויגנ שטילער געלעכטער און קלוימערשטע שעמעוודיקײַט.

אפ די לעקציעס זיצנ מיר איינס לעמ אנדערנ. איכ באליידיק זיכ גיט, וואָס לענעס ליפּנ זײַנענ געוואָרנ טרוקנ, האָבנ אויסגעבאָ-האלטנ די ציינ, און די אויגנ זײַנענ הארט געוואָרנ, געוואָרנ טיפ און עטוואָס פרעמד.

באשאסנ איבערײַס זינגט אונדזער גאנצער אָפּטייל בײַ די אָפענע פענצטער פונ אינסטיטוט.

קילער צווישנ-טאָג-און-נאכט טראָגט די ליד אוועק אינ די באַרג-שפּאלטנ, צו דער אָזערע, צום זאוואָד-פּלאַס. די ליד קומט צו פליענ צוריק, א געקייפּלטע אפ די הויכע געזאַנגענ פונ די מיידלעכ אפנ שפּיץ סאָפּקע און פונ די שיפלעכ אפ דער אָזערע.

נאָכ די לימודימ גייענ מיר מיט לענענ אהיימ, צו די ביכער.

דורכ די אָפענע פענצטער קוקט ארײַנ א בלויער, גרויסוויכיקער אוונט. ער דראפּעט די שויבנ מיט ווייכע צווײַגנ פונ יונגנ טאָפּאָל, פינקלט מיטנ שטערנ.

לענע קערעוועט זיכ אויס מיט דער פּלייצע צום פענצטער, סמאַ-רעט זיכ נעענטער צוריקנ זיכ צום ווײַסנ פּעטער-קײַלעכ און רײַבט מיד די לאנגע ברעמענ.

דער אָוונט איז ארײַנגעקומענ אינ צימער ארײַנ, זיכ אוועקגע-

ליינט אפ די ביכער, האט פארטראכט א שורשע געטאנ מיט די בלעטלעכ, זיכ באזעצט אינ אלע ווינקלענ אונ געווארט — אזא שטילער, אונטערטעניקער אונ צוציִענדיקער.

לענע האט א קנאק געטאנ מיטנ בוכ, אוועקגעלייגט א שאטנ פונ די פינקלענדיקע וויִעס אפ די גיס־קאלירענע באקנ אונ שעמעוודיק א פרעג געטאנ:

— עפשער געגוג אפ היינט? א?

איכ האב ארופגעלאזט דעם בוכ אפ די קני, קוק אפנ מיידל, באהאלט ניט אויס דאס כוויזעקל. מיר האבנ האכ אויסגענומענ, אז די אווגטנ זאלנ אונדז ניט פארפירנ. אבער דאס מיידל הייבט ניט אופ די וויִעס, אונ איכ איִל זיכ ענטפערנ:

— אפ געווויס, געגוג שוינ,לענע? א?

מיר לאכנ, נעמענ זיכ ארומ אונ גייענ דורכ דעמ צווייטנ צימער, פארבײַ מאריע גריגאריעווגע. זי זיצט איבער פאפירנ.

מאריע גריגאריעווגע באגלייט אונדז אפ יענער זײַט טיר. מיר גייענ אוועק, צונויפגעדריקט אינ איינ לײַב, צו דער אזערע. מאריע גריגאריעווגע שטייט אפנ גאנעק, קוקט זיכ אײַנ אינ דער גדיכטער בלויקײַט ארײַנ.

## פירונצוואנציקסטער קאפיטל

איבער מיר א ווײַס פעלד — אונ איינ פלעקעלע אונ אנ איינ קיסטעלע, הייס איז אינ דער דאזיקער וויסטע, דושנע, סע סטײַעט קיינ אטעמ נימ. איכ וויל צערײַסנ אפ שטיקלעכ דעמ ריזיקנ לײַלעכ, וואס מ'האט מיר ארופגעווארפנ אפ די אויגנ. כ'האב זיכ צעשלײַדערט מיטנ געפאנגענעמ לײַב, דערפילט ווייטעק. די הענט אונ די פיס זײַנענ פארשמידט אינ אײַזנ. וו בינ איכ? אינגאנצנ בינ איכ איינ גראדע ליניע, וואס איז צונויפגעקוועטשט צווישנ צוויי שטאלענע ברעטער. נו, זאגט מיר עמעצער, וו בינ איכ?

כ'האב געעפנט די אויגנ אונ זע א הויכע סטעליע, כ'פיל ווארעמקײַט אפ די אקסלענ, אפנ שטערנ, אפ די האר, אפ דער ברוסט. איכ אטעמ נימ. איכ האב מוירע ווידער פארלירנ זיכ אינ דער וויסטע. איכ שאר זיכ צו דער ווארעמקײַט אונ געפינ א האנט, א צווייטע, א דריטע, פינגער, נעגל.

דער לײַלעך איז אײַנגעגאַנגען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די אויגן און איך באַגעגן זיך מיט קעפּ אָנגעבויגענע איבער מיר, די קעפּ באַנאַטיריאָווס, מאַריע גריגאָריעוונעס, לענעס און מײַן געהילף־אַנדרושקע באַריסאָווס. איך וויל אַ געשריי טאָן פֿאַר פֿרייד, נאָר מאָדנע: אַנשטאָט אַ קאָל — אַ כריפּעדיקער קרעכץ. איך בעט, זיי זאָלן ניט צונעמען פֿון מיר די הענט, איבערלאָזן אַף שטענדיק די וואַרעמקייט. ס'דאַכט זיך מיר, אַז סע געפֿעלט זיי ניט מײַן באַקאָשע, זיי ווילן אַוועקגיין. ס'איז מיר שרעקלעך צו בלײַבן אײנער־אַליין. איך הייב אויף דעם קאָפּ, טאַפּ זיי אָן בײַ די רעקלעך, בײַ די קליידער, פּרוּוו זיך פֿאַרהאַלטן זיי און הער מאַריע גריגאָריעוונעס אומרויִק קאָל:

— וואָס טוסטו עס, צעדרייטער, ליג, קאָנסט נאָך צעשאָטן ווערן.

כ'טאַפּ ארום מײַנע הענט און פּיס. זיי געפֿינען זיך אין הילצערנע שטעקנס. איך זע ביגטן מיט שוואַרצע פֿלעקן און הייב אָן פֿאַרשטיין, ווו כ'בין עס פֿאַרפֿאַלן געווען אַזויפֿיל צײַט.

...ס'איז געווען שוין לאַנג, זייער לאַנג. געווען באַנאַכט. די דאָמנעס האָבן געהודעט. איך בין געשטאַנען מיט מײַן לאָקאָמאָטיוו אונטער די קאָוושן. ס'האָט זיך אין זיי מיט צוויי שטראָמען געגאָסן טשוהון, באַגאָסן דעם ווײַטן אוראַלער הימל מיט סריפּע. איך האָב געקוקט אַף די ברענענדיקע וואָלקנס און האָב געטראַכט, אַז דאָס גאַנצע לאַנד, די גאַנצע וועלט דאַרף זען דעם פֿלאַם פֿון אונדזער טשוהון־שמעלץ.

הייסע אַרבעט געווען די דאָזיקע נאַכט. יעדער סעקונדע איז טײַער. דעם טשוהון־צוג פֿלעגט מען פֿירן צו דער פֿאַנאַנדערגיס־מאַשין פֿאַר אַכט מינוט. אַלע זעקס מאַשינעס האָבן געאַרבעט, אַזוי ווי אַ זייגער.

אין די קאָוושן זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן די לעצטע טונקל־רויטע טראָפּנס פֿונעם טשוהון. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צוגעטשעפּעט צום צוג, און איך בין אוועקגעפֿאָרן, געהאָפֿט, ביזן אומבײַט נאָך אײן מאָל זײַן אַף דער דאָמנע.

שוין נאָענט געווען דער באַגינען. פֿון דער אָזערע איז אָנגעקראָכן אַ נעפּל און ווי מיט וואַטע באַדעקט דעם באַנוועג. לויט די טעכנישע קלאָלים האָב איך געדאַרפֿט פֿאָרן אין אַזאַ וועטער מיט טשערעפּאַכע־שפּאַן. איך ווייס עס, אָבער מעג איך דען פֿאַרברעכעריש אויסברענגען די טײַערע שאָען? די דאָמנעס פֿאָדערן שנעלקייט, זיי וואַרטן אַף די קאָוושן.

יעדער מעטער ווען איז חורב מיר אויסגעפּרשט. איך בין געפֿאָרן ניט פֿאַרלאַנגזאַמענדיק דעם גאַנג, אָן אופֿהער פֿאַנאַנדער־רײַסנדיק דעם נעפּל מיט הויכע סיגנאַלן. פּלוצעם דערפֿיל איך, אַז דער לאָקאָמאָטיוו האָט אויסער מײַן ווילן אָנגעהויבן שנעלער גיין, און גענומען פֿרײַער סאָפּען מיטן אַטמאָספֿער־קוימען.

אַן אָפּנייג? גיין, ס'קאָן ניט זײַן, ס'איז דאָ אַ קרומע ליניע און אַן אופֿשטײַג. דער צוג [illegible] זיך איבערגעריסן? יאָ, פֿאַרשטייט זיך, איבערגעריסן זיך. [illegible] זיך אָנגעשטויסן, נאָר ס'איז שוין געווען שפּעט.

אַפֿן צוג האָבן זיך אַרופֿגעוואַלגערט די בערג מיט אײַזן־הילבעניש און קנאַקעניש. דער טענדער האָט זיך פֿאַנאַנדערגעיאָגט ווי אַ קויל, און דער לאָקאָמאָטיוו האָט ווי אַ שטיין גענומען פֿליִען פֿונעם אָפּנייג, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן.

ס'האָט מיך אַ שלײַדער געטאָן אַפֿן דיל, פֿאַרשאָטן מיט קוילן, מיט שטיקער צעקלאַפּטע לאַמטערנס. אין קאָפּ, לעבן שטערן דלובעט, דאַכט זיך, עמעצער מיט אַ שטיק אײַזן. איך זוך דעם טאָרמאָז און קאָן בעשום־אופֿן ניט געפֿינען אין דער פֿינצטער דאָס אָפּגעשלײַפֿטע הענטל. איך שרײַ צום געהילף, צו באָריסאָוון:

— אַנדריושע, פּאָמפּע אָן וואַסער, שפּרינג אַראָפּ!

פֿון פֿאָרנט די פֿאַנאַנדערגעריסענע מאַשינעס. ווײַטער גייען ניט די וועגן. אָט באַלד וועלן מיר אַראָפּקנאַקן די קאָווש פֿון אונטערן אָנגוס, מירן צעברעכן דעם גאָפּל פֿונעם הייב־קראַן, מירן צעבייגן די קאַלאָנעס, די פֿערמעס, מירן אָפּ אַ סאַך טעג אָפּשטעלן די פֿאַנאַנדערגיס־מאַשינעס.

באָריסאָוו שווײַגט. איך דראַפּע מיט די נעגל דאָס אײַזן, טשעפּע זיך באַ די נעט, באַם קאַרניז — דער טאָרמאָז איז נישטאָ. פֿון אונטער די נעגל טריפֿט עפּעס וואַרעמס און קלעפּיקס. אָט בריט כאָפּקאָלסאָפּ דער טאָרמאָז־קופּער די דלאָניע. איך מאַך די לעצטע אָנשטרענגונג און פֿאַרטאָרמאָזיר.

אָבער וויִאַזוי איז עס געשען? אין מײַן צוג איז די אווטאָמאַטישע צונויפֿקייטלונג די זיכערסטע אַפֿ דער וועלט.

און אַצינד, דערמאָנענדיק זיך, פֿרעג איך באַ די קעפּ, וואָס זײַנען אָנגעבויגן איבער מיר: — און וויִאַזוי איז עס געשען?

אַנדריושע באָריסאָוו האָט אופֿגעהערט צו שמייכלען, כמורנע געוואָרן און אַ זאָג געטאָן:

— ריבא האָט אינמיטנ גאנג אָפגעקייטלט, ס'זאָל א קאטאסטראָפע...

— ריבא?.. רי־ריבא?

סאניע, ווער גיכער געזונט. מישפעטנ וועט מענ אים. מע וואַרט אַפ דיר, דו ביסט דער הויפט־איידעס.

אָ, בינ איכ, הייסט עס, ניט שולדיק אינ דער קאטאסטראָפע...

— וו־זשע איז באָריע? אפ דער ארבעט? ער האָט אלצ קײַנ צײַט ניט, יאָ?

ס'לאָזנ זיכ אראָפ די קעפ. די אויג[illegible]נ אינ א זײַט. שאַ שטיל...

מאריע גריגאָריעוונע האָט זיכ גענומענ דרייענ, פארשטאָפט מיר דאָס מויל מיט א רויטנ עפל, ווי א קליינ קינד.

...אינגאנצנ צעשיידט האָב איכ זיכ מיטנ שפיטאָל־בעט אינ א צוויי וואָכנ ארומ. די ביינ־בראָכנ זײַנענ זיכ צונויפגעוואָקסנ, ס'האָבנ זיכ פארצויגנ די וווּנדנ. כ'האָב זיכ אָפגעזאָגט פונ א באַגלייטער, האָב זיכ געלאָזט צופוס אהיימ. ס'האָט זיכ געוואָלט פארכידעשנ אונ דערפרייענ באָריסנ.

כ'האָב געטראכט, ווי כ'וועל ארײַנגיינ אינ צימער ארײַנ אונ מירנ זיכ שטארק, שטארק, ביז ביינער־טרישטשעניש ארומנעמענ, אונ דער־נאָכ וועלנ מיר זיכ אוועקזעצנ אפנ בעט אונ זיכ דערמאָנענ די טעג, דאָס ווײַסע הויז, די לייבנ מיט די גריוועס אונ אונדזער גרויסע פרײַנטשאפט.

מיט פארדראָס האָב איכ זיכ אָפגעשטעלט לעמ דער פארמאכטער טיר, „ער קאָנ זיכ ווידער ניט צעשיידנ מיטנ לאָקאָמאָטיוו". כ'האָב א פרעג געגעבנ בא די שכנימ, צי איז באָריס שוינ לאנג געוועזנ אינ דער היימ? איז ארויסגעגאנגענ א הארינקע פרוי מיט וואסערדיקע אויגנ, האָט פארכידעשט א קוק געטאָנ אפ מיר אונ א שעפטשע גע־טאָנ, אומקוקנדיק זיכ:

— נישטאָ, שוינ לאנג נישטאָ, מע האָט אים אוועקגעטראָגנ.

איכ ליג לאנג, צייל ניט די שאָענ. אינ דער אראָפ־פארנדיקער דעמערונג זע איכ די הוילע ריפנ פונעמ בעט. אפנ הענגער — באָריס רעקל מיטנ גלאנצנדיקנ שווארצנ פוטער, וואָס האָט אזוי געפאסט צו זײַנע האָר. ס'איז דושנע, איכ קאָנ ניט בלײַבנ אינ אָטדעמ צימער, וווּ אלצ אָטעמט נאָכ מיט אים. איכ גיי צומ טײַכ, בלאָנקע אפנ הויכנ ברעג אונ הער דעמ באקאנטנ סיגנאל פונ זײַנ לאָקאָמאָטיוו. כ'גיי לויטנ רופ.

איכ ריכט זיכ טרעפנ דעמ לאָקאָמאָטיוו א שמוציקנ, א פארלאָ־

זענעמ. ניין, ער איז פונקט אזא, ווי געווענ בא באריסנ: ס'גלאנצט דער קעסל, ס'ברענענ די בלישטשענדיקע טיילנ. איכ קאנ מער ניט, איכ גיי גיכער צו מענטשנ, קעדיי באפרײַענ זיכ פונעמ איבל אונ פונ דער כריפעניש אינ האלדז.

איכ באגעגנ באגאטיריאָוונ. מ'האט אימ ערשט ניט לאנג אויסגעקליבנ פארנ סעקרעטאר פונעמ פארטיי-קעמערל.

באגאטיריאָוו שמייכלט [redacted]ק, פירט מיכ צו א הויכנ פלאקאט אפ דער דעפא-וואנט[redacted] לייענ גרויסע אויסיעס.

הײַנט, דעמ 8-טנ אווגוסט,
גיט מענ איבער אינ פארטיי
דעמ מאשיניסט פונעמ לאָקאָמאָטיוו נומ. 100,
אלעקסאנדער גאָלאָד.

...אפ דער פארזאמלונג איז געקומענ די גאנצע בריגאדע זײַנע אונ אלע באלעבאטימ פונ די זעקס אויסלענדישע לאָקאָמאָטיוונ.

באגאטיריאָוו שטייט הינטערנ לאנגנ טיש, קוקט אריבער די ברילנ אפ דער פארזאמלונג, גיט אלעמאָל א טרייסל מיט מײַנ מעלדונג אונ רעדט:

— אט, כאווײַרימ, מיר נעמענ אופ אינ די לענינשע רייענ דעמ מאשיניסט גאָלאָד, נאָר אינ זײַנ ביאָגראפיע שטייט, אז פארנומענ האט ער זיכ מיט גנייווע, געשמעקט קאָקאַינ, איז וואס-זשע דארפנ מיר טאָנ?

לאנג שווײַגט די פארזאמלונג, קוקט אראפ צו די פיס.

דורכנ אָפענעמ פענצטער רײַסנ זיכ ארײַנ לאָקאָמאָטיוונ-געשרייענ. דער ווינט קלאפט מיטנ עק פלאקאט, ס'פאכעט דער פלאקאט מיט אנ אונטערגעשלאָגענעמ פליגל. די מענשנ פרייענ זיכ, וואס זיי האבנ געפאקט עפעס אזוינס, וווהינ מע קאנ אפווענדנ דעמ צעטומלטנ בליק.

האט זיכ אנטשלאָפנ אופגעהויבנ דער מאשיניסט הארקושע. ער איז צוגעגאנגענ צומ טיש, האט שטײַפ פארשפיליעט דאס פארמרעקל, אקוראט אוועקגעלייגט דאס היטל אפנ ברעג באנק, האט א גלעט געטאנ די זילבערנע האר אונ אנגעהויבנ ניט געײַלט:

— איכ פיר אנ פופצנ יאר מיט א סאָוועטישנ לאָקאָמאָטיוו, אונ אפ דער מאשינ בינ איכ ארומ אונ ארומ פערציק יאר, נאָכ מיט א סמיטשיק. קיימאט דרײַסיק יאר האב איכ, כאווײַרימ, אויכ מיט גנײַ-

ווע זיך פֿאַרנומען. אין דעפּאָ א קופּערן קרענטעלע, א רינגעלע — אַלץ פֿלעג איך נעמען, און אין מאַרק אַרײַן. פֿונעם לאָקאָמאָטיוו פֿלעג איך אויך קוילן און האָלץ שלעפּן, סײַ פֿאַר זיך אָפּ הייצונג סײַ פֿאַר פרעמ־דע מענטשן פֿאַר געלט. און זיך גאָרניט געשעמט. פֿאַרוואָס־זשע. אַ? דערפֿאַר, טײַערע מײַנע, וואָס כ׳בין הונגעריק געווען, קינדערלעך א סאַך בא מיר, און די אײַזנבאַן־פֿאַרוואַלטונג פֿלעגט גראָשנס צאָלן און נאָך פֿאַר דער קאַזיאָנע קוואַרטיר, [illegible] וואַסער, פֿאַר באַלײַכטונג אַראָפּרעכענען. אַגו, זאָגט, ווער פֿון אײַ[illegible] זײַן אַזוי חדײַסט אָפּ צו מישפּעטן מיך פֿאַר דער אַמאָליקער גנייווע? נישטאָ? און פֿאַר־וואָס גאַנווע איך איצטער ניט, נו, דאָס איז־קלאָר אַפילע א שול־קינד. זיך אַליין באַראַבעוועט מען ניט. סאַניע, זאָג זיי, גיב זיי צו פֿאַר־שטיין, אָט אַזוי, ווי איך.

האַרקושעס אָרט פֿאַרנעמט מײַן אומבײַטער, דער מאַשיניסט פּיאָדאָראָוו.

— כאָטש איך בין אַן אומפּאַרטייִשער, נאָר זאָגן וועל איך, אַז איך קען סאַנקען מער ווי א יאָר, און וועל צוגעבן, אַז ס׳קומט אוים מעקאַנע זײַן די זשעדנעקײַט זײַנע צו דער לאָקאָמאָטיוו־אַרבעט. די מאַשין איז בא אים טײַערער פֿונעם אייגן אויג. אונדזער בריגאַדע־פֿאַרזאַמלונג האָט אין פּראָטאָקאָל פֿאַרשריבן, אַז דער גאַנצער קאָלעק־טיוו איז צָרעוו דער פּאַרטיי פֿאַר סאַנקען.

אַנדריושע באָריסאָוו דערציילט אופגערודערט דער פֿאַרזאַמלונג:

— געווען בין איך, כאַווײרים, א פֿאַרגרעבטער ערדגרעבער, און אַצינד גרייט איך זיך אָפּגעבן עקזאַמען אָפּ מאַשיניסט. דאָס האָט ער, סאַנקע, מיך אויסגעלערנט.

דער מאַשיניסט האַרקושע האָט, ניט צודעקנדיק דעם גראָען קאָפּ, איבערגעשלאָגן באָריסאָוון, אויסשטרעקנדיק די הענט:

— דער גאַנצער אוילעם אונדזערער שיקט דיך, סאַנקע, אין קע־מערל אַרײַן, שפּאַן!

און ס׳גייען נאָך צו צום טיש דער סעקרעטאַר פֿון קאָמיונ־קאָ־מיטעט, דער דעפּאָ־נאַטשאַלניק, דער מאַשיניסט, די געהילפֿן. סאָפּ־קאָלסאָפּ שלאָגט באָגאַטיריאָוו אַלעמען איבער:

— כאַווײרים, מיר האָבן געשיקט אַן אָנפֿראַגע אין דער קאָמונע, ווו סאַנקע האָט זיך דערצויגן. מע האָט צוגעשיקט אַן ענטפֿער. איבערלייענען?

די פֿאַרזאַמלונג איז שא־שטיל געוואָרן. איך זע, אַז יעדער איינער

האָט א טראַכט געטאָן: „און וואָס שרייַבט מען עס? צי האָבן מיר קיין טאָעס ניט, לויבנדיק אים?" דערנאָך דערהערט זיך עמעצנס אייליק קאָל:

— לייענ!

באַגאַטיריאָוו האָט אראָפּגערוקט די ברילן אפן שפּיץ נאָז און אָנגעהויבן לייענען דעם בריוו פון דער טייַגע:

... סאַנקע איז אויסגעוואַקסן באַ אונדז, און מיר דייַנן מיט שטאָלץ וועגן אונדזער קאָמונאַר. אין [illegible]טן ווינקל האָבן מיר אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג פון די פאָטאָגראַפיעס, וואָס מיר האָבן אויסגעשניטן פון די צענטראַלע צייַטונגען און זשורנאַלן, וועלכע האָבן געשריבן וועגן דעם העלד פון מאַגניטאָגאָרסק. יאלע עקסקורסיעס האָבן מיר דערציילט, אז סאַנקע האָבן מיר דערצויגן. אונדזער קאָמונע האָט א קעמערל, 3 מיטגלידער און קאַנדידאַטן פון פּאַרטיי, מיר גיבן צו דערבייַ די נומערן פון די בילעטן מיט אונדזער אָרוועס פאַר סאַנקען. ס'איז אָרעוו אויך אונדזער אָנפירער, וואָס איז באַלוינט מיטן אָרדן פון דער רויטער פאָן, דער כ' קוסקאָ, א מיטגליד פון פּאַרטיי פון 1904־טן יאָר".

באַגאַטיריאָוו האָט ניט געוווּסט וווהין אהינטאָן די ברילן זייַנע. ער האָט זיי געדרייט אפּ די פינגער, אָנגעטשעפּעט זיי הינטער די אויערן, האָט געבלאָזן אפּ די גלעזלעך.

עמעצער האָט ניט אויסגעהאַלטן, האָט א געשריי געטאָן:

— שטיִם אָפּ!

☆

... יעדער ארויסגאַנג־טאָג באַקומען מיר מיט לענען אין פּראָפּקאָם אַן אייגנטאָגיקע „פּוטיאָווקע" אין דער סאַנאַטאָריע, וואָס איז אויסבאַהאַלטן צווישן די בערג אפן ברעג פון דער הייסער אָזערע, אין סאָסנע־וואַלד.

מיר שפּאַנען מיט איר דורכן סטעפּ, און דער טוי קושט מיט קאַלטע טרערן אונדזערע ליפּן, וואָס זייַנען שווער פון צערטלעניש.

לענע נעמט ארום מייַן קאָפּ און דורכן דינעם קאָפּטעלע פיל איך א הייס לייַב — אַן אָנגעוואַרעמטן שטיק קופּער.

— פריינט דו מייַנער, דאָס לעבן איז וווּיל!

— כ'האָב דיך ליב, לענע.

דעם געבורט פון דער זון באַגעגענען מיר אפּ אונדזער פעלדז. דאָ

לערנט מיך לענע אראָפּפליען, ווי א פויגל, אין דער אָזערע אריין, וואָס אין לעצטן כלויען נעפּל.

— דריק שטארק צונויף אלע מוסקולן, מאך דאָס לייב הארט, אזוי ווי א שטיין, און דאן פלי. נו...

לויט לענעס קאָמאנדע פלי איך אראָפּ. איך זע דורכן וואסער, וואָס פליט אַפּ מיר, שטיקלעך הימל און בערג, וואָס יאָגן איבער מיין שפרונג, און לעם סאמע ברעג אנדרושקע באָריסאָוון און דעם פעטער מישע. זייערע הענט זיינען פול מיט זילבערנעם קאָרעסנ-פּלאַטער.

איך האָב פאנאנדערגעריסן דאָס וואסער, און די אָזערע האָט צע-פּראלט איר טיף, דורכלאָזנדיק מיך. פונעם פעלדז פּאָכעט לענע מיט א טיכעלע. די פישער האָבן געוואָרפן די וועגטקעס און שרייען עפּעס.

זיי פרייען זיך, געוויס, צוזאמען מיט לענען איבער דעם געלונ-גענעם פלי.

דורך א שטעגעלע הייב איך זיך אויף אפן פעלדז. לענע כאַפּט מיט די ליפּן די קאלטע טראָפּנס, טרינקט מיט די ווארעמענדיקע פינגער די מוסקולן און שעפּטשעט, באהאלט ניט אויס דעם גלאנץ פון די אויגן.

— סאשע!

אפדערנאכט זיינען מיר נאָך צווישן די בערג. מע זעט שוין, ווי אונטן ברענט, אזוי ווי אויסגעשטערנטער הימל, דער מאגניטאָגאָרס-קער טאָל. דער פלאם פון די דאָמנע-שמעלצונגען האָט צוגעדעקט די פינצטערע וואָלקנדלעך און זעט אויס, ווי א זון-אופגאנג. מיר זעצן זיך פּאָרזיכטיק אוועק אפ די שטיינער.

מיר קערן זיך אום אין סאנאטאָריע אריין דורכן ברעג, וו ס'איז ענג פון אוילעם. געזעגענענדיק זיך ליגט לענע ארופ אירע בייגעוודי-קע הענט אפ מיינע האָר און שעפּטשעט מיט פארמאַכטע אויגן:

— סאשע, איך טאָר, געוויס, ניט הייבן זיך אפ קיין פעלדזן. איך פארשטיי נאָך ניט.

זי פארמאכט מיר דעם אויער מיט די הייסע ליפּן:

— טייערער, דו האָפסט אים ליב האָבן נאָך שטארקער ווי מיך... — און איז אנטלאָפן דורך די מארמאָרנע טרעפּ צו די פרויען-צימערן פון דער סאנאטאָריע.

און איך יאָג צו דער מאנצבלען-אָפּטיילונג, טאנץ אום איבערג

צימער, נעמ ארומ די ווענט, דאָס בעט, דעמ שפיגל. איכ בעט די ראדיאָ אנשווייגנ ווערנ אונ אויסהערנ מײַנ פרייד.

דערנאָכ לויפ איכ איבער דער סאנאטאָריע, וואָס שלאָפט שוינ, אונ געפינ גארבוזנ אונ פאק אימ בא א פעלער, וואָס ער האָט געמאכט אמאָל מיט א סאכ יאָרנ צוריק.

— איכ געדענק, ווי איינמאָל האָסטו געטרונקענ בראנפנ מיט מײַנ פאָטער אונ האָסט געזאָגט, אז אינגיכנ וועל איכ די פיס אויס־ציִענ, וועט זיכ מיט מיר אויסלאָזנ דער גאָלאָד־שטאמ. געדענקסט? אונ איצט...

דער אינזשעניער שלאָגט מיכ איבער. ער נעמט מײַנע הענט אונ רעדט מיט געלעכטער:

— נו, עמעס, געווענ אזוינס, אָבער גיי שלאָפנ, גיי.

— א מאָדנער מענטש ביסטו, גארבוז, דו האָסט אָט איצט אויכ א טאָעס געהאט: מיינסט אוואדע אז איכ בינ שיקער.

מאגניטאָגאָרסק

1932—1933.

# אינהאלט

זײַט

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל